# DOS EYBIGE FOLK



Yisrael Iser Katsovitsh





# דאָס אייביגע פאָלק

יום טוב שטימונגען און געדאנקען
וועגען אידען און אידענטום

פון

ישראל איסר קאצאָוויטש
פארפאסער פון „60 יאָר לעבען״.



ניו יאָרק, 1925

אַ ירושה פאַר מיינע אייניקלאך
צום אָנדיינקען פון מיין
גוט און קלוג אייניקעל
רבקה קאמפעין, ע"ה.

פון אייער זיידען
ישראל איסר קאַצאָוויטש

# אינהאַלט:



## שבועות

## ימים נוראים

## סוכות



## חנוכה



## פורים און אנדערע טעג פון אָנדיינקען

## דער אייביגער וואַנדערער אין אַלע לענדער

## ש ל ו ם

# איינלייטונג

**שטימונגען און געדאַנקען. — די גרויסע לאַבירינטען. — די אידישע לײדען. — איהר זייט פרעמד פון אידענטום. — די בעסערע יוגענד האָט דערפיהלט. — מיין האָפענונג.**

זעהר ווייניג מענשען ווייסען וויפיל מען דארף וויסען, אום צו וויסען ווי ווייניג מיר ווייסען.

---

א לעזער, וואָס האָט ניט קיין גערולד איבערצוטראַכטען וועגען וואָס ער לעזט, דארף ניט לעזען.

(אפאָריזמען, די יודישע וועלט, 1902)

1. **שטימונגען און געדאַנקען.** — שטימונגען זיינען דער אויסדרוק פון אונזער גייסטיגען צושטאנד. יעדע פּאַסירונג אין אונזער פּערזענליכען לעבען, אָדער אין אַלגעמיינע וועלטליכע ערשיינונג, רופען אין אונז אַרויס פאַרשיידענע שטימונגען. אייניגע רופען אַרויס אַ גוטע שטימונג: מיר ווערען פרעהליך, פריינדליך און אויפגעלעגט; און אייניגע רופען אַרויס א שלעכטע שטימונג: מיר ווערען אומעטיג, ברוגז'דיג און נידערגעשלאָגען. און עס טרעפט, אז דיזעלבע פּאַסירונג רופט אַרויס פאַרשיידענע שטימונגען ביי פאַרשיידענע מענשען, ווייל די שטימונגען שפּיגלען אָפּ דעם צושטאנד פון דעם מענשען'ס גייסטיגער אנטוויקלונג; און די גייסטיגע אנטוויקלונג איז דאָך ניט ביי אַלעמען גלייך.

ביי דעם אידען אין אַלגעמיין דריקען זיך אויס זעהר שטאַרק זיינע שטימונגען, ווייל דער איד איז זעהר א פילענדער. אַלעס דרינגט אריין טיף אין זיין נשמה. און אונזערע ימים טובים האָבען דעם אידען אמשטאַרקסטען באַגייסטערט און געהויבען זיין שטימונג, ווייל יעדער יום טוב האָט זיינע טיפע וואָרצלען אין דעם שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק, און איז פאַרבונדען מיט שעהנע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע סימבאָלען און צערעמאָניעס, וועלכע האָבען א שטאַרקע באַדייטונג אין אונזער לעבען.

מאָנומענטען שפּילען אַ וויכטיגע ראָליע ביי אַלע פעלקער. די פעלקער מאַכען מאָנומענטען געגאָסען פון מעטאַל, אָדער אויסגעהאַקט פון שטיין. א קינד פון פאָלק, ווען עס קוקט אויף די מאָנומענטען, ערוועקט זיך אין איהם זיין נאַציאָנאַלער שטאָלץ, זיין

זעלבסט־אכטונג, און די נאטירליכע ליבע צו אלעס, וואָס איז זיינ׳ס. ווען עס קומט אָבער א פיינט, און באזיגט דאָס לאנד, צוברעכט ער די מאָנומענטען, אָדער ער פארטרייבט דאָס פאָלק אין אן אנדער לאנד, וואו ער וועט מעהר ניט קאָנען זעהן זיינע מאָנומענטען.

אייגענארטיג און זאָנדערבאר איז די גאנצע געשיכטע פון דעם אידען; און זיינע פאָלקס מאָנומענטען זיינען אויך פארשיידען פון אלע אנדערע. ניט פון מעטאל און שטיינער האָט דער איד זיינע מאָנומענטען געמאכט; און דאָך האָט דער פיינט ניט גע־קאָנט פארניכטען זיי; און וואוהין דער איד איז פארטריבען גע־וואָרען, האָט ער אומעטום געבראכט זיינע מאָנומענטען. פסח — מצה, מרור מיט חרוסת, סוכות אן אתרוג מיט א לולב, חנוכה עטליכע קליינע ליכטעלאך זיינען אונזערע מאָנומענטען; און ווי איינפלוסרייך זיי זיינען געווען. זיי האָבען ארויסגערופען די שעהנסטע שטימונגען פון רעליגיעזען עקסטאז, וועלכער האָט איינ־געפלאנצט אין הארצען גלויבען און האָפענונג, און זיי האָבען גע־וועקט געפיהלען פון ליבע און טיפער אכטונג צום אידישען פאָלק און צום אידענטום. די יום טוב׳דיגע שטימונגען זיינען געווען אן אמת׳ע גייסטיגע אָפּפרישונג פאר דעם גאנצען אידישען פאָלק.

און מיר ווייסען, אז שטימונגען און געדאנקען האָבען א צו־זאמענבונד; זיי ווירקען איינע אויף די אנדערע; און אונזערע יום טוב שטימונגען קאָנען ארויסרופען די שעהנסטע געדאנקען, אויב מיר פארשטעהען די ריכטיגע באדייטונג פון די ימים טובים. און איך וויל דאָ, קינדערלאך, אייך אויפמערקזאם מאכען, אז אריגינעלע געדאנקען זיינען זעלטען. אין אלגעמיין באנוצען מיר זיך מיט פרעמדע געדאנקען. אפילו די גוטע שרייבער און רעדנער קומען צו אונז אויך אממייסטען מיט פרעמדע געדאנקען. מיר דארפען אָבער וויסען, אז אפילו פרעמדע געדאנקען איבערצודענקען פאָ־דערט זיך אויך א גייסטיגע און אינטעלעקטועלע אנטוויקלונג. דער אמעריקאנער שריפטשטעלער ר. וו. עמערסאָן פרעגט: „וואָס איז די שווערסטע אויפגאבע אין דער וועלט?” און ער ענטפערט: „טראכטען”*), דאָס הייסט, אז טראכטען ווי געהעריג איז א שווע־רע אויפגאבע. מען מוז אנטוויקלען אין זיך די פעהיגקייט צו רע־גולירען און קאָנטראָלירען די געדאנקען, אז זיי זאָלען ניט ארומ־

*) R. W. Emerson, Wordly Wisdom, p. 91.

שפרינגען פון איין געגענשטאנד אויף א צווייטען אָהן א לאָגישען צוזאמענבונד. ווען מיר טראכטען וועגען א זאך, דארפען מיר קאָ־נען אנאליזירען די זאך, א גאנצע זאך צוגלידערען אויף אלע איהרע טיילען, און פארקערט נעמען די איינצעלהייטען און צונויפגיסען זיי אין איין אינהאלט. מיר דארפען קאָנען פארטיפען זיך אין דעם גע־דאנק, ארייגדרינגען און אויסגעפינען די אינערליכע מיינונג. הלל צייטלין זאָגט: „יעדער וועלט־געדאנק האָט זיין קערפער און זיין גייסט. די ברייטע מאסען זעהען נאָר דעם קערפער, און די טיפערע זעהען די נשמה.*)

דער אינטעליגענטער מענש, ווען ער לעזט, אָדער ער הערט א גוטען געדאנק, דענקט ער איבער; און, אויב דער געדאנק אפעלירט שטארק צו זיין פארשטאנד, און צו זיינע געפיהלען, ווערט עס איינ־געזאפט טיף אין זיין נשמה; און מיט דער צייט קאָן זיך איהם אויסווייזען, אז דאָס איז זיין אייגענער געדאנק. די געדאנקען, וואָס איהר וועט געפינען אין דיזען בוך, זיינען געוויס אממייסטען ניט מיינע; און וואו איך וועל געדענקען, וועל איך דערמאנען דעם קוואל פון וואנען איך האָב גענומען.

2. די גרויסע לאבירינטען. — געוויס האָט איהר געלעזען וועגען דעם עגיפּטישען בארימטען לאבירינט, וועלכער איז געבויט געוואָרען מיט 4000 יאָהר צוריק. און האָט אין זיך פיל רייכטום און קונסט פון געטער־בילדער און שטאַטוען; ער האָט 3000 צימערען מיט פילע קאָרידאָרען, טרעפּ און זאַלען, און אונטער־איר־דישע וועגען, וועלכע פירען צו די קאטיקאמבען, וואו עס ליגען פאר־באלזאמירטע קערפער פון די קעניגע, פון גייסטליכע און פון היי־ליגע קראָקאָדילען; און, ווען איינער קומט אריין אהין, קאָן ער פאראירט ווערען און פארלירען דעם וועג. דאָס איז ווירקליך א גרויסער דענקמאל פון דער פארגאנגענהייט; לאבירינטען האָבען אויך אנדערע פעלקער געבויט.

דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אויך אויסגעבויט א לאבירינט; אָבער דאָס איז גאָר אן אנדער מין לאבירינט, אן אייגענארטיגער.

מיט דריי טויזענט דריי הונדערט יאָהר צוריק האָט משה אוועקגעלעגט דעם שטארקען פונדאמענט, אויף וועלכען עס האָט זיך אָנגעפאנגען צו בויען א גראנדיעזער בנין; און אין אלע צייטען האָבען זיך ביי אונז געפונען קינסטלער ארכיטעקטען, וועלכע

*) הלל צייטלין, שריפטען, זייט 126.

האָבען פארגרעסערט, פארפעסטיגט און פארשענערט דעם בנין, ביז דאָס איז געוואָרען א וואונדערבארער, פראכטפולער לאבירינט, דאָס איז אונזער ליטעראטור וועגען אידען און אידענטום. אונזער לאַבירינט האָט אויך פילע צימערען, מיט פארשיידענע אריינגאנגען און דורכגאנגען; אָבער די אלע וועגען פירען ניט צו אונטערירדישע קאטעקאמבען מיט פארבאלזאמירטע טויטע קערפער, נאָר זיי פירען צו שענערע, העכערע וועלטען, צו הימעלדיגע ספערען, וואו עס קלינגען די ווערטער פון אונזערע אונשטערבליכע גייסטיגע פיהרער. אונזער לאבירינט איז ניט נאָר א דענקמאָל פון דער פארגאנגענהייט, נאָר דאָס איז א פראכטפולער בנין פאר דער צוקונפט.

ווען איך בין נאָך א קינד געווען האָט מען פאר מיר צועפענט דעם אריינגאנג פון אונזער לאבירינט; און אין גאנצען מיין לעבען, אונטער אלע אומשטענדען, האָב איך אימער גענומען זיך צייט אריינצודרינגען אלץ ווייטער און ווייטער, צו באקענען זיך מיט יעדען ווינקעלע, מיט יעדען אריינגאנג און דורכגאנג; און וואָס ווייטער, האָב איך אלץ מעהר באגריפען דעם פראכט און גלאנץ, וואָס דאָרט געפינט זיך; און איך האָב זיך איבערצייגט, אז מען דארף האָבען פיעל צייט און געדולד דורכצוגעהן אָט דעם גרויסען לאבירינט, און צו באקענען זיך מיט אלץ, וואָס דאָרט געפינט זיך; און, ווייסענדיג, אז איהר, קינדערלאך, לעבט אין א צייט, ווען מען האָט קיינמאָל ניט קיין צייט; אז אין גאנצען אייער ענערגיע און פעהיגקייט דארפט איהר אָנשטרענגען און אָפּפערען אין דעם קאמף פאר אייער עקזיסטענץ; און איהר האָט ניט די געלעגענהייט אָפּצוגעבען זיך מיט אזעלכע אויפגאבען ווי שטודירען אונזער לאָבירינט; דעריבער האָב איך באשלאָסען אָנצושרייבען אָט דעם בוך, צו געבען אייך אינקורצען א באשרייבונג פון אלץ, וואָס איך האָב אויסגעפונען. איך וויל אייך דאָ געבען דעם אינהאלט פון תנ"ך, פון תלמוד און פון אונזער שפּעטיגערער גייסטיגער אנטוויקלונג; אויף וויפיעל עס איז מעגליך וועל איך אייך ערקלערען די מיינונג פון רעליגיאָן אין אלגעמיין, און וואָס עס מיינט אידענטום. אויך וועל איך אייך געבען אן איבערבליק וועגען אנדערע רעליגיאָנען און וועגען די קולטורען פון אנדערע פעלקער, אום איהר זאָלט קאָנען פארגלייכען און ריכטיג אָפּשאצען. איך וועל אייך געבען אין קורצען די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק: פון זיין לעבען, פון זיין שאפען און וועגען זיין בייטראג צו דער וועלט.

3. די אידישע לײדען. — צו שרייבען פאר אייך דעם בוך האבען מיך באוועגט צוויי געפיהלען. געווים האט א גרויסע ראלע געשפּילט דער נאציאנאלער געפיהל, וואס מיר האט זיך געוואלט, אז מיינע אייניקלאך זאלען וויסען ווער זיי זיינען, און זיי זאלען וויסען ווי אזוי צו שעצען אונזערע פאלקס אוצרות; דאס איז אבער ניט די איינציגע אורזאך. א וויכטיגע ראלע האט דא אויך געשפּילט אן אלגעמיינער מענשליכער געפיהל, א געפיהל פון רחמנות, ווייל איך וויים, קינדערלאך, אז אייך וועט אויסקומען אין לעבען צו ליידען פאר דעם נאמען „איד"; און עס איז זעהר ביטער ווען א מענש ליידעט און טראגט ניט אין זיך קיין אידעאל, פאר וועלכען עס זאל ווערט זיין צו ליידען.

דער איד האט אימער געליטען פון פארפאלגונגען און ערנידערונגען; אבער אונזערע עלטערען האבען דערפון ווייניגער געליטען. ערשטענס, ווייל פון קינדהייט אן האט דער איד געוואוסט, אז ער איז אין גלות, אז ער איז א פרעמדער, און ער מוז ליידען; און, ווען ער האט דערפיהלט די פארפאלגונגען און ערנידערונגען, איז ער ניט ענטוישט געווארען, ער האט זיך אימער געריכט אויף אזעלכע זאכען. צווייטענס, האט דער איד געוואוסט, אז זיינע אידעאלען, וואס ער טראגט אין זיך, זיינען ווערט צו ליידען פאר זיי. דער איד האט געהאט א דייטליכע פארשטעלונג פון זיין פארגאנגענהייט, און א פעסטען גלויבען אין א שעהנער צוקונפט; און דאס האט איהם געגעבען ניט נאר מוט און געדולד צו ליידען, צו לעבען און צו האפען; נאר דאס האט איהם אויך געגעבען א נאבעלען שטאלץ צו רעכענען זיך העכער פון די, וואס ערנידעריגען איהם. היינט אבער איז גאנץ אנדערש.

איהר, קינדערלאך, זייט געבארענע בירגער פון די פאראייניגטע שטאאטען פון אמעריקע, פון דעם געבענטשטען לאנד, וועלכעס האט געזעצען פון פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע מענשען. פון אייער מוטער'ס ארעמס זייט איהר אריינגעפאלען אין די ארעמס פון דער יונגער, שעהנער, און רייכער אמעריקע. איהר זייט געוואקסען, ערצויגען געווארען, געלערענט און אנטוויקעלט זיך אין איהר אטמאספערע; איהר האט אין זיך אריינגעזאפט א טייל פון איהר קולטור, פון איהר וועלט־אנשויאונג און איהר לעבענס ארט. איהר רעכענט זיך אלס אמעריקאנער אין דעם פולען זינען פון דעם ווארט; און פלוצלונג דערמאנט מען אייך, אז איהר זייט אידען;

און דאָס ווערט דערמאָנט אין זעהר אונאנגענעהמע ווענגען. די מענש־הייט קאָן זיך ניט אויסהיילען פון דער שרעקליכער קרענק, וואָס מען רופט „אידען־האַס״. צו שוואך איז נאָך אונזער ציוויליזאציע צו פארניכטען דעם געפעהרליכען מיקראָב, וואָס מען רופט „אנטי־סעמיטיזם״.

און, ווען אייך קומט אויס צו ליידען פון א שלעכטער באהאנד־לונג, נאָר דערפאר וואָס איהר זייט אידען, ווערט איהר ענטוישט, איהר פארלירט זיך, ווייל דאָס איז פאר אייך אונערווארטעט. איהר דערפיהלט זיך אינערליך ערנידעריגט. איהר פאלט ביי זיך אראָפּ, און פאנגט אָן צו בארעכטיגען די פארפאָלגונגען, און צו באשול־דיגען די פארפאָלגטע אָנשטאָט די פארפאָלגער; און דער נאָמען „איד״ ווערט ביי אייך אן אומזיסטע לאַסט, ווייל איהר ווייסט זעהר ווייניג וועגען אידען און אידענטום.

4. איהר זייט פרעמד פון אידענטום. — אין דער אמערי־קאנער שולע לערענט מען ניט קיין רעליגיאָן; דאָך איז די אטמאָ־ספערע פון דער שולע א קריסטליכע. די לעהר־ביכער און די גאנצע ליטעראטור, וואָס איהר פאנגט אָן צו לעזען פון קינדרוייז אָן, איז גענומען פון דער קריסטליכער וועלט. אייערע קינדערשע הערצע־לאך זיינען אָפּט אויפגערעגט געוואָרען פון שעהנע רעליגיעזע קריסטליכע ערצעהלונגען אָדער פּאָעמען. פון דער ליטעראטור האָט איהר זיך באקענט מיט דער קריסטליכער וועלט; און די אידישע וועלט איז פאר אייך געבליבען פרעמד; און, ווען איהר האָט גע־לערענט די וועלט־געשיכטע, האָט איהר דאָרט געפונען וועגען אידען נאָר א קורצע באשרייבונג ביז דער צייט פון חורבן ירושלים. די שפּעטיגערע צוויי טויזענט יעהריגע וואונדערבארע אידישע געשיכ־טע ווערט ניט דערמאנט. איהר לעזט אלע ליטעראטורען, נאָר ניט די אידישע ליטעראטור. איהר ווייסט פון אלע גרויסע שריפט־שטעלער, נאָר ניט פון די אידישע. אייך אינטערעסירט צו וויסען דעם לעבען פון אלע פעלקער, נאָר אינדיפערענט און אונוויסענד בלייבט איהר צו אייער פאָלקס לעבען; און טאָמער געפינט איהר אמאָל א אידישען נאָמען אין דער וועלט־ליטעראטור, איז דאָס איי־נער פון די העסליכסטע טיפּען. איהר זייט געוויס באקאנט מיט שעקספּיר׳ס שיילאָק*), מיט דיקענס׳עס פייגין, מיט טורגענעוו׳ס זשיד, און דאָס גלייכען. אין אלגעמיין, אויב אייך איז אויסגעקומען

*) וועגען שיילאָק זעהט: M. C. Peters, Justice to the Jew, p.p. 183-188.

צו לייענען אין דער וועלטליכער ליטעראטור וועגען אידען און אידענטום, האָט איהר נאָר געפונען באליידיגונגען און פאלשע באשולדיגונגען.

אפילו די ערליכע שרייבער און געלעהרטע פון די פעלקער קאָנען אייך ניט געבען קיין ריכטיגען באגריף וועגען אידען און אידענטום, ווייל דער אינערליכער וועזען פון אונזער געשיכטע און פון אונזער שאפונג בלייבט פאר זיי פרעמד ; זיי פעלט דער טיפער בליק צו פארשטעהן אונזער אייגענארטיגקייט ; זיי פעלט די פסיכישע פארשטענדעניש פון דעם אידענ'ס גייסט און פון זיין נשמה. די אידישע געשיכטע איז פאר זיי צו קאָמפליצירט ; פיל פאקטען און ערשיינונגען אין דעם אידענטום בלייבען פאר זיי אונבאוואוסט.

5. **די בעסערע יוגענד האָט דערפיהלט.** — פיעל פון דער אַמעריקאנער אידישער יוגענד האָבען דערפיהלט, אז זיי פעלט עפּעס. ווען אפילו, אז זיי ליידען ניט פון האָס און באליידיגונגען אַלס אידען, האָבען זיי דאָך דערפיהלט, אז עפּעס איז ניט נאָרמאל ; אז זיי האָבען ניט קיין נאָהענטען געזעלשאפטליכען צוזאמענבונד מיט דער ארומיגער וועלט. זיי האָבען דערפיהלט, אז זייער אמעריקאנער קולטור־לעבען איז אויבערפלעכליך, ניט טיף אריינגעדרונגען אין זייערע נשמות. זיי זיינען נאָר באקאנט מיט די אויסערליכע פאָרמען פון דעם אמעריקאנער לעבען ; אָבער זיי זיינען פרעמד געבליבען צו דעם אינערליכען לעבען פון דעם אמת'ן אמעריקאנער, ווייל דער אמעריקאנער נעהמט ניט אריין דעם אידען אין זיין היים, אָדער אין זיין געזעלשאפט. די קריסטליכע געזעלשאפט וויל ניט אנערקענען אונז פאר גלייכע מיט זיי. מיר קאָנען זיין די פיינסטע מענשען, און דאָך זיינען אלע טירען פארשפארט פאר אונז. דאָרט רעכענט מען אונז פאר א נידעריגערען קלאס מענשען. און אזוי איז אונזער יוגענד געבליבען אָהן דעם אמעריקאנעם פאָלקס־לעבען, און פון זיין אייגענעם אידישען פאָלקס־לעבען איז ער אויך אָפּגעריסען. און אזוי האָבען די בעסערע פון אונזער יוגענד אָנגעפאנגען צו פארשטעהן, אז זיך אליין קאָנען מיר פיליכט אָפּנארען, איינריידען זיך, אז מיר זיינען נאָר מענשען, פארלייקענענדיג דעם נאָמען "איד"; אָבער די וועלט קאָנען מיר ניט איינריידען, פאר איהר בלייבען מיר אידען ; און, אויב מיר זיינען ניט באוואוסטזיניגע אידען, מיט דער פולער נאציאָנאלער זעלבסט־אכטונג, דאן שפּילען מיר אן עקעלהאפטע ראָלע. אונז פעלט דער נאטירליכער גייסט

פון אינערליכער פרייהייט. מיר ווילען אימער נאָכטאָן, וואָס אנ־דערע טוען, אום צו געפעלען ווערען; און געפעלען ווערען קאָנען מיר ניט, ווייל ווער עס קאָן זיך אליין ניט רעספּעקטירען, וועלען אנדערע געוויס ניט רעספּעקטירען. און דעריבער האָט זיך ערוועקט אין אונזער יוגענד א שטארקער פארלאנג צו לעבען א מעהר נאַר־מאלען לעבען. זיי בענקען נאָך א גייסטיגען צוזאמענבונד מיט מענשען, מיט וועלכע זיי זאָלען קאָנען לעבען ווי גייסטיג־פרייע מענשען און ווי אידען. זיי ווילען קומען נעהענטער צום אייגענעם פאָלק, זיי ווילען בעסער פארשטעהן דעם אידענטום, און ווילען זיך צוזאמענגיסען מיט דעם אידישען גייסט.

6. מיין האָפענונג. — איך האָף, אז איהר, מיינע אייניק־לאך, וועט זיין צווישען די, וואָס האָבען ערוואכט, און מיין בוך, וועט אייך פארגרינגערען אריינצוטרעטען אין דער אידישער וועלט. דאָס וועט ערוועקען אין אייך א שטארקען ווילען צו באקענען זיך בעסער מיט די אלע פראגען, וואָס איך האָב אָנגערירט. איהר וועט געוויס וועלען שטודירען דעם תנ"ך, אריינדרינגען אין זיין טיפ־קייט; און איהר וועט דאָרט געפינען די זעלטענע פערל, וועלכע קאָנען באשעהנען די גאנצע וועלט. איהר וועט לערנען אונזער גע־שיכטע, וועלכע איז טראגיש אין די אלטעגליכע איבערלעבונגען, און איז רייך אין גייסטיגען שאפען; איהר וועט דאָרטען געפינען ריזען־פערזענליכקייטען אויף אלע געביטען פון דער מענשליכער שאפונג; איהר וועט זיך איבערצייגען, אז דער איד איז געווען איי־נער פון די וויכטיגסטע בויער פון דער מענשליכער קולטור, אז אין פארגלייך מיט אלע אנדערע פעלקער האָט דער איד געשאפען מעהר פון אלע פעלקער, אז קיין איין נאציאָן האָט ניט געגעבען דער מענש־הייט וויפיל די אידישע נאציאָן האָט געגעבען; און איהר וועט פארשטעהן, אז א פאָלק, וואָס עקזיסטירט מעהר פון דריי טויזענט יאָהר אלס א באזונדער פאָלק, איז בארעכטיגט צו פאָרטזעצען זיין עקזיסטענץ אלס א פאָלק.

איהר וועט געוויס נעמען לעזען אונזער ליטעראטור, וואו איהר וועט זיך באקענען מיט דעם אמת'ן אידישען לעבען, מיט זיינע ליי־דען און פריידען, מיט זיינע שטרעבונגען און האָפענונגען, און דאן וועט איהר באגרייפען די אידישע אונבאגרייפליכע קראפט, וועלכע ליגט אין זיין גייסטיג־קולטורעלער אייגענשאפט, וועלכע איז געווען באפעסטיגט מיט זיין תורה און מיט זיין רעליגיאָן.

אין תהלים איז פאראן א פּאָעטיש־אַלעגאָרישער אויסדרוק: „קול ד׳ חוצב להבות אש״*), — גאָט׳ס שטימע שפּריצט מיט פלאַמען פייער — און איך וועל צוגעבען, אז ווען גאָט האָט אונז די תורה געגעבען, און די געטליכע שטימע האָט גענומען שפּריצען מיט פלאַמען פייער, האָט גענומען רעגענען מיט פונקען; און אין יעדער אידישער הארץ איז דאן ארייננעפאלען א פונק; און אָט דער געטליכער פונק איז איבערגעגאנגען פון די עלטערען צו די קינדער, א דור נאָך א דור; און מיט א וואונדערבארער קראַפט האָט דער פונק באלייכט דעם אידענ׳ס לעבען אין דער גרעסטער פינסטערניש; ער איז געווען דער עמוד האש אין דער ווילדערניש פון אונזער גלות־לעבען, ער האָט באלייכט אונזער וועג, ער האָט געוואָרימט אונזערע הערצער און געלייטערט אונזערע נשמות.

ביי אייך, קינדערלאך, איז געווים ניט אויסגעלאָשען דער אידישער פונק, ער ליגט פארבאָרגען טיף אין אייערע נשמות; און איך וויל מיט דעם בוך צובלאָזען דעם פונק, אז ער זאָל זיך צופלאַמען, און זאָל אייך באלייכטען אייער וועג אין לעבען; און אין אייערע האַרצען זאָל אָנפאנגען צו פליסען א שטראָם פון ענערגיע צו זוכען וועגען פאר אונזער ווייטערדיגער עקזיסטענץ און אונזער נאַציאָנאלער אנטוויקלונג.

אייער זיידע

ישראל איסר קאצאוויטש.

*) תהלים, כט, ז.

## קאַפּיטעל 1

# דער סדר

אַן איינדרוקספולע טראַדיציע. — א סדר ביי מיין טאַטען. — היינט פעלט די באגייסטערונג.

מיט פרייד און ליבע אהן א מאָס
מיט הייסען גלויבען, טיפע טרייהייט
הויב אויף, מיין קינד, דעם ערשטען כוס
פאר אונזער אלטע, זיסע פרייהייט.
(ש. פרוג, ארבע כוסות)

1. **אַן איינדרוקספולע טראַדיציע.** — דער סדר פסח צו נאכט איז איינע פון די שעהנסטע איינדרוקספאָלע טראדיציעס, אַן אויסדרוק פון א פּאַטעטיש־רעליגיעז־נאַציאָנאלען געפיהל, וועלכער פליסט ארויס פון די טיפעניש פון דער אידישער הארץ. דער סדר איז אן אַנדענקען פון יציאת מצרים, ווען דאָס אידישע פאָלק איז באפרייט געוואָרען פון שקלאפעריי, און איז געוואָרען דאָס אייביגע פאָלק. דאָס איז אן אַנדענקען ניט נאָר פון איינעם פון די שעהנסטע מאָמענטען אין דער אידישער געשיכטע, נאָר דאָס איז אויך אן אַנדענקען פון איינער פון די מערקווירדיגסטע פאסירונגען אין דער וועלט־געשיכטע; דעריבער האָט דער סדר אזא צויבערליכע קראַפט צו דערוועקען אין דעם אידען א הייליגע באגייסטערונג מיט נאָבעלע הויכע געפיהלען.

ווען דער גלות־איד האָט זיך צום סדר געזעצט, איז ער געוואָרען אן אנדער מענש; זיין איינגעבויגענער רוקען האָט זיך אויסגעגלייכט, דער אראָפּגעלאָזענער קאָפּ האָט זיך אויפגעהויבען, דער גלות־וואָלקען איז פארשוואונדען פון זיין פּנים, זיין גאנצער אויסזעהן האָט אויסגעדריקט זעלבסטווירדע, צופרידענהייט און גליקזעליגקייט; און אין זיין נשמה האָבען זיך צונויפגעגאָסען פּראכטפולע בילדער פון זיין פארגאנגענהייט און פון זיין צוקונפט.

2. **א סדר מיט מיין טאַטען.** — אין דער אָרימער ליטע, אין א דאָרף, האָט ער געוואָהנט מיין אָרימער טאטע. געארבייט האָט ער גאנץ שווער, און דאָך האָבען מיר געלעבט אין ארמוט; אָבער שבת און יום טוב איז ניט פארשטערט געוואָרען. ניט נאָר דאָס עסען איז געווען בעסער, נאָר די גאנצע אטמאָספערע האָט זיך

געביטען. אַן אנדער אויסזעהן און אַן אנדער שטימונג. עס פלעגט פארשווינדען דער געדריקטער געמיט, און דאָס קליין אָרים שטי־בעלע האָט זיך אָנגעפילט מיט ליכט און פרייד. מיין טאַטע מיט זיין תורה, און מיט זיינע פאָעטיש־רעליגיעזע געפיהלען, און מיין שטילע, גוטע, פרומע מאמע מיט איהר גאָטספאָרכטיגקייט און גוט־מוטיגקייט האָבען פארשטאַנען ווי אזוי אויפצונעמען דעם ליבען געטליכען גאַסט, די נשמה יתרה.

פון קינדערווייז אָן האָב איך זעהר ליב געהאַט שבת און יום טוב; אָבער דעם שטארקסטען געשמאַק פון א יום טוב'דיגער שטימונג האָב איך געפיהלט פּסח צום סדר. דאָס גאַנצע דאָרף איז פאַר־גאַסען מיט א געדיכטער בלאָטע, נאָר אונזער שטיבעלע, די איינציגע אידישע שטיבעלע אין דאָרף, זעהט אויס ווי אַן אַאַזיס אין דער מדבר. דער הויף איז אויסגעריינינגט און באַשאָטען מיט געלען זאַמד; דאָס שטיבעלע אינוועניג האָט דער טאַטע אויסגעקאַלכט לכבוד יום טוב; די געשייערטע און גע'כשר'טע טיש און בענק זעהען אויס ווי נייע.

ערב פּסח פאַר־נאַכט. דער טיש איז געדעקט מיט א שנעע־ווייסער טישטוך, אויפ'ן טיש שטעהען ליכט איינגעשטעקט אין זעקס מעשענע לייכטער, וועלכע שיינען ווי גאָלדענע; עס ליגען די מצות, מרור, חרוסת, כרפּס, א זרוע און אַן איי. עס שטעהט א פלאַש מעד מיט כוסות פאַר אלעמען, און אויך אליהו הנביא'ס כוס. די מאמע אין איהרע ארימע יום טוב'דיגע קליידער געהט צו צום טיש ליכט־בענשען. מיט א הייליגער שטימונג צינדט זי די ליכט און מאַכט די ברכה „להדליק נר של יום טוב"; און א ווייכע, זיסע ליכטיגקייט צוגיסט זיך אויף אלעמענס פּנים'ער.

דער טאַטע שטעלט זיך מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, און דאַ־ווענט מעריב מיט דעם יום טוב'דיגען נגון. פון יעדען וואָרט פליסט א קוואַל פון גלויבען און האָפענונג. איך דאַווען אויך, און ווער אויך באַגייסטערט דורך זיין הארציגער תפלה.

מיר זעצען זיך צום סדר. דער טאַטע זעהט אויס ווי א שעה־נער רב, ניט ווי א דאָרפישער איד. א געטליכקייט שוועבט אויף זיין איידעלען פּנים; און, ווען ער פאַנגט אָן צו מאַכען קדוש, און רעדט ארויס די ערשטע ווערטער: „אשר בחר בנו מכל עם", פיהל איך ווי ער איז גליקליך, וואָס גאָט האָט אונז אויסגעקליבען פון אלע פעלקער, און האָט אונז הייליג געמאַכט דורך זיינע מצוות.

זאָגענדיג די הגדה, האָב איך איבערגעזעצט אין אידיש, אום די מאַמע און די שוועסטער זאָלען אַלעס פארשטעהן; און דער טאַטע דערצעהלט וועגען יציאת מצרים שעהנע מדרשים און משלים. אין שרעקליכע בילדער האָט דער טאַטע פאַרגעשטעלט פאר אונז דעם גלות אין מצרים, און מיט די שעהנסטע פארבען האָט ער גע־מאָהלען די בילדער פון יציאת מצרים און פון קריעת ים סוף. איך האָב פאר מיינע אויגען געזעהן משה רבנו ווי ער שפּאַלט דעם ים, און עס האָט געקלונגען אין מיין נשמה דער „אָז ישיר” געזאַנג פון זעקס הונדערט טויזענט מענשען. און אָט פאַנגען מיר אָן צו זאָגען הלל, די וואונדערבארע שעהנע קאפּיטלעך פון תהלים, וואָס אונזער דוד המלך האָט געזונגען.

די מאַמע זיצט נעבען טאַטען. זי איז איינגער געוואָרען. זי קוקט אויף מיר, און ווארפט א צניעה'דיגען בליק אויף דעם טאַטען. איהר פּנים שיינט ווי די ליכטיגע זון, און א טרער ווי א פּערל הענגט אראָפּ אויף איהרע ווייכע מילדע אויגען. זי איז גליקליך, וואָס זי האָט א מאַן א למדן, א גאָטספאַרכטיגען; און וואָס זי האָט קינדער, וועלכע לערנען די תורה. דאָס זיינען די זונענשטראַהלען, וועלכע באַלייכטען איהר וואָכעדיגען, שווערען, פינסטערען לעבען. דאָס איז איהר רייכטום, וועלכען זי וועט ניט פארבייטען אויף די גרעס־טע אוצרות פון גאָלד.

ביז האַלבע נאכט פלעג איך זיצען מיט'ן טאַטען. מיר פלעגען אָפּזאָגען די גאַנצע הגדה, און פארענדיגען מיט דעם שעהנעם גע־זאנג פון שיר השירים, וואו עס ווערט באַזונגען די ליבע צווישען גאָט און זיין פאָלק ישראל; און ניט נאָר אונזערע ביידענ'ס שטי־מען האָבען זיך צוזאַמען געגאָסען, נאָר אויך אונזערע הערצער און אונזערע נשמות זיינען געווען פעסט צוזאַמענגעבונדען.

3. היינט פעלט די באַגייסטערונג. — גרויס איז דער אונטערשייד פון אמאָל ביז יעצט.

ווי א בוימעלע, וואָס וואַקסט אונטער די שטראַהלען פון דער זון, אזוי איז דאָס אידישע קינד געוואַקסען אין א ווארימער אידי־שער אַטמאָספערע. פון קינדווייז אָן האָט ער דורכגעלעבט די שעהנע יום טוב שטימונגען, וועלכע האָבען איהם פארשאַפט דעם גרעסטען גייסטיגען פארגעניגען. ווען ער האָט אפילו נאָך ניט איינגאַנצען פארשטאַנען די טיפע באַדייטונג פון די ימים טובים, האָט ער אויך געפיהלט זייער הייליגקייט, ווייל די באַגייסטערונג

פון די עלטערען האָט געקאָנט באגייסטערען זייערע קינדער. היינט אָבער וואקסט איהר, אמעריקאנער אידישע קינדער, אין א פרעמ־דער, ניט־אידישער אטמאָספערע. ווען איהר זעהט אפילו א סדר פסח צו נאכט, זעהט איהר ניט יענע אמאָליגע באגייסטערונג, און איהר פיהלט ניט די הייליגע שטימונג. אייערע עלטערען, וואָס זיינען געקומען אהער פון אייראָפּא, האָבען געהאט פאר זיך א שווערע אויפגאבע צוצופאסען זיך צו א נייעם לעבען. אין גאנצען זייער צייט און ענערגיע האָבען זיי געמוזט אָפּגעבען דורכצושלאָ־גען זיך א וועג אין לעבען. אייניגע זיינען פאריאָכט געוואָרען אונ־טער שווערע ארבייט, אנדערע זיינען פארזונקען אין יאָגענים נאָך רייכטום; און די נשמות זיינען פארנאכלעסיגט געוואָרען. אלעס איז וואָכעדיג; אימער וואָכענדיג; ניטאָ קיין איין ליכטיגער שטראהל פון גייסטיגער ערפרישונג; ניטאָ קיין גענוס פון אמת'ער נשמה־פרייד. און איך וויל זעהר, אז איהר, קינדערלאך, זאָלט יא האָבען דעם גייסטיגען פארגעניגען פסח צום סדר; און האָבען קאָנט איהר עס נאָר דאן, ווען איהר וועט גוט פארשטעהן די אמת'ע באדייטונג פון פסח; דעריבער האָב איך באשלאָסען צו דערצעה־לען אייך וועגען פסח מעהר איידער עס ווערט דערצעהלט אין דער הגדה; און איך האָף, אז איהר וועט מיך אויסהערען מיט אויפ־מערקזאמקייט.

## קאַפּיטעל 2

# יציאת מצרים

**עגיפּטען און די עגיפּטער. — די אידען אין מצרים. — די באפרייאונג פון די אידען. — דער פרייהייטס יום טוב אין גלות.**

> און זיי קוקען ליב אויף משה'ן
> פול מיט האפענונג אין בליק,
> און עס ברעכען זיך די קייטען
> און עס רייסען זיך די שטריק.
> (אברהם רייזען, „משה")

1. **עגיפּטען און די עגיפּטער.** — מיט פינף טויזענט יאָר צוריק האָבען די עגיפּטער שוין געהאט א קעניג, און זיי האָבען קיין פרעמדען אין זייער לאנד ניט געלאָזט באזעצען זיך. שפּעטער זיי־נען געקומען אנדערע פעלקער פון די סעמיטישע שטאמען, האָבען איינגענומען דאָס לאנד און געמאכט זייער אייגענעם קעניג, און

האָבען ערלויבט פאמיליען פון אנדערע פעלקער צו באזעצען זיך אין לאנד.

אויסער דעם קעניג האָבען אין עגיפּטען געשפּילט א גרויסע ראָליע די פּריסטער. דאָס פאָלק האָט געמוזט גלויבען אין אלץ, וואָס די פּריסטער זאָגען, און זיי האָבען געדינט צו פארשיידענע געטער, וועלכע האָבען געהאַט קערפּער פון מענשען, און קעפּ פון הינט, קעץ, קראָקאָדילען, און דאָס גלייכען. אויסער אָט די אלע געטער, איז ביי זיי יעדער קעניג אויך געווען א גאָט. אזוי האָט דאָס גאנצע פאָלק געלעבט אין אונוויסענהייט. און דאָך איז דאָס לאנד עגיפּטען שוין דאַן באַזעסען אַ געוויסע מאָס פון בילדונג און וויסענשאפט. זיי האָבען געבויט שעהנע פּאַלאַצען, טעמפּלען און פּיראָמידען; זיי זיינען געווען גוטע ערד־ארבייטער, און האָבען געגראָבען קאַנאַלען צו באַוואַסערען די פעלדער. דעריבער האָבען זיי געהאַט פיל ברויט; און מצרים איז געוואָרען דער קאָרנקאמער צו שפּייזען די ארומיגע וועלט, איבערהויפּט, ווען עס האָט געטראָפען א הונגער אין די אנדערע לענדער.

2. **די אידען אין מצרים.** — זעקס און דרייסיג הונדערט יאָר צוריק האָט אין אזיען, צווישען בבל און מצרים, ארומגעוואַנדערט א סעמיטישער שבט, וואָס האָט געהייסען „עברים"; און פון אָט דעם שבט האָט זיך אָפּגעזונדערט איין משפּחה. דער עלטסטער פון דער משפּחה איז געווען אברהם, וועלכער ווערט גערעכענט פאר'ן פאָטער פון דעם אידישען פאָלק. אָט די משפּחה איז געווען מיט איר גייסט און מיט איר אויפפירונג אן אויסנאַם פון די אַלע ארומיגע פעלקער. אין זיי האָט זיך שוין אנטפלעקט די ניי־גונג צו העכערע מאָראַלע באַציהונגען צווישען מענשען. מיר זעהען אברהם'ן מיט זיין טיפער מענשען־ליבע, ווען ער בעט גאָט פאַר די זינדיגע מענשען פון סדום, מיר לערנען, אז אברהם האָט געהאָלפען דעם קעניג פון סדום, און האָט זיך אנטזאגט צו נעמען גע־צאָלט דערפאַר. אברהם האָט שוין אין זיך געטראָגען דעם גלויבען אין דעם איינציגען גאָט, וועלכער פאָדערט פון דעם מענשען אַ שעה־נע מאָראַלע אויפפירונג, און גאָט האָט געהייסען אברהם'ן אוועק־געהן פון זיין געבורטס־לאנד. האָט זיך אברהם באזעצט אין דעם לאנד כנען, ניט ווייט פון דעם מיטעללענדישען ים, וואו די גאנצע משפּחה האָט זיך באשעפטיגט מיט פיהצוכט, און געלעבט אָפּגעזונ־דערט פון די ארומיגע פעלקער, די געצענדינער.

אברהם׳ס אייניקעל יעקב האָט געהאט צוועלף זיהן. דער עלפטער זוהן יוסף איז געווען דעם פאָטער׳ס ליבלינג. האָבען די ברידער יוסף׳ן מקנא געווען און האָבען איהם פיינט באקומען. און די ברידער האָבען יוסף׳ן פארקויפט פאַר אַ קנעכט, און דעם פאָטער האָבען זיי איינגערעדט, אַז אַ ווילדע חיה האָט צוריסען יוסף׳ן. האָט דער פאָטער זיין גאנצען לעבען געטרויערט און באקלאָגט זיין ליבען זוהן יוסף.

יוסף איז אָנגעקומען קיין מצרים אלס אַן אומגליקליכער קנעכט; נאָר מיט זיין פעהיגקייט און אָרענטליכקייט איז ער גיך באוואוסט געוואָרען. ער האָט פארהיט דאָס לאַנד פון דעם הונגער, פון וועלכען אלע לענדער ארום האָבען איינינגע יאָר געליטען, ווייל די פעלדער האָבען קיין זאַך ניט געמאכט וואקסען. פרעה דער קע־ניג פון מצרים האָט אנערקענט יוסף׳ס פארדינסטען, און האָט איהם געמאכט פאַר אַ שני למלך, אַ צווייטער פון קעניג.

אין דעם לאַנד כנען, וואו יוסף׳ס משפחה האָט זיך געפונען, איז אויך געווען אַ הונגער. האָט יעקב מיט זיינע קינדער עמיגרירט קיין מצרים. און דאָ האָט דער אלטער פאָטער באגעגענט זיין לי־בען פארלאָרענעם זוהן. האָט מען יעקב׳ן באזעצט אין דעם בעס־טען טייל פון מצרים, וואו די משפחה האָט זיך פארנומען מיט פיה־צוכט, און געלעבט אָפּגעשיידט פון די מצריים. האָבען זיך די אי־דען דאָרט פארמערט און צעוואקסען אין אַ צאָלרייכען פאָלק. זיי האָבען זיך גערופען „בני ישראל" — די קינדער פון ישראל, — ווייל יעקב האָט געהאט אַ צווייטען נאָמען „ישראל", און די אידען האָבען געוואָלט, אַז מען זאָל וויסען אַן אונטערשיד צווישען זיי און די אנדערע, וועלכע זיינען אויך אויסגעוואקסען פון דער זעל־בער משפחה, ווי די ישמעאלים, מדינים, אדום און ד. ג.

נאָך יוסף׳ס טויט, ווען די עגיפּטישע פירשטען האָבען נאָך אַ לאַנגער מלחמה אָפּגענומען די הערשאפט פון די סעמיטען, און ערוועהלט צוריק אַן אייגענעם קעניג, האָבען זיי פארטריבען פון לאַנד אלע סעמיטען, נאָר די אידען האָבען זיי איבערגעלאָזען. שפּע־טער אָבער האָבען די עגיפּטישע הערשער גענומען מורא האָבען פאַר די אידען, אַז זיי זאָלען ניט צושטעהן צו די אנדערע סעמיטען, ווען זיי וועלען באפאלען דאָס לאַנד, דעריבער האָט מען באשלאָסען אונטערצודריקען די אידען, אָפּצושוואכען זיי קערפּערליך און גייס־טיג; און מען האָט ארויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז דאָס גאנצע

אידישע פאָלק זאָלען ווערען די שקלאַפען פון דער רעגירונג. זיי האָבען געמוזט בויען גאַנצע שטעט מיט גרויסע דענקמעלער און פּראַכטפולע פּאַלאַצען. מען האָט אָנגעשטעלט מצריים אלס אויפ־זעהער, וועלכע האָבען מיט דער שרעקליכסטער גרויזאַמקייט גע־שלאָגען און געפּייניגט דעם פאַרשקלאַפטען אידישען פאָלק. שפּעטער האָט פּרעה ארויסגעלאָזען א באַפעל, אז אלע נייגעבאָרענע אידישע אינגעלאך זאָלען אריינגעוואָרפען ווערען לעבעדיגערהייט אין טייך. דער באַפעל איז דורכגעפירט געוואָרען מיט דער גרע־סטער שטרייננקייט. ווען א אידישע מוטער האָט א זוהן געבאָרען, האָט מען איהם פון דער מוטער׳ס אָרעמס ארויסגעריסען, צום טייך אוועקגעטראָגען, און אריינגעשליידערט אין וואסער.

אונטער אזעלכע שרעקליכע אונמענשליכע באַדינגונגען האָבען די בני ישראל געמוזט אונטערגעהן, פאַרשוואונדען ווערען פון דער וועלט, אזוי ווי פיל אנדערע פעלקער זיינען אָפּגעמעקט געוואָרען פון דער וועלט.

3. די באַפרייאונג פון די אידען. — אין יענער פינסטע־רער צייט איז געבאָרען געוואָרען משה. דריי מאָנאַטען האָט זיין מוטער איהם באַהאַלטען, אז ער זאָל ניט אריינפאַלען אין די הענט פון די מצריים, וועלכע וועלען איהם אין טייך אריינוואַרפען. מער אָבער האָט זי ניט געקאָנט באַהאַלטען; האָט די אומגליקליכע מו־טער באַשלאָסען צו פאַרלאָזען זיך אויף נסים, פיליייכט וועט דאָס קינד לעבען בלייבען. האָט זי אריינגעלעגט דאָס עופ׳לע אין א קעסטעלע, און איבער געלאָזט אויפ׳ן ברעג טייך. איז דעם קעניג׳ס טאָכטער געגאַנגען ארום טייך און האָט דאָס קעסטעלע דערזעהן. ווען זי האָט דאָס קעסטעלע געעפענט, האָט זי דערזעהן א שעהנעם וויינענדיגען אינגעלע. זי האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס איז א אידיש קינד, און אין איר האָט זיך דערוועקט א רחמנות צום קינד. דעם קינד׳ס שוועסטער, מרים, וועלכע איז געשטאַנען פון ווייטען צו זעהן וואָס וועט טרעפען מיט איר ברודער׳ל, איז צוגעגאַנגען צום קעניג׳ס טאָכטער און געפרעגט: „זאָל איך געהן רופען אן אם פון די אידישע פרויען?". דעם קעניג׳ס טאָכטער האָט איינגע־שטימט; און מרים האָט איר מוטער געבראַכט. די מוטער האָט מיט פרייד גענומען דאָס קינד אויפצוציהען מיט דעם באַדינג, אז ווען דאָס קינד וועט גרעסער ווערען, מוז זי אים אומקערען צום קעניג׳ס טאָכטער.

ווען דאָס אינגעלע איז אונטערגעוואַקסען, האָט די מוטער גע־מוזט שיידען זיך מיט איר קינד, און אָפּגעבען אים צום קעניג'ס טאָכטער, וועלכע האָט אים ערצויגען ווי איר אייגען קינד. האָט משה זיך געלעבט און ערצויגען געוואָרען ווי א פּרינץ, אָבער ער האָט געוואוסט, אז ער איז א איד; און די ליידען פון זיין פאָלק האָבען אים ניט געלאָזט רוהען. ער פלעגט ארויסגעהן זעהן ווי זיינע ברידער ווערען געפייניגט, און זיין הארץ פלעגט צעבראָכען ווערען פון אנגסט און פארדרוס.

האָט משה פארלאָזען די קעניגליכע פּאלאצען, און איז אוועק אין דעם מדבר, וואָס ליגט ניט ווייט פון מצרים. ער האָט דאָרט געהייראַט, און שאָף געפיטערט. דאָרט אין די ווילדערניש האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטען ווי אזוי צו באפרייען זיינע ברי־דער פון זייער קנעכטשאפט. און די תורה דערצעהלט, אז משה האָט אין מדבר געזעהן וואונדערליכע זעהונגען, אין וועלכע ער האָט געהערט די געטליכע שטימע: „איך וועל דיך שיקען צו פּרעה'ן, און פיר ארוים מיין פאָלק פון מצרים". איז משה געקומען צוריק קיין מצרים, און מיט זיין ברודער אהרן איז ער אוועק צו פּרעה'ן און געבעטען אין דעם נאָמען פון גאָט, אז ער זאָל די אידען אָפּ־לאָזען. האָט פּרעה ניט געוואָלט הערען; און גאָט האָט אים דער־פאר געשטראָפט מיט פיל מכות ביז ער האָט געמוזט אָפּלאָזען די אידען.

דעם פופצענטען טאָג אין ניסן האָט משה ארויסגעפירט פון מצרים דאָס גאנצע אידישע פאָלק, זעקס הונדערט טויזענט מענער, אויסער ווייבער און קינדער. מער פון צוויי הונדערט יאָר זיינען די אידען געווען אין מצרים. און פון מצרים זיינען זיי ארוים בערך 1250 יאָר פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג. דאָס הייסט, אז יציאת מצרים איז געווען בערך מיט דריי טויזענט צוויי הונדערט יאָר צוריק; און ביז היינטיגען טאָג פייערען מיר מיט דער גרע־סטער באגייסטערונג דעם יום טוב פון יציאת מצרים.

4. **דער פרייהייטס יום טוב אין גלות.** — אומפאר־שטענדליך קאָן אייך זיין, און איר קאָנט מיך פרעגען: „ווי אזוי האָט דער איד אין גלות געקאָנט מיט אזא באגייסטערונג פייערען דעם יום טוב פון פרייהייט? ווען ער האָט פארלאָרען זיין זעלבסט־שטענדיגקייט אלס א פאָלק, פארטריבען געוואָרען פון זיין לאנד, צעזייעט און צעשפּרייט איבער דער גאנצער וועלט, אומעטום ער־

נידעריגט, געדריקט און געיאָגט, בארויבט פון מענשליכע רעכט און פרייהייט, וואָס האָט ער זיך אזוי געפרייט מיט׳ן „זכר ליציאת מצרים״, וואָס ער איז באפרייט געוואָרען אמאָל מיט 32 הונדערט יאָר צוריק?״

אום צו פארשטיין די פולע באדייטונג פון אונזער פסח אין גלות, מוזען מיר פריער באגרייפען צוויי זאכען: ערשטענס, דאר־פען מיר וויסען, אז די גרעסערע און בעסערע מענשען אויף דער וועלט געפינען זייער העכסטע גליקזעליגקייט אין זייער שאפען, מיט וועלכען זיי ברייגגען נוצען דער מענשהייט. געווים האָט איר גע־לייענט ווי אזוי גרויסע מענשען האָבען געלעבט אין עלענד און נויט, און פיל מאָל פארפאָלגט געוואָרען, און אפילו צום טויט פאר־אורטיילט געוואָרען, און דאָך האָבען זיי זיך גליקלאך געשעצט, וואָס זיי האָבען געמאכט נייע אנטדעקונגען, און אריינגעבראכט נייע שענערע אידעען אין דער וועלט. און ווי מיט דעם איינצעל־נעם מענשען, אזוי איז מיט א גאנצען פאָלק. א פאָלק, וואָס האָט מער געשאפען פאר דער מענשהייט, וואָס האָט מער בארייכערט די קולטור פון דער וועלט, קאָן זיך אויך פילען פאָלקאָם גליקלאך; און אזא פאָלק זיינען מיר אידען. פון אלע ציוויליזירטע פעלקער האָבען מיר דעם גרעסטען און שענסטען בייטראג געגעבען דער מענשהייט. דאָס אידישע פאָלק האָט אריינגעבראכט אין דער וועלט דעם גלויבען אין איינציגען גאָט; מיר האָבען געגעבען דער וועלט אונזערע נביאים; דורך אונזער ביבעל האָט די וועלט בא־קומען א העכערען באגריף פון מאָראליטעט און פון גערעכטיגקייט. אין א וועלט פון שקלאפעריי איז דער איד געווען דער ערשטער צו ווייזען ווי אזוי מען צערייסט די קייטען פון שקלאפעריי; און שפעטער האָט דער איד פאָרטגעזעצט צו פריידיגען פרייהייט אויף יעדען געביט פון מענשענ׳ס לעבען. און ווען מיר וואָלטען דאן ניט באפרייט ווערען פון מצרים, וואָלטען מיר פארזונקען געוואָרען אין דער קנעכטשאפט, און מיר וואָלטען פארניכטעט געוואָרען צוזאמען מיט די אלע פעלקער, פון וועלכע עס איז ניט געבליבען קיין אָנ־דיינקונג; און די גאנצע מענשהייט וואָלט, ווארשיינליך, נאָך אָפּ־געשטאנען פיל אין פראָגרעס. אלזאָ איז פסח דער געבורטסטאָג פון דעם אידישען פאָלק אלס א פאָלק, און דאָס איז דער אָנפאנג פון אריינברייגגען נייע אידעען אין דער וועלט; דאָס איז געווען די ערשטע לעקציע ווי אזוי מענשען דארפען שטרעבען צו פריי־

הייט. און דאָס אליין וואָלט גענוג געווען צו באַגייסטערען אונז צו פייערען דעם יום טוב פון „פרייהייט”.

צווייטענס, דארפען מיר פארשטיין, אז עס זיינען פאראן צווייערליי פרייהייטען: אן אויסערליכע, קערפּערליכע פרייהייט, און אן אינערליכע, גייסטיגע פרייהייט. עס זיינען פאראן מענשען, וואָס געניסען אין גאנצען די אויסערליכע פרייהייט, אָבער זייער אינערליכער לעבען, זייער גייסט איז פארשקלאפט; און עס זיינען פאראן מענשען, וועלכע האָבען ניט קיין פרייהייט אין זייער אויסערליכען לעבען, אָבער זייער גייסט און אין גאנצען זייער אינערליכער לעבען בלייבט אבסאָלוט פריי; און אָט אין דער הינזיכט האָט דער איד דערוויזען, אז ווען ער האָט אין גלות ניט געהאט קיין אויסערליכע פרייהייט, איז ער ניט נאָר געבליבען ביי זיין גייסטיגער פרייהייט, נאָר די גייסטיגע פרייהייט האָט זיך נאָך פיל בעסער פארשטארקט ביי אים; און דעריבער פייערט דער גלות־איד דעם יום טוב פון פרייהייט מיט א פולען באוואוסטזיין, אז ער איז דער הערשער אויף זיין אינערליכען „איך”, אז זיין גייסט, זיין נשמה זיינען פריי, און האָבען ניט געקאָנט באזיגט ווערען פון די שטארקסטע פעלקער.

## קאַפּיטעל 3

# שקלאַפעריי אונטער די הערשער

די ערשטע הערשער. — די הערשער אין דער קריסטליכער וועלט. — די הערשער ביי אידען. — די פעלקער לערנען פון אונזער תורה.

1. **די ערשטע הערשער.** — די ערשטע מענשען אויף דער וועלט האָבען געלעבט יעדער איינער פאר זיך. זיין ארבייט איז געווען צו טויטען חיות און ערנערען זיך מיט זייער פלייש. ווען די קינדער פלעגען אביסעל אונטערוואקסען, פלעגען זיי פארלאָזען זייער מוטער און אוועקלאָזען זיך טויטען חיות און האָבען וואָס צו עסען. ביסלעכווייז האָט דער מענש צוגעוואוינט צו זיך אייניגע חיות, ביז זיי זיינען געוואָרען היימישע, און ער האָט צונויפגעקליבען א גאנצע הערדע, וועלכע ער האָט געפיטערט, און האָט געהאט פון זיי מילך און פלייש צום עסען און די פעל צוליב קליידער. אזוי איז פון דעם יאגד־מענש געוואָרען א נאָמאד — א פּאסטוך, —

און דורכדעם איז דאָס פאַמיליען לעבען געוואָרען שטארקער און זיכערער. די עלטערען מיט די קינדער האָבען צוזאמען געהיט זייערע הערדען, און דער פאָטער איז געוואָרען דער אויבערהאַר און באַפעלער פון דער פאמיליע. אָט די פאמיליען האָבען אימער גערארפט ארומוואנדערען אויסצוזוכען נייע פלעצער פון גראָז און וואסער פאר זייערע הערדען. שפּעטער האָט דער מענש פארשטאַנען, אז מען קאָן באארבייטען די ערדה, און האָבען פון איר שפּייז פאר זיך און פאר די פיה, זיינען א טייל מענשען געוואָרען ערד־ארבייטער, און מען האָט אָנגעפאנגען צו באזעצען זיך אויף איין פּלאץ; און אום צו פארהיטען זיך פון אָנפאלען פון שטארקערע, האָבען זיך אייניגע פאמיליען צוזאמען באזעצט צו העלפען איינע די אנדערע געגען אָנפאלען. אזוי האָט זיך אָנגעפאנגען א געזעלשאפט־ליכעס לעבען; און עס האָט זיך אָנגעפאנגען א טוישהאנדעל צווי־שען די ערד־ארבייטער און די נאָמאדען, מען האָט געביטען תבואה אויף שאָף און רינדער. וואָס ווייטער האָט זיך דער האנדעל צווי־שען מענשען פארגרעסערט, אויך האָבען זיך אנטוויקעלט האנד־ווערקער און פארשיידענע בעלי מלאכות. עס זיינען געוואָרען פאר־שיידענע קלאסען מענשען, און מען האָט אָנגעפאנגען צו בויען שטעט. פון די איינצעלנע פאמיליען זיינען געוואָרען גאנצע פעל־קער, און פון די באזונדערע שטיקער לאנד זיינען געוואָרען גאנצע לענדער. און אום צו באשיצען די מדינה, האָט מען גענומען אויס־קלייבען פאר א פירער איינעם, וואָס האָט געוויזען זיינע קרעפטען, ער איז געוואָרען דער קעניג פון לאנד; און די הערשאפט האָט גענומען איבערגיין פון די עלטערען צו די קינדער.

אזוי האָט זיך אָנגעפאנגען די הערשאפט פון די קעניגע. זייער אויפגאבע איז געווען צו באשיצען זייער פאָלק. אין גיכען אָבער זיינען אָט די פירער און באשיצער געוואָרען דעספּאָטישע הערשער, די אונטערדריקער פון זייער אייגענעם פאָלק. זיי האָבען פאר־כאפּט די רייכטימער פון לאנד, געלעבט אין גרעסטען לוקסוס, ווען דאָס גאנצע פאָלק האָט געשמאכט אין שקלאַפעריי. ווען מיר לייענען די וועלט־געשיכטע, זעהען מיר ווי די קעניגע פון מצרים, בבל און אשור האָבען אויף א גרוזאמען אופן באהאנדעלט זייערע פעלקער. די מאסען האָבען געארבייט שווער, און האָבען דערפון גאָר ניט געהאט, ווייל די קעניגליכע פאמיליע האָט אלץ צוגענומען פאר זיך. און אויך די רוימער קייסאָרים און אימפּעראטאָרען האָ־

בען פארשקלאפט זייער פאָלק, און אליין געלעבט אין לוקסוס און אָפטמאָל אין ווילדער אויפפירונג. ווען דעם אימפעראטאָר נירון האט זיך אמאָל פארוואָלט לוסטיג מאכען זיך, האָט ער געהייסען ארויפזועצען אויף א שיף א היבשע צאָל מענשען, ארויספירען זיי אויפ'ן וואסער און אָנצינדען די שיף, צו זעהן ווי מענשען וועלען זיך ראנגלען מיט'ן טויט צווישען פייער און וואסער.

2. די הערשער אין דער קריסטליכער וועלט. — אין דער לערע פון קריסטענטום ווערט געזאָגט: „די הערשער זיינען באשטימט פון גאָט. ווער עס שטעלט זיך געגען די הערשער, יענער שטעלט זיך געגען גאָט.1)". נאָך אין א פלאץ ווערט דאָרט געזאָגט: „איר זאָלט זיין אונטערטעניג צו די קעניגע און הערשער אזוי ווי עס איז דער ווילען פון גאָט, 2)" און אזוי זיינען די קריסטליכע גייסטליכע אין אלע צייטען אומעטום געוואָרען די באשיצער פון דעם קעניגליכען טראָן. די קירכע האָט זיך פאראייניגט מיט דער הערשענדער רעגירונג, און צוזאמען געהאלטען די אונטערטאנען אין אומוויסענהייט, און צוזאמען געלעבט אויפ'ן רעכענונג פון דער פארשקלאפטער מענשהייט.

אומבאגרעניצט איז געווען די הערשאפט און מאַכט פון די קריסטליכע הערשער. ביז דער לעצטער צייט האָבען מיר נאָך געהאט אזא קליינליכע באשעפעניש ווי ניקאָליי דער צווייטער, דער צאַר פון רוסלאנד, אין וועמעס הענט עס איז געווען דער שיקזאל פון 150 מיליאָן מענשען, וועלכע האָבען געבלוטיגט און געשמאַכט אונטער זיין שווערען יאָך; און קיינער האָט ניט געטאָרט אויסריידען א וואָרט געגען זיין אוממענשליכער דעספאָטישער אויפפירונג מיט'ן פאָלק. און דער הייליגער פאָביעדאָנאָסצאָוו, דער הויפט פון דער קירכע, איז געווען דער ראטגעבער און מיטהעלפער ביי דעם צאַר.

3. די הערשער ביי אידען. — אין אונזער תורה ווערט געזאָגט: „ווען איר וועט וועלען האָבען א קעניג, זאָל ער ניט האלטען צופיל פערד, זאָל ניט זאמלען קיין גאָלד און זילבער, זיין גאנצען לעבען זאָל ער לערנען די תורה, זיין הארץ זאָל זיך ניט דערהויבען איבער זיינע ברידער, 3)".

ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך באזעצט אין זיין לאנד, האָט

1) Paul to the Romans, 13, 1-7.
2) Peter, First Epistle, 2, 13-14.

3) דברים, יז, יד־כו.

ער מער פון דריי הונדערט יאָר קיין קעניג ניט געהאט. דאָס פאָלק פלעגט אויסקלייבען א ריכטער (שופט), וועלכער איז געווען דער פירער פון פאָלק. און שפּעטער, ווען דאָס פאָלק האָט גענומען פארלאנגען א קעניג, ווערט דערציילט אין תנ"ך, אז דעם נביא שמואל איז די זאך ניט געפעלען געווען, און גאָט האָט געזאָגט צו שמואל'ן: „פאָלג זיי, ניט דיך, נאָר מיך האָבען זיי פארהאסט צו רעגירען איבער זיי, 4)". דאָ האָט דער נביא אויסגעדריקט דעם גייסט פון אונזער תורה, אז נאָר גאָט אליין דארף רעגירען, און ניט קיין מענש. און דער נביא האָט דעם פאָלק פאָרגעשטעלט ווי א קעניג וועט אלעמען פארשקלאפען, זיי און זייערע קינדער, און וועט צונעמען זייער האָב און גוטס, און ווען דאָס פאָלק וועט שפּעטער שרייען, וועט גאָט ניט צוהערען זייער געשריי, 5).

און ווען די אידען האָבען שוין געהאט קעניגע, און א קעניג האָט אן אומרעכט געטאָן, איז געקומען דער נביא און האָט אים גע־שטראָפט. שמואל הנביא זאָגט צום קעניג שאול: „דו האָסט זיך באנארישט, דו האָסט ניט געהיט גאָטס געבאָט... דיין רעגירונג וועט ניט אָנהאלטען, 6)". ווען שלמה האָט ארויפגעלעגט גרויסע שטייערען אויפ'ן פאָלק, האָט אחיה דער נביא געהאָלפען מאכען די רעוואָלוציע געגען אים, 7). ווען די קעניגין איזבל האָט גע־הייסען טויטען נבות'ן, האָט אליהו הנביא געזאָגט צום קעניג: „די הינט, וואָס האָבען געלעקט די בלוט פון נבות'ן, וועלען לעקען אויך דיין בלוט און די בלוט פון דער קעניגין, 8)". און ירמיהו הנביא זאָגט צום קעניג יהויקם: „וויי איז צו דעם, וואָס בויט זיין הויז מיט אומרעכט, וואָס ארבייט מיט זיין פריינד אומזיסט... דו קוקסט נאָר אויף דיין אייגעננוץ, 9).

אין וועלכער געשיכטע וועט איר געפינען אזעלכע גייסטיגע פירער ווי די אידישע, וועלכע זאָלען אזוי ריידען צו זייערע הער־שער? און וואו וועט איר געפינען אזעלכע קעניגע, וועלכע זאָלען זיך לאָזען אויסהערען אזעלכע רייד?

4. די פעלקער לערנען פון אונזער תורה. — די ענג־לענדער, וועלכע זיינען גוט באקאנט געווען מיט אונזער תורה האָ־

4) שמואל א", ח, ז. אויך יב, יז.
5) שמואל, א, ח, יא־יח.
6) שמואל א, יג, יג־יד און טו, כג־כח.
7) מלכים א, יא, כט.
8) מלכים א, כא, יט־כה.
9) ירמיהו, כב, יג־כ.

בען אין דרייצענטען יאָרהונדערט געצוואונגען זייער קעניג צו געבען די „מאגנא קארטא”, וועלכע פאַרזיכערט די פּערזענליכע פרייהייט און רעכט פון אלע בירגער; און שפּעטער האָבען די פּוריטאַנער אין ענגלאנד געשעפּט זייערע מאָראַלישע קרעפטען פון אונזער ביבעל. מיט דעם גייסט פון אונזער תורה האָבען זיי באשאפען די פרייע ענגלישע דעמאָקראַטיע.

אויך די גרויסע קעמפער און פירער, וועלכע האָבען באפרייט אמעריקא פון ענגלישען יאָך, זיינען געווען באגייסטערט און געשעפּט מוט פון אונזער תנ"ך. ווען זיי האָבען זיך פאַרזאַמעלט צום ערשטען קאָנגרעס, האָט ס. לענגדאָן, דער פּרעזידענט פון האַרווארד קאָלעדזש, געזאָגט: „די אידישע רעגירונג איז פון אָנפאנג אָן געווען א פּאָלקאָמע רעפּובליק... די בירגערליכע רעגירונגס פאָרם פון די אידען איז אָהן צווייפעל אן אויסגעצייכענטער אלגעמיינער מאָדעל... פילע הויפּט געזעצען און פאַראָרדענונגען קאָנען נעקאָפּירט ווערען אין א מאָדערנער רעגירונג, 10)”. דער ענגלישער געלערטער מ. ה. האַקסלי זאָגט: „אין דער געשיכטע פון דער וועסטערן וועלט איז דער תנ"ך געווען די גרעסטע אויפהעצונג צו רעוואָלט נעגען די שלעכטע פאָרמס פון גייסטליכען און פּאָליטישען דעספּאָטיזם, 11)”.

## קאַפּיטעל 4

# שקלאַפען אַלס אייגענטום

שקלאפען ביי די אַלטע פעלקער. — שקלאפעריי אין דער קריסטליכער וועלט. — דער קנעכט ביי אידען.

### 1. שקלאַפעריי ביי די אַלטע פעלקער. — שקלאַפעריי

האָט זיך ווארשיינליך אָנגעפאנגען פון געפאנגענע אין מלחמה, וועלכע מען האָט געלאָזט לעבען, און מען האָט זיי געמאכט פאַר אייביגע קנעכט און דינסטען.

שפּעטער האָט מען גענומען פאַרקויפען מענשען אלס קנעכט און דינסטען, אזוי ווי מיר פאַרקויפען פיה און פערד. די גריכען און רוימער, ווען זיי זיינען שוין געשטאנען אויף א הויכער שטופע

10) Madison C. Peters, Justice to the Jew, p. 5.
11) T. H. Huxly, Essays on Science and Tradition.

פון ציוויליזאציע, האָבען זיי נאָך געארבייט מיט זייערע קנעכט, אזוי ווי זיי האָבען געארבייט מיט זייערע פערד און אָקסען; און דער האר האָט דאָס רעכט געהאט צו טויטען זיין קנעכט. דער גריכישער פילאָסאָף אפאלטון זאָגט אין זיין בארימטען ווערק „רע־פובליק”, אז אלע מענשען דארפען איינגעטיילט ווערען אין דריי קלאסען: צום ערשטען קלאס באלאנגען די געבילדעטע, וועלכע דארפען זיין די רעגירער; צום צווייטען קלאס באלאנגט דאָס מי־ליטער, און צום דריטען קלאס באלאנגט דאָס גאנצע פאָלק, וועלכעס דארף ארבייטען און פארזארגען מיט אלעס די ערשטע צוויי קלא־סען. פלאטאָנ׳ס תלמיד, דער גרויסער פילאָסאָף אריסטאָטל, וועל־כער איז אנערקענט אלס דער ערשטער גרעסטער דענקער פון דער מענשהייט, האָט געזאָגט, אז קנעכטשאפט איז א נויטווענדיגקייט פאר דער מענשהייט. פון דעם טאָג, וואָס דער מענש ווערט געבאָ־רען, באשטימט די נאטור אליין, אויב ער זאָל זיין א האר אָדער א קנעכט. אויב ער ווערט געבאָרען מיט א שטארקען קערפער, דארף ער זיין גאנצען לעבען זיין א שקלאַף.

2. שקלאַפעריי אין דער קריסטליכער וועלט. — שפע־טער זיינען געקומען די לערער פון קריסטענטום און האָבען בארעכ־טיגט שקלאפעריי. דער אפאָסטל פאול זאָגט: „קנעכט, זייט גע־האָרזאם צו אייערע הארען אין יעדער זאך מיט׳ן גאנצען הארצען, מורא האָבענדיג פאר גאָט, און גאָט וועט אייך באצאָלען, 1)”; און דער אפאָסטל פיטער זאָגט: „קנעכט, זייט אונטערטעניג צו אייע־רע הארען, ניט נאָר צום גוטען האר, נאָר אויך צום בייזען, 2)”.

און אזוי האָט מען געפראקטיצירט שקלאפעריי ביז דער צוויי־טער העלפט פון נייַנצענטען יאָרהונדערט. אפילו אין אזא פרייען לאנד ווי די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע, האָט מען אָפּ־געשאפט שקלאַפעריי ערשט אין 1864 יאָר נאָך א שווערער מלחמה. און דער אמעריקאנער פראָפעסאָר מעקענזי זאָגט: „די הויפט מאָ־טיווען אין דער באפרייאונג פון די שקלאפען זיינען געווען קאָמער־ציעלע און פאָליטישע. די אינדוסטריעלע באדינגונגען האָבען דאָס געפאָדערט. נאָר אייניגע גרויסע פירער זיינען באגייסטערט געווען מיט דער אידעע פון א מאָראלען שטאנדפונקט, 3)”.

1) Paul to the Colossians, 3, 22-24; and to the Ephesians, 6, 5-6.
2) Peter, First Epistle, 2, 18-19.
3) Prof J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p.p. 411-412.

3. **דער קנעכט ביי אידען.** — ווען משה רבנו האָט דעם אידישען פאָלק געגעבען די תורה מיט צוויי און דרייסיג הונדערט יאָר צוריק, האָט מען ניט געקאָנט אָפּשאַפען אינגאַנצען די סיס־טעם פון שקלאַפעריי; אָבער מען האָט געמאַכט הומאַנע געזעצען וועגען קנעכט. מיר, אידען, האָבען ניט קיינע געבאָט פאַר'ן קנעכט, אז ער זאָל זיין געהאָרזאַם און דינען דעם האַר מיט'ן גאַנצען האַר־צען, ווי קריסטענטום לערענט; אונזער תורה האָט נאָר אָנגעזאָגט דעם האַר, אז ער זאָל זיין גוט צו זיין קנעכט. די תורה זאָגט: „וכי ימוך אחיך עמך ונמכר לך, לא תעבוד בו עבודת עבד... לא תרדה בו בפרך, ויראת מאלהיך, 4)" — ווען דיין ברודער איז אָרים געוואָרען, און האָט זיך פאַרקויפט צו דיר פאַר א קנעכט, זאָלסטו מיט אים ניט ארבייטען ווי מען ארבייט מיט א קנעכט... און דו זאָלסט ניט הערשען אויף אים מיט הארטקייט —. דינען האָט דער קנעכט געדאַרפט נאָר זעקס יאָר; און אויב איינער שלאָגט זיין קנעכט צום טויט, קומט דעם האַר טויט־שטראָף, גלייך ווי ער וואָלט טויטען א פרייען מענשען, 5); און נאָך די זעקס יאָר, ווען דער קנעכט גייט ארויס פריי, זאָגט אָן די תורה: „ווען דו לאָזט אים אָפּ פריי, זאָלסטו אים ניט אוועקלאָזען ליידיג, דו זאָלסט אים געבען פון דיינע פיה, פון דיין תבואה און פון דיין וויין און בוימעל... און דיך זאָל ניט פאַרדריסען וואָס ער ווערט באפרייט, 6)".

און ווי מענשליך עס זיינען די געזעצען וועגען דער דינסט. אויב איינער קויפט א דינסט, מוז דער האַר אליין, אָדער זיין זון, הייראַטען די דינסט, און באהאַנדלען זי ווי אַלע פרייע פרויען ווע־רען באהאַנדעלט. קיין זאַך טאָר פון איר ניט געמינערט ווערען אַלס א פרוי; און אויב זי געפעלט זיי ניט צו זיין אַלס פרוי, טאָר מען זי ניט פאַרקויפען צו אַן אנדערען, נאָר מען מוז זי ארויסלאָזען פריי, 7).

און ניט נאָר אידען־קנעכט און דינסטען האָבען געהאַט זייערע רעכט, נאָר אפילו די קנעכט פון פרעמדע פעלקער זיינען באַשיצט געוואָרען אין אונזער תורה. און דער קנעכט האָט זיך גערעכענט ווי איינער פון דער געזינד. איין טאָג אין וואָך, שבת, האָט דער קנעכט געדאַרפט רוען גלייך מיט דער גאַנצער געזינד, 8); און

---

4) ויקרא, כה, לט־מו. 5) שמות, כא, כ. 6) דברים, טו, יג־יח.
7) שמות, כא, ז־יא. 8) שמות, כ, ח.

אין די טעג פון אונזערע ימים טובים האָט ער געמוזט רוען און געניסען פון אלעם גלייך מיט אלעמען. די תורה זאָגט: „דו זאָלסט זיך פרייען (אין דעם טאָג פון יום טוב), דו, דיין זון, דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, 9)”; און אויב דער האר האָט א שטארקען קלאפּ געטאָן זיין קנעכט, און האָט אים אויס־געשלאָגען א צאָן, מוז ער באלד באפרייען אים, 10).

און ווי שיין איז דער געדאנק, ווען עס רעדט זיך אין דער תורה וועגען א קנעכט, וואָס וויל ניט ארויסגיין פריי נאָך די זעקס יאָר. אין ד'ער תורה איז געשריבען: „אויב דער קנעכט זאָגט: „איך וויל ניט ארויסגיין פריי”, זאָל דער האר ברייננגען אים צום ריכטער און צופירען צום טיר, און מיט א נאָל דורכלעכערען זיין אויער, און ער בלייבט דינען, 11). קומט דער תלמוד און ערקלערט פאר־וואָס האָט מען געשטאָכען דעם אויער, ווייל דער אויער, וואָס האָט געהערט גאָטס וואָרט „די אידען זיינען מיינע קנעכט”, און ער קויפט זיך אליין א האַר, דאַרף אזא אויער געשטאָכען ווערען, און זאָלען אלע זעהן, אז דאָס איז א מענש, וואָס אים קימערט ניט צו זיין א קנעכט, 12).

דער גייסט געגען קנעכטשאפט האָט זיך אלץ מער אנטוויקעלט ביי אידען. אונזער נביא ירמיהו, וועלכער האָט געלעבט מיט 25 הונדערט יאָר צוריק אין א וועלט פון שקלאפעריי, האָט געפאָדערט פון זיין פאָלק אין דעם נאָמען פון גאָט, אז זיי זאָלען באפרייען זייערע קנעכט און דינסטען, 13), און ווען די רייכע האָבען ניט געוואָלט באפרייען זייערע קנעכט, האָט דער נביא געזאָגט אין גאָטס נאָמען, אז זיי וועלען דערפאר באשטראָפט ווערען מיט שווערד, מיט פעסט און מיט הונגער, 14).

און שפּעטער זיינען געקומען אונזערע חכמי התלמוד און האָ־בען געזאָגט: „מיט דיין קנעכט זאָלסטו זיך פירען ווי מיט א ברודער, ער זאָל ניט נאָכטראָגען דיר דיינע זאכען אין באָד, און ער זאָל דיר ניט אָנטאָן דיינע שיך, 15). נאָך אין א פלאץ זאָגט דער תלמוד: „דו זאָלסט זיך ניט ערלויבען צו געבען דיין קענכט שווארצען ברויט, ווען דו עסט ווייסען ברויט; דו זאָלסט אים ניט געבען קיין שלעכטען וויין, ווען דו טרינקסט גוטען וויין, און דו זאָלסט אים ניט לעגען שלאָפען אויף שטרוי, ווען דו שלאָפסט אויף

9) דברים, טז, יא. 10) שמות, כא, כו־כז.
11) שמות, כא, ה. 12) קדושין כב. 13) ירמיהו, לד, ט.
14) ירמיהו, לד, יז. 15) ספרא בהר.

פּערערען, 16)". און נאָך אין א פּלאץ ווערט געזאָגט: אויב דו האָסט נאָר איין קישען צום שלאָפען, זאָלסטו דאָס אָפּגעבען דיין קנעכט, 17)".

און דער רמב"ם זאָגט: „דעם קנעכט פון די כנענים זאָלסטו ניט שווער מאכען דעם יאָך, דו זאָלסט אים ניט דריקען, דו זאָלסט אים געבען פון אלע דיינע שפּייזען און געטראנקען, און דו זאָלסט אים ניט פארשעמען מיט דיינע רייד, 18)".

און אין אונזער שולחן ערוך שטייט געשריבען: „מיט דעם פרעמדען קנעכט, ניט קיין איד, זאָלסטו זיין בארעמהערציג, מאך ניט שווער דעם יאָך אויף אים, און באליידיג אים ניט אפילו מיט ווערטער, 19)".

## קאַפּיטעל 5

# גייסטיגע שקלאַפעריי

די ווילענס קראפט. — פרייהייט און ווילענס קראפט. — דעם אידענ'ס גייסטיגע פרייהייט.

וואָס איז די עקזיסטענץ פון א פאָלק, אויב ניט די עקזיסטענץ פון זיין נאַציאָנאלען גייסט? וואָס איז די וויכטיגקייט פון א פאָלק, אויב ניט די וויכטיגקייט פון זיינע גייסטיגע רייכטימער, וואָס ער האָט אריינגעבראכט אין דער מענשליכער קולטור? און וואָס איז די פרייהייט פון א פאָלק, אויב ניט די אינערליכע פרייהייט צו אנטוויקלען זיינע קרעפטען אין דעם וועג, וואָס איז אויסגעטראָטען דורך זיין אייגענער געשיכטע?
(אחד העם, השלוח, כרך 6 עמוד 377.)

**1. די ווילענס-קראַפט. —** איינע פון די שענסטע און וויכטיגסטע אייגענשאפטען פון א מענשען איז א שטארקער ווילען, צוזאמענגעבונדען מיט א פעסטער באשלאָסענהייט, און מיט א זעלבסטשטענדיגקייט, צו קאָנען פארלאָזען זיך אויף די אייגענע קרעפטען. דער ווילען פון מענשען איז דער פונדאמענט פון אלע שענסטע גייסטיגע אייגענשאפטען; און דאָס איז דער באזיס פון

16) קדושין, כב.
17) תוספתא קדושין. 18) רמ"בם, הלכות עבדים, פרק ט'.
19) יורה דעה סימן ר"סז.

דעם מענשען׳ס פעהיגקייט פון אויסדויער, אויסוואַרטונג, צו זיין איינגעשפּאַרט, פאַר׳עקשנ׳ט צו דערגרייכען דעם צוועק; און ניט צו פאַרלירען דעם מוט, און ניט אויפצוגעבען דעם קאַמף.

א שטאַרקער קערפּער אָן א ווילענס־קראַפט איז גלייך צו א שיף אָן א שטייער־מאַן, ווי מען דריקט זיך אויס „אַ שיף אָן א רודער״, וועלכע ווערט געוואָרפען אין אַלע זייטען פון יעדען ווינט, און גייט אראָפּ פון גלייכען וועג. אָבער ביי דעם מאַן מיט א שטאַרקען ווילען ווערט זיין ווילענס־קראַפט זיין שטייער־רודער, וועלכער פירט אים דורך די גרעסטע שטורמס.

די ווילענס־קראַפט גיט אויך דעם מענשען די פעהיגקייט צו קאָנען קאָנצענטרירען זיין פאַרשטאַנד אויף א געוויסען פּונקט, אום ער זאָל קאָנען גרינדליך באַגרייפען די זאַך, און ער זאָל קאָנען קו־מען צום ריכטיגען באַשלוס. מיט איין וואָרט דער מענש מוז באַ־זיצען א שטאַרקע אַנטוויקעלטע ווילענס־קראַפט.

איר זאָלט אָבער, קינדערלאַך, ניט מיינען, אז א ווילענס־קראַפט ווערט אָנגערופען, ווען איינער איז אָן פאַרשטאַנד איינ־געשפּאַרט דורכצופירען א זאַך, אָבוואָל דאָס קאָן זיין שעדליך פאַר אים, אָדער פאַר א צווייטען. אזא ווילענס־קראַפט איז ניט מער ווי א ווילדע צולאָזענקייט. מיר דאַרפען פריער וויסען, וואָס גוט און וואָס שלעכט; מיר דאַרפען האָבען א ריכטיגען באַגריף פון אונ־זערע מאָראַלע פליכטען; מיר דאַרפען קאָנען אונטערשיידען צווי־שען אונזערע גוטע און שלעכטע איינגענשאַפטען און נייגונגען; און דאַן דאַרף אונזער ווילענס־קראַפט העלפען אונז דורכפירען וואָס איז נאָבעל און שיין.

און איר דאַרפט וויסען, אז א ווילענס־קראַפט פאָדערט זיך ניט נאָר צוליב טאָן גוטע זאַכען און דורכצופירען נאָבעלע טאַטען; נאָר נאָך מער פאָדערט זיך א שטאַרקע ווילענס־קראַפט ניט צו טאָן, וואָס מען דאַרף ניט טאָן. די ווילענס־קראַפט דאַרף אין דעם מענ־שען אַנטוויקלען די שטאַרקסטע ווידערשטאַנדס־קראַפט, אז ער זאָל קאָנען באַקעמפען די שלעכטע נייגונגען און גרעסטע רייצונגען און פאַרפירעניש. „איזהו גבור הכובש את יצרו״, 1).

2. **פרייהייט און ווילענס־קראַפט.** — יעצט, ווען איר האָט א באַגריף וועגען דער וויכטיגקייט פון דעם מענשענ׳ס ווי־לענס־קראַפט, וויל איך מיט אייך ריידען וועגען דער וויכטיגקייט

1) פּרקי אבות, פּרק ד׳. משנה א׳.

פון גייסטיגער פרייהייט, וועלכע איז נויטיג צוליב קאָנען אַנטוויק־לען און פארשטארקען די ווילענס־קראפט, און צו קאָנען דאָס אויס־נוצען אין לעבען.

איר דארפט וויסען, אז דעם מענשען׳ס פרייהייט האָט אַן עטישע, מאָראלע באדייטונג נאָר דאַן, ווען זי איז א טיפע אינער־ליכע נשמה׳דיגע פרייהייט; א פרייהייט, וועלכע איז ניט א בלינדע, אָן מאָטיווען, נאָר א מאָראלע באוואוסטזיניגע געבויט אויף פארנינפטיגע אורזאכען, וואו אין פונדאמענט זיינען געלעגט געוואָרען הויכע פרינציפּען און אַלמענשליכע אידעאַלען. דאָס איז א פרייהייט, וועלכע פירט דעם מענשען צו א באשטימטען אָרט מאָראלען לעבען. אזא גייסטיגע פרייהייט קאָן ניט געשטערט ווע־רען פון אויסערליכע אומשטענדען, ווי שלעכט אָדער ווי גוט זיי זאָלען ניט זיין. באזיצענדיג אזא גייסטיגע פרייהייט, קאָן אונזער ווילענס־קראפט אנטוויקלען זיך צו דער העכסטער שטופע. אונ־זערע איבערצייגונגען, וועלכע קומען ארויס פון אונזער מאָראלער באוואוסטזיניגקייט, וועלען דורכגעפירט ווערען מיט דער גרעסטער ווילענס־קראפט.

3. דעם אידען׳ס גייסטיגע פרייהייט. — דאָס אידישע פאָלק אין גלות האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון גייסטיגער פרייהייט, צוזאמענגעבונדען מיט אַן אומפארגלייכליכער ווילענס־קראפט.

ווען מענשען זיינען געווען נאָך ווייניג ציוויליזירט, האָבען זיי זיך באנוגענט מיט דער קערפּערליכער פארשקלאפונג פון זייערע מיט־מענשען; אָבער צום גייסטיגען לעבען פון די באזיגטע איז מען געווען טאָלעראנט. ווי איר וועט זעהען ווייטער האָבען די אידען אונטער דער הערשאפט פון די באבילאנער און פערסיער געקאָנט לעבען און אנטוויקלען זיך גייסטיג אומגעשטערט, ווי זייער רעלי־גיע האָט פון זיי געפאָדערט, ווי זייער תורה האָט זיי געלערענט. שפּעטער אָבער, ווען די וועלט האָט גענומען פּראָגרעסירען, איבער־הויפּט, ווען דער קריסטליכער גלויבען האָט זיך פארשפּרייט, האָט מען מיט פייער און שווערד געצוואונגען, אז מענשען זאָלען פאר־לאָזען זייער גלויבען, זיי זאָלען אויסמעקען פון זייער הארצען זייע־רע גייסטיגע פאָדערונגען און נייגונגען, און זיי זאָלען לעבען ווי מען הייסט זיי.

און אפילו יעצט אין דער מאָדערנער ציוויליזאציע, אפילו אין

די פרייע דעמאָקראַטישע לענדער, זוכען די שטאַרקערע אַלע מיט־לען אויסצוואָרצלען ביי די שוואַכערע אַלעס, וואָס איז זייערס, און אַרויפצווינגען גאַנץ פרעמדע קולטורען מיט נייע וועלט־אַנשויאונגען; און אַזוי ווערען מענשען גייסטיג פאַרשקלאַפט, מען פאַרשטיקט דעם אייגענעם ווילען, מען טוט נאָך אַנדערע געגען די אייגענע נייגונגען און געוואוינהייטען, מען פאַרשוועכט אַלע היילינקייטען, און מען פאַרלייקענט דעם אייגענעם „איך". אָט די שקלאַפעריי, די גייסטיגע שקלאַפעריי, איז די העסליכסטע און שענדליכסטע פאַר דער מענשהייט.

דער גלות־איד האָט אָבער האָט ביז דער לעצטער צייט געוויזען זיין וואונדערבאַרע גייסטיגע פרייהייט, און זיין אומבאַגרייפליכע ווי־לענס־קראַפט. ווי אַ העלד אַ מאַרטירער האָט ער צו זיינע פיינט געזאָגט: „מיין פּאָליטישע פרייהייט האָט איר געקאָנט באַקעמ־פען, אָבער איר קאָנט ניט באַקעמפען מיין גייסטיגע פרייהייט. איר קאָנט טאָן מיט מיין קערפּער, וואָס איר ווילט, אָבער מיין נשמה האָט ניט מורא פאַר אַלע אייערע וואַפען". און פון די מאַקאַבעער ביז דעם שוואַכסטען גלות־אידען זיינען מיר אַרויס די זיגער אין דעם קאַמף. דעם אידישען גייסט האָט מען ניט געקאָנט באַקעמ־פען, ער איז געבליבען פריי מיט אַ שטאַרקער ווילענס־קראַפט, צו זיין עקשנות'דיג, איינגעשפּאַרט, און צו לעבען נאָך דעם וואונש פון זיין נשמה, ווי זיין געוויסען און איבערצייגונג דיקטירען אים; און זיין באוואוסטזיניגע גייסטיגע פרייהייט האָט אין אים געשאַפען אַ נאָבעלען שטאָלץ. דער גלות־איד איז שטאָלץ געווען מיט דעם נאָמען „איד", ווייל ער האָט געוואוסט, אז ער טראָגט אין זיך די שענסטע, העכסטע אַלמענשליכע אידעאַלען, מיט דער שטאַרקסטער שטרעבונג צו דער פּאָלקאָמער מענשליכער פרייהייט; און אָב־וואָל די אידעאַלען און שטרעבונגען האָבען ניט געקאָנט באַלד פאַר־ווירקליכט ווערען, דאָך האָט דער איד געפילט, אז האָבען אין זיך אַזעלכע אידעאַלען און שטרעבונגען, האָט אַן און פאַר זיך אַ גרויסע באַדייטונג און אַ הויכען ווערט.

דער גריכישער פילאָזאָף אַריסטאָטל האָט געזאָגט: „דער גוטער מענש, וואָס לעבט אין אומשטענדען, וועלכע לאָזען אים ניט דורכצופירען זיין העכערע טוגענד, וועט דאָך זיין נאָבעלקייט דורכ־שיינען, 2)".

2) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 16.

דער פילאָזאָף קאַנט האָט געזאָגט: „א גוטער ווילען איז גוט ניט פאר דער זאך, וואָס ווערט דורכגעפירט, ניט פאר דער נייגונג צו ערררייכען די זאך, נאָר איינפאך פאר דער גוטער אייגענשאפט צו האָבען א שטארקע ווילענס־קראפט ...ווען אפילו איבער געוויסע אומגינסטיגע אומשטענדען, אָדער דורך דער קארגקייט פון א שטיף־מוטערשער נאטור, האָט דער ווילען ניט די קראפט צו ערררייכען זיין צוועק, אויב מיט אלע אָנשטרייננגונגען קאָן ער גאָר ניט פאר־ווירקליכען, און עס וועט איבערבלייבען ניט מער ווי דער גוטער ווילען, דאָך וועט עס ווי א דימענט שיינען מיט זיין אייגענער ליכטיגקייט, ווי א זאך, וואָס האָט אין זיך אליין אין גאנצען זיין ווערט. 3)".

נעמענדיג אין אָנבאטראכט די מיינונג פון די צוויי דערמאנטע פילאָזאָפען, מעג דאָס אידישע פאָלק זיין שטאָלץ מיט די הויכע אידעאַלען, וואָס ער טראָגט אין זיך, מיט די גרויסע האָפענונגען, וואָס ער האָט, אז די צייט וועט קומען, ווען עס וועלען פארווירק־ליכט ווערען די רייד פון אונזערע נביאים, און אויף דער וועלט וועט הערשען ברידערשאפט, גלייכהייט און פאָלקאָמע פרייהייט.

איינער פון אונזערע דענקער, ווען ער רעדט וועגען פסח, פאר־ענדיגט ער מיט פאָלגענדע ווערטער: אָט דער בלענדענד־שיינער היסטאָרישער פאקט, דאָס גילדענע וויגעלע פון דעם אידישען פאָלק, איז נאָך א סך, א סך מער, איידער א היסטאָרישע פאסירונג: עס איז א פּאָעטישער סימבאָל פון דעם מענשליכען פרייהייטס־קאמף ... געטריבען דורך א גרויסען אידעאל ... די גאנצע מענשהייט האָט געמעגט פייערען דעם אידישען פסח, 4)".

---

איצט, מיינע ליבע אייניקלאך, פארשטייט איר פארוואָס דער יום טוב פסח איז אזוי טייער און הייליג ביי דעם אידען. ער איז דער שענסטער פייערליכסטער אידישער נאציאָנאלער יום טוב. ער איז דער געבורטסטאָג פון דעם אידישען פאָלק אלס א פאָלק, ער איז דער אָנפאנג פון אונזער אייביגען קאמף פאר פרייהייט, איבער־הויפט פאר אונזער גייסטיגער פרייהייט.

און מיט שטאָלץ קאָנען מיר זאָגען: „זמן חרותנו". דאָס איז דער יום טוב פון פרייהייט.

---

3) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 15.

4) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 4ער באנד, זייט 250.

## קאַפּיטעל 6
# די באַדייטונג פון שבועות

**דער יום טוב פון ערד ארבייטער. — דער טאָג ווען די תורה איז געגעבען.**

**1. דער יום טוב פון ערד־אַרבייטער.** — דער וואָרט שבועות מיינט „וואָכען", ווייל אין דער תורה ווערט געזאָגט: „זיבען וואָכען זאָל מען ציילען פון פסח, און דאן זאָל מען פייערען דעם יום טוב שבועות" 1). פון אָנפאנג איז דאָס געווען א יום טוב פון ערד־ארבייטער. ווען דאָס אידישע פאָלק איז געזעסען אין זיין אייגענעם לאנד, אין ארץ ישראל, האָט זיך דער איד אממערסטען באשעפטיגט מיט ערד־ארבייט, דעריבער זיינען די אידישע ימים טובים פארבונדען מיט ערד־ארבייט. דער יום טוב שבועות ווערט אין דער תורה אָנגערופען חג הקציר, 2), דאָס מיינט, דער יום טוב ווען מען שניידט די תבואה, ווייל דאן איז צייטיג געוואָרען די ווייץ. אין אן אנדער פּלאַץ אין דער תורה ווערט דער יום טוב אָנגערופען יום הבכורים, 3); דאָס איז געווען דער טאָג ווען די פארמער האָבען געבראכט זייערע ערשטע צייטיגע פרוכט אין בית המקדש צו לויבען גאָט פאר זיין ברכה, וואָס ער האָט געגעבען אויף זייערע פעלדער און אין זייערע וויינגערטנער, 4).

די פּראָצעסיע פון ברייננען די בכורים ווערט אזוי באשריבען אין משנה, 5): „די פארמער פון יעדער געגענד פלעגען זיך צוזאַמענקומען אין איין פּלאַץ, און פון דאָרט פלעגען זיי אוועקגיין קיין ירושלים. די בעסטע און שענסטע פרוכטען האָבען זיי געפירט אויף אָקסען, וועלכע זיינען געווען באַפּוצט מיט צווייגלעך פון אויל־בוימער און מיט גאָלד. צום ערשטען זיינען געגאנגען די, וואָס האָבען געשפּילט אויף פליימען, און נאָך זיי זיינען געגאנגען די מונטערע פריילעכע פּארמער. ווען מען איז געקומען נאָהענט צו ירושלים זיינען די גרעסטע מענשען פון שטאָט ארויסגעגאנגען באַ־

1) דברים, ט"ז, ט'־יוד.
2) שמות, כ"ג,ט"ז.
3) במדבר, כ"ח, כ"ו.
4) ויקרא, כ"ג, י"ז.
5) בכורים, פרק ג",

געגענען זייערע ברידער, די ערד־ארבייטער, און מען האָט זיי הארצ־ליך באגריסט. די פלייטען האָבען געשפּילט ביז מען איז געקומען צום בית המקדש. יעדערער פון די אנוועזענדע, אפילו דער קעניג אליין, האָט גענומען א קאָרב מיט פרוכטען אויף זיינע אקסלען, און זיינען אריין אין דעם הויף פון בית המקדש. דאָ האָבען די לויים באגעגענט זיי, זינגענדיג דעם קאפּיטעל תהלים: „ארומימך ה׳ כי דליתני״, 6), און ווען מען איז אריינגעקומען אין בית המקדש, האָט מען געזאָגט געוויסע פסוקים פון דער תורה, 7) און דער כהן האָט צוגענומען די פרוכטען.

2. **דער טאָג, ווען די תורה איז געגעבען.** — דער יום טוב שבועות האָט נאָך א וויכטיגע באדייטונג. ער הייסט ביי אונז „זמן מתן תורתנו״, דאָס מיינט, די צייט ווען די תורה איז אונז געגעבען געוואָרען. ווייל די תורה דערציילט, איז אין דעם דריטען מאָנאט נאָכ׳ן ארויסגיין פון מצרים, זיינען די אידען געקומען צום בארג סיני, און דאָרט האָבען זיי געהערט די צען געבאָט פון גאָט, 8).

אזוי איז דער יום טוב שבועות פארבליבען מיט די צוויי באַ־דייטונגען, „יום הבכורים״, און „זמן מתן תורתנו״. דער ביטערער גלות האָט דעם אידען דערווייטערט פון דעם נאטירליכען לעבען אלס אן ערד־ארבייטער; די פארפאָלגונגען האָבען אים געצוואונגען צו לעבען פון ווינט און רויך, קיינמאָל ניט זיכער זיין מיט דעם מאָר־גענדיגען שטיקעל ברויט; די פיינט האָבען אים פארשפּארט אין פינסטערע שמוציגע גהעטאָס; ער האָט ניט געקאָנט געניסען פון גאָט׳ס זיסע מתנות ווי זונענשיין און לופט, ניט זעענדיג פאר זיך קיין בוימעלע און קיין גרעזעלע; און דאָך פלעגט ער אימער באַ־זינגען די שיינקייט פון דער נאטור; און שבועות האָט ער גע־פייערט דעם יום הבכורים, דעם יום טוב פון זיינע אור־עלטערען, די ערד־ארבייטער; און די זיסע עראינערונגען פון דער פארגאנ־גענהייט האָבען דערוועקט אין אים א שטארקע האָפענונג, אז ער וועט צוריק אומקערען זיך צו זיין לאנד, און וועט ווייטער באאר־בייטען זיינע פעלדער און וויינגערטנער, און וועט ווייטער פייערען דעם אמת׳ן יום הבכורים.

אָבער די הויפּט באדייטונג פון שבועות איז ביי דעם גלות־

6) תהלים, ל״.
7) דברים, כ״ו, ג״־יוד.
8) שמות, קאפּיטעל י״ט און כ״.

אידען געווען דער אַנדיינקען פון דעם טאָג, ווען ער האָט די תורה גענומען, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פאַר דער וועלט דער גלויבען אין דעם איינצעלנעם גאָט; און דעריבער האָט דער יום טוב שבועות א שטאַרקע ווירקונג אויף דעם אידען׳ס גייסטיגען צו־שטאַנד. עס דערוועקט זיך אין אים אן ערהאבענע הייליגע שטי־מונג, זיין נשמה רייסט זיך ארויס פון דעם ענגען, חושכ׳דיגען גלות־לעבען, און שוועבט אין די ברייטע, ליכטיגע הימעלשע ספערען; פארשוואונדען ווערט אין גאַנצען זיין פינסטערע געגענוואַרט, און דייטליך שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיין נשמה זיין ליכטיגע, וואונדער־ליכע פארגאַנגענהייט, און עס דערוועקט זיך דער פולער גלויבען אין א גוטער צוקונפט.

און ניט נאָר די עלטערע מענשען, נאָר אויך די יונגע קינדער זיינען באגייסטערט געוואָרען פון דעם יום טוב שבועות. ווען איך בין נאָך א חדר־אינגעל געווען, און מען פלעגט שבועות אָנפאַנגען לייענען אין דער תורה ווי אזוי גאָט האָט אונז די תורה געגעבען, פלעג איך מיט מיינע קינדערשע געדאַנקען איבערטראָגען זיך אהין, ערגעץ ווייט, ווייט אין די ווילדערנישׂ, נעבען בארג סיני, און עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט א פורכטבאַרעם הערליכעם בילד. זעקס הונדערט טויזענט מענשען, אויסער פרויען און קליינע קינדער, שטייען ארום בארג סיני. פּלוצלונג פאַנגט צו דונערען, האסטיג קלאַפּט א דונער נאָך א דונער, און זיי צעקייקלען זיך איבער דעם ברייטען מדבר, און די בליצען ווי פייערדיגע ימים פארפלייצען די גאַנצע וועלט. און דער בארג סיני איז איינגעוויקעלט אין א גע־דיכטען וואָלקען ווי אין א טלית, און טרייסעלט זיך ווי א לולב; און גאָט׳ס שטימע לאָזט זיך הערען: „אנכי ד׳ אלהיך" — איך בין דער אייביגער, דיין גאָט.

יאָ, מיינע ליבע אייניקלאָך, אין אונז איז פון קינדווייז אָן איינגעפלאַנצט געוואָרען ליבע און אכטונג צום אידישען פאָלק און צו זיין וואונדערבארער אויסערגעוויינליכער געשיכטע. אָבער איר, וואַקסענדיג אין א פרעמדער אטמאָספערע, אונטער גאַנץ אנדערע אומשטענדען, קאָנט ניט באגרייפען די ערהאבענקייט פון דעם יום טוב שבועות, דעריבער וועל איך אין די נעקסטע קאפּיטלאָך איבער־געבען אייך מיינע שבועות׳דיגע שטימונגען און געדאַנקען. אין די פריהערדיגע קאפּיטלאָך האָב איך אייך געוויזען, אז פּסח איז דער געבורטסטאָג פון אידישען פאָלק, און איצט וועל איך אייך ווייזען,

אז שבועות, דער טאָג פון קבלת התורה, איז דער געבורטסטאָג פון „אידענטום".

## קאַפּיטעל 7

# רעליגיאָן און אַלגעמיין

**וואָס איז רעליגיאָן. — דאַרף דער מענש רעליגיאָן. — די ערשטע רעליגיאָנען.**

1. **וואָס איז רעליגיאָן.** — רעליגיאָן מיינט, ערשטענס, דער גלויבען אין אן איבערמענשליכער אַלערהעכסטער קראַפט; און צווייטענס, א געוויסע סיסטעם אין דעם מענשען'ס אויפפירונג, וועלכע איז באזירט אויף דעם גלויבען. דאָס הייסט, אז רעליגיאָן מיינט גלויבען און פאָלגען; און א רעליגיעזער מענש קאָן זיך אָנרופען אזא, וואָס זיין גלויבען איז שטארק און ערנסט, מיט א טיפער אכטונג און געהאָרכזאמקייט צו דעם אַלהעכסטען אויטאָריטעט; און זיין אויפפירונג, סיי אין זיין פערזענליכען לעבען, און סיי אין זיינע באציאונגען צו אנדערע מענשען מוזען זיין פאָלקאָם איינשטימיג מיט די פרינציפּען פון זיין רעליגיאָן. דערצו נאָך האָט יעדע רעליגיאָן געוויסע טראַדיציעס און צערעמאָניעס, וועלכע זיינען געגעבען צוליב וועקען אין דעם מענשען דעם אמת'ן רעליגיעזען געפיל.

צום באדויערען זעהען מיר, אז ביי פילע מענשען איז נאַרישער אבערגלויבען פאררעכענט פאר רעליגיאָן. ביי מענשען זיינען פאַראן רעליגיעזע באגריפען, וועלכע זיינען פארבליבען פון יענע צייטען, ווען די מענשהייט איז נאָך געשטאנען אויף א נידעריגער שטופע פון אנטוויקלונג; און אָט די אבערגלויבונגען זיינען שטארק איינגעוואָרצעלט אין דער נשמה פון דעם דורכשניטליכען מענשען.

אויך זיינען פאראן מענשען, וועלכע היטען אָפּ די רעליגיעזע טראַדיציעס און צערעמאָניעס, און זיי היטען ניט די הויפּט פרינציפּען פון זייער רעליגיאָן. א גרויסער טייל פון אזעלכע מענשען זיינען איינפאך היפּאָקריטען, פאַלשע מענשען, וועלכע ווילען אָפּנארען די וועלט צו ווייזען זיך אלס פרומע רעליגיעזע מענשען. אָבער עס זיינען אויך פאראן גאַנץ ערנסטע מענשען, וועלכע דורך זייער אומוויסענהייט פארשטייען ניט די העכערע לערע פון דער

רעליגיאָן, און זיי באַנוגענען זיך נאָר מיט טראַדיציעס און צערע־מאָניעס.

דער דענקער ר' נחמן קראָכמאַל האָט געזאָגט „ווען דער מענש שטייט אויף א נידעריגער שטופע פון קולטור, קאָן ער צופרידענ־שטעלען זיינע גייסטיגע פאָדערונגען מיט די אויסערליכע רעליגיעזע אויספירונגען; אָבער ווען דער מענש ווערט מער אנטוויקעלט, וויל ער באַגרייפען דעם גייסט פון דער רעליגיאָן, 1)".

2. דאַרף דער מענש רעליגיאָן? — אין היינטיגער וועלט קאָנען מיר טרעפען מענשען, וועלכע זיינען געגנער פון רעליגיאָן. איבערהויפט זיינען געגען רעליגיאָן די פירער פון סאָציאַליזם. זיי האָבען אָנגענומען די טעאָריע פון די מאַטעריאַליסטען, וועלכע זאָגען, אז אין דער נאַטור איז פאַראַן נאָר מאַטעריאַל, אָבער ניט קיין גייסט, אז דער פונדאַמענט פון אַלע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען ליגען נאָר אין די מאַטעריעלע באַדינגונגען, און דעריבער איז רע־ליגיאָן אינגאַנצען אַן איבעריגע זאַך. און די געגנערשאַפט פון די סאָציאַליסטען איז ניט נאָר א טעאָרעטישע פילאָזאָפישע וועלט־אַנשויאונג, נאָר זיי האָבען דאָס געמאַכט פאַר זייער פרינציפּ צו קעמפען געגען רעליגיאָן. און די אורזאַך פון זייער קאַמף איז פאַרשטענדליך. דער קאַמף פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען האָט זיך אָנגעפאַנגען וואו די הערשענדע רעליגיאָן איז די קריסטליכע, וועלכע לערענט, אז דער מענש מוז זיין אונטערטעניג צו די קעניגע און הערשער, 2), און די פאַרשקלאַפטע מאַסען מוזען זיין געהאָרזאַם צו זייערע הערען און דינען זיי מיט'ן גאַנצען הארצען, 3); דעריבער איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די פירער פון דעם סאָציאַליזם זיינען געגען רעליגיאָן; אָבער וואָס קאָן מען האָבען צו דער אידישער רעליגיאָן, וועלכע לערענט די פאָלקאָמע סאָציאַלע גערעכטיג־קייט און גלייכהייט פאַר אַלע מענשען?

און וואָס אָנבאַלאַנגט דער טעאָריע פון מאַטעריאַליזם, ווערט עס איצט אָפּגעלייקענט פון די גרעסטע דענקער. פראָפעסאָר מאַ־סאַריק האָט געזאָגט: „דער מאַטעריאַליזם אַלס א לעבען־אַנשויאונג איז דער גיפט, פון וועלכען מיר ליידען". און פראָפעסאָר פ. אד־

---

1) מורה נבוכי הזמן, שער ז'. דר. ש. ברנפלד, דעת אלהים, פתיחה, ע. 5, און ע. 588.

2) Paul to the Romans, 13, 1-7. Peter, Epistle 2, 13-14.

3) Paul to the Colossians, 3, 22-24; to the Ephesians, 6, 5-6; Peter, Epistle, 1, 2, 18.

לער שרייבט: „דער גלויבען אין מאַטעריאַליזם אליין, אָן גייסט, איז געבליבען נאָר פאַר האלב־געבילדעטע מענשען, 4)".

אין אלגעמיין קאָן מען זאָגען, אז קעמפען געגען רעליגיאָן מיינט עס צו קעמפען געגען איינעם פון די ערהאבענסטע מענש־ליכע געפילען, ווייל די גרעסטע דענקער פון דער וועלט זאָגען, אז דאָס רעליגיעזע געפיל ליגט אין דער נאַטור פון מענשליכען גייסט; דער טיפער רעליגיעזער געפיל איז א גייסטיגע און עסטעטישע באַ־דערפעניש; דאָס איז דער צענטער, דער מיטעל־פונקט, וואו עס פאַראייניגען זיך צוויי וועלטען, די אויסערליכע און די אינערליכע וועלט פון דעם מענשען, 5).

דער בארימטער ענגלישער סאָציאָלאָג און רעאַליסטישער פי־לאָזאָף הערבערט ספענסער דערווייזט, אז נאָר אַן אויבערפלעכליכע וויסענשאפט קאָן זיין געגען רעליגיאָן, אָבער די אמת'ע טיפע ווי־סענשאַפט, וועלכע דרינגט אריין אין די טיפעניש און זוכט דעם וואָרצעל פון יעדער זאַך, קומט צום גלויבען. די אמת'ע חכמה און די געלייטערטע רעליגיאָן זיינען א צווילינג שוועסטער, 6)". דער ענגלישער פילאָזאָף לאָרד בייקאָן זאָגט אויך: „אביסעל פילאָזאָפיע גיט דעם מענשען א נייגונג צו אַטעאיזם (אומגלויבען), אָבער די טיפערע פילאָזאָפיע ברייננגט דעם מענשען'ס שכל צו רעליגיאָן, 7)".

א מאָדערנער דענקער דריקט זיך אויס: „אין רעליגיאָן איז עפּעס פאראן, וואָס מיר קאָנען ניט דערקלערען, און דאָך ווילען מיר דאָס ניט פארלירען, ווייל אָן דעם וואָלט ווירקליך דאָס לעבען געווען אָרים און מיזעראבעל, 8)".

3. **די ערשטע רעליגיאָנען.** — עס איז דערוויזען געוואָ־רען וויסענשאפטליך9), אז די אריער, וועלכע האָבען געלעבט אין אָסט־אינדיען אין אַזיע, האָבען מיט פיל טויזענטער יאָרען צוריק שוין געהאַט זייערע רעליגיאָנען. זיי האָבען איבערגעלאָזט א לי־טעראַטור אין דער סאַנסקריטישער שפּראַך, אין וועלכער עס געפי־נען זיך רעליגיעזע הימנען, א זאמלונג פון תפלות, און ד. ג.

אייניגע געלערטע זאָגען, אז דער רעליגיעזער געפיל איז געקור־

4) Dr. F. Adler, The Religion of Duty, p.p. 9-11.
5) S. Cook, The Foundation of Religion.
6) H. Spenser, Intellectual, Moral and Physical Education, p. 77-78.
7) J. Bartleth, Familiar Quotations, p. 166.
8) Dr. F. Adler, The Religion of Duty, p.p. 3-4 and 23.

9) י. ליפערט, תולדות השלמת האדם, חלק א", ע. 133.
פראָפעסאָר מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח"א, 43־44.

מען צו די אריער דורך באגייסטערונג, וואָס זיי זיינען באגייסטערט געוואָרען פון אלעס, וואָס איז גרויס און מעכטיג אין דער נאטור. זיי האָבען פארגעטערט און געדינט צו די הויכע הימאלאאישע בערג, וואָס זיינען אימער באדעקט מיט שניי און גלאנצען אונטער די שטראַלען פון דער זון; זיי האָבען תפלה געטאָן און קרבנות געבראכט צו די גרויסע טייכען גאנגעס און איגד און צום גרויסען אָקעאַן, פון וועלכען זיי האָבען ניט געזען קיין אָנפאנג און קיין ענד. שפּעטער האָבען זיי אָנגעפאנגען צו פארגעטערען די זון, דעם בליץ, דעם רעגען, די בלויקייט פון הימעל און דעם פלאם פון פייער.

אנדערע געלערטע זאָגען, 10) אז דער רעליגיעזער באגריף האָט זיך אָנגעפאנגען ניט פון באגייסטערונג, נאָר פון שרעק; און געשראָקען האָבען זיי זיך ניט נאָר פאר די ערשיינונגען פון דער נאטור, נאָר זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט בייזע גייסטער, וועלכע הערשען אויף דער וועלט, און ברייגגען אויף דעם מענשען אלע צרות. אויך האָבען זיי געגלויבט, אז ווען דער מענש שטארבט, בלייבט פון אים זיין שאָטען; און אָט די שאָטענס פון די פארשטאָרבענע שלעפּען זיך ארום הונגעריגע איבער דער וועלט, און זיי ברייגגען אויף דער וועלט שטורמס, קראנקהייטען און אנדערע אָנשיקענישען; און בארואיגען אָט די שאָטענס קאָן מען נאָר ווען מען שטילט זייער הונגער מיט די בלוט פון מענשען. זיי פלעגען יעדען יאָר ברייגגען טויזענטער מענשען אלס קרבנות. 11).

אויך האָט מען אנטדעקט, אז פיל שטאַמען (שבטים) האָבען געמאכט פאר א גאָט געקאָכטע רייז, אנדערע האָבען פארגעטערט בהמות, חיות און שלענג, אפילו די מיסט פון פערד און בהמות האָבען זיך ביי זיי גערעכענט פאר א הייליגער זאך; און צו די אלע געטער האָט מען קרבנות געבראכט.

שפּעטער, ווען די מענשהייט האָט זיך מער אנטוויקעלט, האָט דער מענש באשאפען נייע רעליגיעזע אידעען און פאָרמען. מען האָט גענומען גלויבען, אז עס זיינען פאראן פיל געטער, גרויסע און קליינע, שטארקע און שוואכע, וועלכע פירען צווישען זיך אָן אן אייביגען קאמף. אייניגע געטער האָבען נאָך אלץ געפאָדערט, אז מען זאָל פאר זיי ברייגגען מענשען אלס קרבנות, און אייניגע געטער האָבען פארלאנגט, אז מענשען זאָלען דינען צו זיי מיט העסליכע אויסגעלאסענקייט.

---

10) ליפּערט, שם 43-44. 11) ליפּערט שם, 133. מענזים, ח"א 53, 56.

## קאַפּיטעל 8

# משה און קבלת התורה

די אנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיאָן. — די פעלקער קאָנען ניט אָננעמען אזא תורה. — ווער איז געווען משה. — משה גיט די תורה צו די אידען. — ווער איז גאָט.

א קוואל א ריינעם, א זיסען,
און א שטארקען ווי א טייך
האָט ער אייביג, אייביג פליסען
אויף דער וועלט געלאָזט פאר אייך...
(ש. פרוג, משה רבנו׳ס קבר)

1. **די אַנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיאָן.** — יעדער מענש קאָן זיך אויסלערנען שפּילען אויף א פידעל; אָבער צו זיין א קינסטלער א שפּילער מוז מען געבאָרען ווערען מיט א טאַלאַנט צו מוזיק; און נאכהער האָבען די מעגליכקייט צו אנטוויקלען דעם טאלאנט. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגען וועגען רעליגיאָן, יעדער מענש קאָן אנטוויקלען אין זיך דעם רעליגיעזען געפיל דורך לערנען, דענקען און באאָבאכטען; אָבער דער אמת׳ער טיפער עסטעטישער רעליגיעזער געפיל איז אן איינגעבאָרענע נייגונג, מיט וועלכער עס זיינען באשאָנקען איניגע מענשען; און אזעלכע מענשען קאָנען דערגרייכען צו דאָס העכסטע און שענסטע, וואָס די ריינע רעליגיאָן קאָן שאפען פאר דעם מענשען.

ווען מיר באטראכטען די אנטשטעאונג און אנטוויקלונג פון דער אידישער רעליגיאָן, מוזען מיר קומען צום באשלוס, אז דאָס אידישע פאָלק האָט געהאט אן איינגעבאָרענעם העכערען רעליגיעזען געפיל; און דערצו האָט דאָס אידישע פאָלק געהאט די געלעגענהייט צו לערנען און אנטוויקלען די רעליגיאָן אונטער פארשידענע טיפע באאָבאכטונגען, אונטער שטורעמדיגע געשעענישען. די גאנצע עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק איז אומבאגרייפליך, זיין לעבען איז אויסערגעוויינליך, און ער האָט געמוזט קומען צו דער איבערצייגונג, אז ער ווערט באשיצט פון דעם אלמאכטיגען גאָט. און אזוי איז די אידישע רעליגיאָן אויסגעוואקסען צוזאמען מיט דעם אידישען פאָלק, און איז אריינגעדרונגען אין דער אידישער נשמה דורך אן ערפארונג פון טויזענטער יאָרען.

אונזער גרויסער פּאָעט און פילאָזאָף ר׳ יהודה הלוי האָט געזאָגט: „גאָט האָט אויסגעקליבען דאָס אידישע פאָלק צו געבען זיי די תורה, ווייל זיי האָבען שוין געהאט די גייסטיגע אייגענשאַפטען, וואָס זיי האָבען איבערגענומען בירושה פון זייערע עלטערען.

2. די פעלקער קאָנען ניט אָננעמען אזא תורה. — אין תלמוד ווערט געזאָגט: „מלמד שהחזירה הקב״ה על כל אומה ולשון ולא קבלוה, עד שבא אצל ישראל וקבלוה, 1) — „גאָט האָט געשיקט די תורה צו אלע פעלקער, און זיי האָבען ניט אָנגענומען, ביז מען איז געקומען צו די אידען, און זיי האָבען די תורה אָנגענומען״. דער געדאנק דערפון איז, אז קיין פאָלק איז ניט געווען צוגעגרייט צו אזא תורה, וואָס לערענט פון א גלויבען אין איין גאָט; א תורה, וואָס איז געבויט אויף גערעכטיגקייט, אז אלע מענשען זיינען גלייך.

לאָמיר זעהן ווער זיי זיינען געווען די גרעסטע פעלקער פון יענער צייט.

ד י כ י נ ע ז ע ר. — אין ווייטען מזרח זייט פון אזיע ליגט דאָס גרויסע לאנד כינע. לעבט דאָרט א גרויס פאָלק און זייער קעניג איז זייער העכסטער גאָט, און אלע פארשטאָרבענע ווערען הייליגע גייסטער, און האָבען א גרויסע מאכט אויף די לעבעדיגע מענשען. וואָס פאר א פנים וואָלט ביי זיי האָבען אונזער תורה, אין וועלכער א קעניג שפּילט ניט קיין ראָל, און די טויטע פארנעמען ניט קיין פלאַץ צווישען די לעבעדיגע?

ד י א י נ ד י ע ר. — אין דרום זייט פון אזיען ליגט דאָס רייכע לאנד אינדיען. די גאנצע מאכט ליגט אין די הענט פון די גייסטליכע, זייערע געטער פאָדערען מענשען אלס קרבנות. אויף א גרויסען שווערען וואָגען פלעגט מען ארויפזעצען א גאָט; און, ווען דער וואָגען האָט אָנגעפאנגען צו גיין, האָבען מענשען געוואָרפען זיך אונטער די שווערע רעדער, און זיינען צעריבען געוואָרען אויף טויט. ווען איינער וואָלט קומען צו די אינדיער מיט אונזער תורה, וועלכע זאָגט: „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים״, אז יעדער איינער דאַרף שטרעבען, אז ער זאָל זיין אליין דער גייסטיגער פירער אין זיין לעבען, וואָלטען די אינדיער פריסטער אזא מענשען געווים פארברענט לעבעדיגערהייט.

ד י ע ג י פ ט ע ר. — די עגיפּטער זיינען אין יענער צייט שוין געשטאנען אויף א גאנץ הויכער שטופע פון אנטוויקלונג, אָבער

1) עבודה זרה, ב׳, ב״.

זיי זיינען געווען פּרימיטיווע געצענדינער; און איבער אלע געטער איז דער העכסטער גאָט געווען זייער קעניג, וועלכר האָט צוזאמען מיט די גייסטליכע פארשקלאפט דאָס פאָלק. אָט די פירער פון עגיפּטען וואָלטען קיינמאָל ניט צולאָזען אונזער תורה, וועלכע איז געגען שקלאפעריי, וועלכע געפינט אלע מיטלען ווי אזוי צו באפריי־ען די אונטערדריקטע.

ד י ב א ב י ל אָ נ ע ר. — צום צפון זייט פון אזיען איז גע־לעגען דאָס פרוכטבארע לאנד בבל (באבילאָניען). די באבילאָנער זיינען געשטאנען אויף א הויכער שטופע פון קולטור; אָבער גע־צענדינער זיינען זיי געבליבען; און דער קעניג מיט זיינע נאָענטע האָבען דאָס פאָלק פארשקלאפט. דאָס פאָלק האָט געלעבט אין נויט, און די הערשער האָבען געלעבט אין גרעסטען לוקסוס און אין אויסגעלאסענקייט. זיי וואָלטען ניט קאָנען אָננעמען אונזער תורה, וועלכע לערענט, אז אלע מענשען גלייך דארפען האָבען א מעגליכ־קייט צו געניסען פון דער וועלט, און אז דער מענש דארף קאָנען קאָנטראָלירען זיינע אינסטינקטען און ניט טאָן אלץ וואָס דאָס הארץ געלוסט.

ד י פ י נ י צ י ע ר. — ביים מיטעללענדישען ים, ניט ווייט פון בארג לבנון, איז געלעגען א קליין לאנד מיט'ן נאָמען פיניציען. די פיניציער זיינען געווען די קולטור טרעגער פון יענער צייט, זיי זיינען געווען די ערשטע סוחרים אויף דער וועלט, זייער האנדעל האָט זיך צעשפּרייט איבער אלע באקאנטע ימים, און זיי האָבען פיל ערפינדונגען געמאכט; און דאָך איז זייער רעליגיאָן באשטא־נען פון פיל געטער. די גוטע געטער האָבען געפאָדערט, אז מען זאָל זיי דינען מיט אויסגעלאסענהייט, און דער בייזער גאָט מולך האָט פארלאנגט נאָר קליינע קינדער אלס קרבנות. און עלטערען האָבען זייערע לעבעדיגע קינדער פארברענט אום צופרידען שטעלען דעם גאָט.

ווען מען וואָלט קומען צו די פיניציער מיט אונזער תורה, וואָלטען זיי פיליייכט אלס גוטע סוחרים אויסגעפונען, אז עס לוינט זיך אויסצובייטען די פיל געטער אויף איין גאָט; אָבער ווען זיי וואָלטען דערהערען, אז די תורה זאָגט: „דו זאָלסט האָבען ריכטיגע וואָג און מאָס", 2) ווען דו ווערסט עפּעס פארקויפען אָדער קויפען

2) ויקרא, י"ט, ל"ו; דברים, כ"ה, י"ג־ט"ז.

זאָלט איר ניט נארען איינער דעם צווייטען, 3), וואָלטען זיי געוויס אויסלאכען זיך פון אזא תורה, וואָס וויל זיך מישען אין זייערע געשעפטען.

דאָסזעלבע קאָן מען זאָגען וועגען די גריכען און אנדערע פעלקער אין יענער צייט, אז ביי זיי האָט ניט געקאָנט ערשיינען אזא תורה ווי אונזערע. נאָר דאָס פאָלק ישראל איז געווען צוגעגרייט דערצו.

3. ווער איז געווען משה. — אונזער מאָדערנער דענקער אחד העם (אשר גינצבורג) זאָגט: „ווען איך לערען דעם חומש, שוועבט פאר מיר משה׳ס גייסט, און הויבט מיך אויף צו א העכערער וועלט. משה׳ס געשטאַלט איז איינגעקריצט אין דעם הארץ פון אונזער פאָלק, און זיין איינפלוס האָט ניט אויפגעהערט. ניט נאָר פערציג יאָר איז ער געווען אונזער וועג־ווייזער אין דעם מדבר, נאָר טויזענטער יאָרען איז ער אונזער פירער אין אלע ווילדערנישען... משה איז געוואָרען דער אידישער נאַציאָנאלער אידעאל, דורך וועלכען דער גייסט פון דעם פאָלק פארווירקליכט זיינע אינערליכע שטרעבונגען. „

„וואָס איז געווען משה? פרעגט אחד העם, צו וועלכען קלאַס מענשען האָט ער באלאנגט? ער איז ניט געווען קיין העלד, קיין קריגער. אפילו אין דער מלחמה מיט עמלק האָט ער ניט גענומען קיין אנטייל אלס א קעמפער, ער האָט נאָר געהאט א גייסטיגע ווירקונג, וועלכע האָט ערמוטיגט די קעמפער. אויך איז ער ניט געווען קיין פאָליטיקער. צו פירען פארהאנדלונגען מיט פרעה׳ן האָט ער גענומען זיין ברודער אהרן. אויך איז ער ניט געווען קיין געזעצגעבער, ווי מען פארשטייט עס געוויינליך, ווייל א געזעצגעבער גיט זיין לערע צו די מענשען פון זיין צייט, איינשטימיג מיט די באדערפענישען פון יענער צייט און יענעם פלאַץ; און ער האָט נאָר באשאפען געזעצען פאר דער צוקונפט. טאָ וואָס זשע איז משה? — משה איז א נביא. ער איז דער „ארון הנביאים", דער אידעאלער טיפ פון דער אידישער נבואה... נאָר דריי עפּיזאָדען דערציילט די תורה פון משה׳ן. ער דערזעט ווי א מצרי שלאָגט א אידען ווערט ער דער פארטיידיגער פון דעם שוואכען. ער דערזעט ווי צוויי אידען קריגען זיך, מישט ער זיך אריין, שטעלט זיך אין געפאר און מוז פארלאָזען זיין היים. ווען ער קומט אין א נייען

3) ויקרא כה, י״ד.

פלאַץ, דערזעט ער ווי די פּאַסטוכער באַהאַנדלען שלעכט די שוואַכע פּרויען־פּאַסטורכער, גאָר פרעמדע מענשען, און דאָך שטעלט ער זיך איין, און העלפט די שוואַכע.

„און דאָרט אין דער פרעמד האָט ער דערהערט די געטליכע שטים, און האָט זיך דערמאָנט די מאַטערניש פון זיין פאָלק, 4).

4. **משה גיט די תורה צו די אידען.** — אין דעם מדבר זיינען געצעלטען צעשפּרייט. דאָרט רוען די בני ישראל, וועלכע זיינען ערשט מיט זיבען וואָכען צוריק באַפרייט געוואָרען פון שקלאַפעריי, און זייער גרויסער פירער משה האָט זיי אַרויסגעפירט אין דער ברייטער פרייער וועלט. שטיל איז די מדבר־נאַכט; רואיג שלאָפען די באַפרייטע שקלאַפען; נאָר משה שלאָפט ניט. ער דענקט וועגען דער צוקונפט פון זיין ליבען פאָלק. ער ווייס, אַז נאָר א טייל פון דער געטליכער אַרבייט האָט ער אָפּגעטאָן; אַז באַפרייען מענשען קערפּערליך איז נאָך ניט גענוג; פאָלקאָמע פרייהייט הייסט נאָר דאַן, ווען ביי דעם מענשען איז אַנטוויקעלט א שטאַרקע גייסטיגע פרייהייט. ווי א גוטער געטרייער פאָטער זאָרגט ער פאַר דער צוקונפט פון זיין פאָלק. ער וויל איינפּלאַנ־צען אין זיין פאָלק א שטאַרקען געטליכען גייסט, וועלכער זאָל ניט קאָנען באַקעמפּט ווערען; און זיין פאָלק זאָל ניט נאָר קאָנען עק־זיסטירען, נאָר עס זאָל אימער שטרעבען און שאַפען, און מיט זיין גייסט זאָל ער קאָנען אויך באַגייסטערען אַנדערע פעלקער, און פאַרשפּרייטען אין דער וועלט אַלע שענסטע אידעאַלען.

און דערהערט האָט משה די געטליכע שטימע: „אויב איר וועט מיך פאָלגען, וועט איר זיין מיין באַזונדער אייגענטום צווי־שען אַלע נאַציאָנען, און איר וועט מיר זיין א רייך פון פּריסטער און א הייליג פאָלק, 5)". מיט אייניגע טעג שפּעטער ווערט דער מדבר פאַרצויגען מיט געדיכטע וואָלקענס, די ערד ווערט פאַרהילכט פון שרעקליכע דונערען, און דער באַרג סיני ווערט איינגעוויקעלט אין בליצען־פלאַמען און אין רויך... דאָרט ווערט אויסגעשמידט דער אייביגער אידישער גייסט, די אידישע פאָלקס־נשמה. אין דער ווילדערניש, אויפ'ן קליינעם באַרג סיני מיט דעם קליינעם פאָלק ישראל קומט איצט פאַר דאָס גרעסטע, בעסטע און שענסטע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. דער איד נעמט זיין תורה.

---

4) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ג, ע. 211.
5) שמות, י„ט, ג"ו".

משה האָט געבראַכט דער וועלט דעם אָנזאָג פון א נייער רעליגיאָן, און פון א נייער לעבענס־אָפשאצונג, אויף וועלכער עס דאַרף געגרינדעט ווערען א נייע געזעלשאַפט. אין אַ וועלט פון פינסטערניש און געצענדינסט האָט משה אריינגעבראַכט דעם שענסטען באַגריף פון רעליגיאָן. דאָס פראָקלאמירען דעם גלויבען אין איין גאָט איז געווען איינע פון די שענסטע געשעעענישען, איינער פון די וויכטיגסטע שריט אין דער קולטור פון דער מענשהייט. דער גלויבען אין איין גאָט האָט דערהויבען דעם מענשען צו די טיפסטע געדאַנקען, צו די שענסטע געפילען און צום אייביגען שטרעבען צו שענערס און העכערס.

דער ענגלישער היסטאָריקער מענזיס זאָגט: „דער געדאַנק, אַז אַלץ קומט פון איין קוואַל געפינט מען ביי די עגיפּטער און ביי די באַבילאָנער; אָבער די גרויסקייט פון משה׳ן איז דאָס, וואָס ער האָט אָט דעם גרויסען געדאַנק אריינגעבראַכט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, און פאַרבונדען דעם געדאַנק מיט דער שטאַרקסטער מאָראַליטעט ווי אַזוי דער מענש דאַרף זיך אויפפירען, 6)”.

5. **ווער איז גאָט.** — יעצט קאָנט איר מיך פרעגען: „ווער איז אונזער גאָט, וואָס משה האָט פראָקלאַמירט?”, קאָן איך אייך זאָגען, אַז די גרעסטע דיינקער פון דער וועלט וועלען אייך ניט קאָנען געבען קיין דייטליכע פאָרשטעלונג, וואָס גאָט איז אין זיין וועזען; אָבער מיט פולער זיכערהייט וועלען זיי אייך זאָגען, אַז זיי באַגרייפען גאָט מיט זייער דיינקען און מיט זייערע געפילען. די גרויסע דיינקער זאָגען, אַז די פינף חושים, וואָס דער מענש באַזיצט, זיינען ניט גענוג צו באַגרייפען אַלץ אין דער נאַטור; עס פעלען אונז חושים; און די חושים ,וואָס מיר באַזיצען, זיינען שוואַך און באַגרעניצט צו פאַרשטיין אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער וועלט. און ניט נאָר דעם מענשענ׳ס חושים, נאָר אויך זיין שכל איז באַגרעניצט, און ער קאָן באַגרייפען נאָר א טייל פון דער אַלוועלט. מאַקס נאָרדוי האָט געזאָגט: „אין גאַנצען איז אונזער לאָגיק איז נאָר א טייל פון די אַלע געזעצען פון דער נאַטור; און אַזוי ווי מען קאָן ניט מיט א שליסעלע פון א זייגער עפענען אַן אייזערנע טיר, אַזוי קאָנען מיר ניט מיט אונזער וויסענשאַפט באַגרייפען די רעטענישען פון דער וועלט. עפּעס איז פאַראַן, וואָס בינט אַלץ צוזאַמען, נאָר אונזער שכל באַגרייפט עס ניט, 7)”

6) מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח״ב, ע. 41.
7) מקס נורדוי, פרדוכסים, תרגום ראובן בריינין, ע. 5.

דיזעלבע מיינונג זאָגען ארויס די גרעסטע דיינקער. זיי האָבען מיט זייערע גרויסע קעפּ אריינגעדרונגען אין די פארבאָרגענסטע ווינקעלאַך פון דער נאַטור, און דאָך גיבען זיי צו, אז זיי קומען צו אַ פּונקט, וואו זיי קאָנען ניט גיין ווייטער, זייער ברייטער פאַרשטאַנד קאָן מער ניט באגרייפען, און זייער טיפער בליק קאָן ווייטער ניט אריינדרינגען, ווייל דער מענש קאָן נאָר באגרייפען די זאכען, וועלכע האָבען אַן אָנהויב און אַ סוף, אָבער עס איז פאראַן עפּעס אומענדליכעס, וועלכעס ציט זיך פון אַן אומבאגרייפליכען אָנהויב, דעריבער גיבען צו אַלע גרויסע דיינקער, אז עס איז פאראַן אַ קראַפט, וועלכע איז העכער פון דעם מענשענ׳ס פארשטאַנד; און די גאַנצע נאַטור צוזאַמען מיט אונזער לעבען און מיט אונזער שכל ווערען קאָנטראָלירט פון אָט דער אַלהעכסטער קראַפט, וועלכע מיר רופען „גאָט”.

און אויסער דער דיינקונגס־פעיאיגקייט, וועלכע פירט צום גלויבען אין גאָט, באַזיצט נאָך דער מענש געפילען, וועלכע פירען צום גלויבען אין גאָט. ווען דער מענש באטראַכט די שיינקייט און די אָרדנונג פון דער וועלט, דערפילט ער, אז אַן אַלהעכסטע קראַפט פאראייניגט דאָס אַלץ; און ווען אין דעם מענשען דערוועקט זיך אַ שטאַרקע שטרעבונג צו אַ שענערען מאָראַלישען לעבען, דערפילט ער, אז אַ העכערע קראַפט פאָדערט עס פון אונז; און אָט די העכערע קראַפט איז גאָט. אין אַלגעמיין דאַרפען מיר וויסען, אז דעם מענשענ׳ס גייסט, די נשמה זיינע, קאָן אריינדרינגען אהין, וואוהין אונזער שכל קאָן ניט צוקומען. און זי, די נשמה, דינט דעם מענשען אַלס אַ שאַפענדער כח, וועלכער איז טיפער פון אַלע אונזערע חכמות. די נשמה קאָן אריינפירען דעם מענשען אין אַ העכערער, שענערער וועלט; זי דעקט אויף פאַר אונז אַ ברייטערען האָריזאָנט, און זי ווייזט אָן אַ צוועק אין לעבען. דאָס שענסטע אין לעבען איז נאָר דאָס, וואָס די נשמה לעבט איבער; און די ריינע נשמות פון די גרויסע מענשען האָבען דערפילט, אז עס איז פאראַן אַן אַלהעכסטער פירער פון דער וועלט, און דאָס איז גאָט. און אָט דער באַגריף ווegען גאָט איז דער פונדאַמענט פון דער ריינער אידישער רעליגיאָן.

## קאַפּיטעל 9

# די אידישע רעליגיאָנס לעהרע

דעם אידענ'ס גלויבען. — אונזער פּערזענליכע אויפפירונג. — אונזערע באציהונגען צום מענשען. — די מצוה צו לערנען. — טראַדיציעס. — דער גלויבען אין א בעסערער צוקונפט.

1. דעם אידענ'ס גלויבען. — די אידישע רעליגיאָן איז געבויט אויף צוויי הויפּט דאָגמען. די ערשטע דאָגמע איז דער גלויבען אין דעם איינצעלנעם גאָט, און די צווייטע דאָגמע איז דער גלויבען אין א בעסערער צוקונפט, 1). אָט דאָס איז דער פונדאַמענט פון דער אידישער אמונה. מיר דארפען אָבער וויסען, אז דער העברייאישער וואָרט „אמונה", וועלכער ווערט געוויינליך איבערגעזעצט „גלויבען", מיינט פיל מער פון גלויבען אליין. אמונה מיינט: פעסטקייט, געוויסענהאפטיגקייט, ווארהאפטיגקייט, צוטרויען און אנערקענען מיט זיכערהייט,2).

אין דער קריסטליכער רעליגיאָן, צום ביישפּיל, איז אָנגעזאָגט געוואָרען, אז מען מוז נאָר גלויבען. „אויב דו גלויבסט וועלען פאַרגעבען ווערען דיינע זינד, און דו ווערסט געהייליגט, 3)". אין דער אידישער תורה איז ניטאָ קיין געבאָט צו גלויבען. אין דער תורה ווערט נאָר געזאָגט „דו זאָלסט וויסען דיין גאָט". מען מוז לערנען און באָבאכטען די וועלט און דעם לעבען אום צו קומען צו דער איבערצייגונג, אז עס איז פאראן א גאָט, 4). ווען דער נביא זאָגט „וצדיק באמונתו יחיה" — דער גערעכטיגער לעבט אין זיין אמונה, 5) מיינט עס ניט א גלויבען, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט נאָר פון מויל, נאָר דאָס מיינט א גלויבען, וואָס שטראָמט ווי א קוואַל פון די טיפעניש פון דער נשמה; דאָס איז ניט א בלינדער גלויבען, נאָר דאָס מיינט א גלויבען, וועלכער איז פארבונדען מיט פעסטע איבערצייגונגען, מיט פולען צוטרויען, מיט א ריינעם געוויסען און מיט פאָלקאָמע ווארהאפטיגקייט.

---

1) Prof S. Schechter, Studies in Judaism, p. 151.

2) שמות, י"ז, י"ב; מלכים ב", י"ב, ט"ז; תהלים, ל"ג, ד"; הושע, ב", כ"ב.

3) Luke, 18, 29-30.

4) דר. ש. ברנפלד, דעת אלהים, ע. 574; משה העם, רומא וירושלים, ע. 48.

5) חבקוק, ב", כ"ב.

2. אונזער פּערזענליכע אויפפירונג. — אזוי ווי די ערשטע דאָגמע איז דער גלויבען אין גאָט, דארפען מיר וויסען וואָס זיינען די פאָדערונגען פון אונזער גאָט, צו וואָס דארף אונז פירען דער גלויבען אין גאָט?

ווען מיר לערנען די תורה ווי געהעריג, זעהען מיר, אז גאָט פאָדערט פון דעם מענשען: ערשטענס, א געוויסען אַרט פון אויפפירונג אין זיין אייגענעם פּערזענליכען לעבען; און צווייטענס, זיין אויפפירונג און באַציאונגען צו אלע מיטמענשען. וואָס אַנבאלאנגט אונזער פּערזענליכען לעבען, האָט די תורה געזאָגט: „קדושים תהיו כי קדוש אני ד' אלהיכם. 6)" — הייליג זאָלט איר זיין, ווייל הייליג בין איך אייער גאָט — דאָס מיינט, אז מיר מוזען פירען א ריינעם מאָראלען לעבען. מען זאָל אָבער ניט מיינען, אז דער מענש דארף זיך אָפּזונדערען פון דער וועלט. אונזער תורה ווערט אָנגערופען „תורת חיים" — א תורה פון לעבען — דאָס איז ניט א לערע פון אסקעטיזם, נאָר דאָס איז א פּראַקטישע לערע, ווי אזוי דער מענש זאָל געניסען פון לעבען, און צו דער זעלבער צייט זאָל ער ניט פארזונקען ווערען אין תאוות. די תורה לערענט אונז, אז דער מענש דארף קאָנען געוועלטיגען אויף זיין ווילען, ווייל די ערגסטע שקלאפעריי איז די, וואָס דער מענש איז פאַרשקלאפט צו זיינע שלעכטע נייגונגען. און די תורה לערענט אונז, אז דער מענש דארף אנטוויקלען אין זיך א שטארקען פרייען גייסט פון זעלבסטבאהערשונג, וועלכער קאָן באקעמפען די רייצענדע פאַרפירערשע שטרויכלונגען; און דער מענש קאָן דאָס אנטוויקלען אין זיך דורך געוואוינהייטען און דורך א פעסטען באשלוס צו לעבען נאָך געוויסע פּרינציפּען פון מאָראל. דער פילאָסאָף ברוך שפינאָזא האָט געזאָגט: „וואָס מער דער מענש געוואוינט זיך צו טאָן יעדע זאך נאָכ'ן ריכטיגען פאַרשטאַנד און נאָך דער לערע פון מאָראל, האָט ער אלץ מער מעגליכקייט צו באקעמפען זיינע נייגונגען. ער קאָן זיך שטאַרקען געגען דער ווירקונג פון זיינע געפילען, און דאַן איז ער א פרייער מענש. 7)".

3. אונזערע באַציאונגען צו מענשען. — דער גלויבען אין גאָט פירט אונז צום געדאנק, אז אויב גאָט איז דער איינציגער באַשעפער פון אלעמען און פון אַלץ, דאַן דארפען אלע מענשען גלייך

6) ויקרא, י"ט, ב".
7) ברוך שפינוזא, מאת הלל צייטלין, ע. 127; דר. ברנפלד, דעת אלהים 542.

קאָנען געניסען פון גאָט'ס וועלט; און דעריבער טאַקע איז אונזער תורה אַ לערע פון פאָלקאָמער גערעכטיגקייט, פון גלייכהייט פאַר אַלע מענשען.

און אזוי ווי אַלע זיינען די קינדער פון איין גאָט, דאַרפען די באַציאונגען צווישען אַלע מענשען זיין ברידערליכע מיט אַן ערנסטער ליבע, אימער צו זיין גרייט צו העלפען יעדען מענשען מיט אַלץ, וואָס עס ליגט אין דער מעגליכקייט פון אַ מענשען צו העלפען אַ צווייטען; און אַלע אונזערע טאַטען מוזען זיין געבויט אויף אמת און ערנסטקייט. די גוטס, וואָס מיר טוען, זאָל געטאָן ווערען מיט'ן גאַנצען הארצען, ווייל דער פונדאמענט פון דער מאָראַלער וועלט איז געבויט אויף גוטע טאַטען, וועלכע קומען ארויס פון גוטע געדאַנקען און פון אַ ריין הארץ, 8).

און גוטס דאַרפען מיר טאָן ניט דערוואַרטענדיג קיין געצאָלט דערפאַר. אונזער גרעסטע באַלוינונג דאַרף זיין די גייסטיגע צופרידענהייט, און דער באַוואוסטזיין, אז מיר לעבען ווי מענשען דאַרפען לעבען. אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: „איר זאָלט ניט זיין ווי די קנעכט, וואָס באַדינען דעם האַר אום צו באַקומען באַצאָלט, 9)". און נאָך אין אַ פּלאַץ ווערט געזאָגט אין תלמוד: „דער מענש, וואָס טוט אַ מצוה פון ליבע, איז פיל גרעסער פון דעם, וואָס טוט עס פון מורא, 10)". דעם זעלבען געדאַנק האָט ארויסגעזאָגט דער גריכישער פילאָסאָף אַריסטאָטעל: „אַ מענש איז ניט גוט, אויב ער האָט ניט פארגניגען פון זיינע גוטע טאַטען, מיר קאָנען ניט רופען אַ מענשען גרויסמוטיג, אויב ער פילט ניט קיין פארגניגען פון זיין גרויסמוטיגקייט, 11)".

4. די מצוה צו לערנען. — לערנען איז איינע פון די וויכטיגסטע געבאָט אין דער אידישער רעליגיאָן. די תורה זאָגט: „ולמדתם את בניכם" — און איר זאָלט לערנען אייערע קינדער, 12). נאָך אין אַ פּלאַץ זאָגט די תורה: „הערט צו די געזעץ פון גאָט, און איר זאָלט זיי לערנען און היטען צו טאָן זיי, 13)". און די חכמי התלמוד האָבען דערוויזען, אז לערנען שטייט העכער

8) דעת אלהים, 571.
9) אבות, פ"א, משנה ג.
10) סוטה, ל"א.
11) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 89.
12) דברים, י"א, י"ט. 13) דברים ה', א'.

פון אַלץ, 14). ווען די חכמים רעכענען אויס די גרעסטע מצוות פון דער תורה, זאָגען זיי, אז לערנען תורה איז גרעסער פון אַלץ, 15). נאָך אין א פּלאַץ זאָגען זיי: „לערנען תורה איז גרע־סער איידער בויען דעם בית המקדש, 16). און ווי טיף איז דער אויסדרוק אין משנה: „דער אומוויסענדער קאָן ניט זיין קיין גאָטספאַרכטיגער, 17)”. און וויפיל באדייטענד זיינען די פאָלגענדע ווערטער: „גאָט האָט פארגעבען די אידען אַלע זינד, אָבער ער האָט זיי ניט פארגעבען די זינד, וואָס זיי האָבען ניט געלערענט די תורה, 18)”.

טייער און הייליג איז ביי אידען געווען דער געבאָט צו לער־נען. יעדער איד האָט געלערענט. מיט דער גרעסטער אָנשטריינ־גונג געלאָזט לערנען די קינדער. ווען די גאנצע וועלט איז נאָך האלב ווילד געווען, האָבען מיר שוין געהאט ישיבות, וואו מען האָט געלערענט. און געלערענט האָט דער איד ניט נאָר זיין תורה, נאָר אויך אַלץ פון דאָס בעסטע, וואָס די מענשליכע קולטור האָט גע־שאַפען. אונזערע חכמי התלמוד זיינען באזעסען אַלע וויסענ־שאפטען פון זייער צייט, און אויך שפּעטער זיינען אונזערע גרויסע רעליגיאָנס־לערער געווען וויסענשאפט לייטע, 19).

מיר האָבען באקומען דעם נאָמען „עם הספר” — דאָס פאָלק פון בוך, — ווייל אין יעדען אידישען הויז זיינען געווען ספרים, אָרים און רייך, מענער און פרויען, אלטע און יונגע, אלע האָבען געלערענט. יעדערער נאָך זיין פארשטאנד און אנטוויקלונג האָט אין די ספרים געפונען שפּייז פאר זיין גייסט, און זיין נשמה איז דורכ־דעם געהייליגט געוואָרען.

5. טראַדיציעס. — א וויכטיגע ראָליע אין דעם אידישען לעבען האָבען געשפּילט די רעליגיעזע טראדיציעס, דינים און מנהגים, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען צו וועקען אין אונז העכע־רע רעליגיעזע געפילען, צו פארבינדען אונז מיט אונזער פארגאנ־גענהייט, צו אויפהאלטען אין אונז א באוואוסטזיניגען נאציאָנאלען געפיל מיט א שטאַרקען גלויבען אין א בעסערער צוקונפט. אָט די טראדיציעס האָבען אין אונזער שווערען גלות־לעבען געדינט אונז אלס א פעסטונג געגען אסימילאציע; דאָס איז געווען א פאר־

14) קדושין, מ. בבא קמא, י״ז. 15) פאה, פ״א, משנה א׳.
16) מגלה, ט״ז, ב׳. 17) אבות פ״ב, משנה ו׳.
18) תלמוד ירושלמי, חגיגה פרק א׳. מדרש רבא, ריש איכה.
19) רי״בל, תעודה בישראל, שער ג.

שטאַרקונגס מיטעל פאַר אונזער קערפּער און פאַר אונזער גייסט. דער סאָציאַליסט און דיינקער משה העס האָט געזאָגט: „די אלע מצוות, גרעסערע און קלענערע, האָבען ווי א שטאַרקע פעסטונג אַרומגערינגעלט דעם אידענטום צו היטען אים פון אלע שטורמס. לאָבען דערפון קאָנען נאָר מענשען מיט פוסטע קעפּ, וועלכע רעכע־נען זיך פאַר געבילדעט. 20)". און דר. רופּין זאָגט: „אויב די רע־ליגיאָן וואָלט געוועזען באַגרינדעט נאָר אויף טעאָרעטישער לערע, אָהן טראַדיציעס אין דעם אַלטעגליכען לעבען, וואָלט די רעליגיאָן ניט געקאָנט האָבען די שטאַרקע ווידערשטאַנד־קראַפט, וועלכע דער איד האָט ביז איצט אַרויסגעוויזען. 21)". דר. חיים זשיטלאָווסקי זאָגט: „יעדער אידישער מנהג האָט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן פּאָע־טיש פאַרטיפט ווערען און באַקומען א ריין־מאָדערנע פאָרם, מיט אפשר א גאַנץ נייעם וויכטיגען גייסטיגען אינהאַלט. 22)".

6. דער גלויבען אין אַ בעסערער צוקונפט. — די צוויי־טע דאָגמע פון דער אידישער רעליגיאָן, ווי אויבען דערמאַנט, איז דער גלויבען אין א בעסערער צוקונפט. ווי מיר רופען עס „ביאת המשיח". אחד העם זאָגט: „דער נאַציאָנאַלער „איך" פון א פאָלק איז דער צוזאַמענבונד פון זיין פאַרגאַנגענהייט און זיין צוקונפט. עראינערונגען פון איין זייט, און האָפענונג פון דער אנדער זייט. אונזערע נביאים און שפּעטער אונזערע חכמים, האָבען איינגע־פלאַנצט אין דעם אידען די האָפענונג אויף דער צוקונפט; און ביי דעם אידען איז דאָס געוועזען ניט א פאַנטאַסטישע האָפענונג, נאָר אלס אַ ווירקליכקייט; און דאָס איז געוועזען די בעסטע גייסטיגע שפּייז, וואָס האָט אונז געגעבען לעבען. די תורה אליין וואָלט אונז ניט געקאָנט אויפהאַלטען, ווען ניט אָט די האָפענונג. 23)".

און מיר דאַרפען וויסען, אַז אונזער האָפענונג אויף א בעסע־רער צוקונפט איז ניט נאָר פאַר דעם אידישען פאָלק, נאָר דאָס איז די גרויסע האָפענונג אויף דער דערלייזונג פון דער גאַנצער מענשהייט. אונזער גרויסער רעליגיאָנס־לערער און פילאָזאָף דער רמב"ם האָט געזאָגט: „ווען משיח וועט קומען, וועט קומען אַלגעמיינער פרידען אויף דער וועלט. די אידען וועלען זיך אומקערען צו זייער לאַנד,

20) משה העס, רומא וירושלים, ע. 57.
21) Dr. A. Rupin, The Jew of Today, p. 140.
22) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאַמעלטע שריפטען, 4ער באַנד, ז. 271.
23) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"א, 158־159.

און עס וועט קומען אן ענד צו אלע שלעכטס אויף דער וועלט. 24)" און אין אן אנדער פּלאץ זאָגט דער רמב"ם: „ווען משיח וועט קו־מען, וועלען מער ניט זיין קיין מלחמות. גאָט'ס ברכה וועט קומען אויף דער גאנצער מענשהייט, און דער מענש וועט מער ניט שטע־לען זיך אין געפאַר צוליב קלייבען רייכטום. 25)".

## קאַפּיטעל 10

# איז אידענטום נאָר רעליגיאָן?

**דער אלגעמיינער באגריף. — וואָס דער מאָדערנער איד דיינקט.**

1. **דער אלגעמיינער באגריף.** — אויף דער פראגע, וואָס מיינט אידענטום? וועט געוויס דער גרעסטער טייל אידען ענט־פערען, אז אידענטום מיינט די אידישע רעליגיאָן, ווייל ביי דעם אידען איז זיין גאנצער לעבען פארבונדען געוואָרען מיט דער רע־ליגיאָן. ביי די פעלקער האָט די קירכע צו טאָן נאָר מיט רעליגיעזע טראַדיציעס און צערעמאָניעס, אָבער די בירגערליכע געזעצען און אויפפירונגען ווערען געמאכט פון רעגירונגען, פון געזעצמאכער, און ביי אידען קומט אַלץ פון איין קוואַל, פון דער רעליגיאָן. אזא באַגריף איז געקומען דערפון, וואָס אין גאנץ תנ"ך, סיי אין תורת משה און סיי אין די ספרים פון די נביאים, געפינען מיר ניט, אז זיי זאָלען זיך אויסדריקען „אזוי זאָג איך", נאָר אימער זאָגען זיי „גאָט האָט אזוי געזאָגט", און ווי באלד, אז אלע געזעצען און גע־באָטען קומען פון גאָט אליין, דעריבער איז דעם אידען'ס גאנצע אויפפירונג פארבונדען געוואָרען מיט דעם באגריף פון רעליגיאָן; און וואָס ווייטער האָט זיך אַלץ מער אנטוויקעלט אָט דער רעלי־גיעזער באגריף, אז אַלץ אין לעבען זאָל דער איד טאָן אין נאָ־מען פון זיין רעליגיאָן; און ווען דער איד איז פארטריבען געוואָרען פון זיין לאנד, איז די רעליגיאָן געבליבען ביי אים דער איינציגער באשיצער און פירער אין לעבען, וועלכע האָט אויפגעהאַלטען אונ־זער עקזיסטענץ און איינינגקייט אלס א פאָלק; און אזוי האָט זיך

24) רמ"בם, יד חזקה, הלכות מלכים פרק י"ב. עיין גרעץ, די"י, ח"ד, 358.
25) רמ"בם, פירוש המשניות, סנהדרין, פרק חלק. עיין חיי הרמ"בם, ד. יעלאן, ע. 58; עיין ביאור ישעיה, מ"ב, ו".

ביי דעם אידען אנטוויקעלט דער באגריף, אז אידענטום איז נאָר רעליגיאָן.

2. וואָס דער מאָדערנער איד דיינקט. — יעדער מאָדער־נער באוואוסטזיניגער איד וועט זאָגען, אז רעליגיאָן האָט געוויס גע־שפּילט די וויכטיגע ראָל אין אונזער לעבען און שאפען, אָבער אי־דענטום מיינט ניט נאָר די רעליגיאָן, נאָר דאָס מיינט אלע שאפונ־גען פון דעם אידישען פאָלק, איינגאנצען זיין טויזענט־יעריגע קולטור, וועלכע איז צוזאמענגעשטעלט פון פיל אייגצעלהייטען. אידענטום איז ניט נאָר א לערע, ניט נאָר א גייסטיגער טייל פון אידישען פאָלק, נאָר דאָס איז דער גאנצער לעבען פון אידישען פאָלק; דאָס זיינען טויזענטע פעדימלאך, וועלכע בינדען צוזאמען דאָס גאנצע אידישע פאָלק, וואָס איז צעשפּרייט אין אלע עקען פון דער וועלט.

און ווען מיר זעען, אז א טייל פון דער רעליגיעזער טראדי־ציאָנעלער אידישקייט ווערט אָפּגעשוואכט אין דעם אלטעגליכען לעבען, דארפען מיר ניט שרעקען זיך פאר אונזער צוקונפט, אויב מיר באזיצען נאָר א שטארקען טיפען באוואוסטזיניגען נאציאָנא־לען געפיל. מיר דארפען פארשטיין, אז די פונדאמענטאלע לערע פון אידענטום איז אייביג, אָבער אין דעם טראדיציאָנעלען אידענ־טום זיינען אימער פאָרגעקומען ענדערונגען אונטער די געענדערטע באדינגונגען פון לעבען. די אויסערליכע פאָרמען און דאָס אויסזען פון דעם אידען האָט זיך געביטען. שטעלט זיך פאָר דעם געזונטען מונטערען ערד־ארבייטער אין ארץ ישראל מיט דריי טויזענט יאָר צוריק; טראָגט זיך איבער מיט אייער געדאנק איינצוואנציג הונדערט יאָר צוריק, און זעט פאר זיך די העלדישע קעמפער די מאקאבייער; האָט א פאָרשטעלונג פון דעם אידען אין אראביען מיט 15 הונדערט יאָר צוריק, וואו דער איד האָט זיך אויסגעצייכענט מיט א קריגערישען גייסט, און זיין גאנצען ארט לעבען איז געווען גלייך צו דעם לעבען פון דעם אראבער; און נעמט מיט אכט הונ־דערט יאָר צוריק דעם שטאָלצען אידען פון שפּאניען, וועלכער איז געשטאנען אויף דער העכסטער שטופע פון מענשליכער אנטוויק־לונג; און שטעלט זיך פאָר דעם שוואכען, פאריאָגטען, נידער־געשלאָגענעם אידען פון די לעצטע יאָרהונדערטע. ווען איר זעט אָט די אלע אידען צוזאמען, וואָלט איר ניט דיינקען, אז דאָס זיינען קינדער פון איין פאָלק. יעדערער פון אָט די אידען וואָלט געהאט איינגאנצען אן אנדער אויסזען, זיי וואָלטען געווען שטארק פאר־

שידען ניט נאָר אין וועלטליכער אויפפירונג, נאָר אויך אין רעלי־גיעזע טראַדיציאָנען וואָלטען זיי געווען ווייט איינע פון די אנדערע; און דאָך זיינען אָט די אַלע אידען אימער און אומעטום געווען קינ־דער פון פאָלק ישראל, און האָבען געטראָגען אין זיך דעם גלויבען און די הויכע אידעאַלען פון אידענטום.

דער גרויסער געלערטער ר' נחמן קראָכמאַל האָט געזאָגט: „די קראַפט פון אידענטום ליגט אין דעם, וואָס ווי עס פאַרענדיגט זיך איין היסטאָרישער פעריאָד, פאַנגט זיך אָן באַלד אָן אַנדער פעריאָד. אַ נייער געדאַנק פאַרבייט דעם אַלטען, און דאָס ווערט באַנייט מיט פרישע קרעפטען, וועלכע פירען צו אנטוויקלונג. מיר קאָנען ניט וויסען אין וואָס פאַר אַ פאָרמע דאָס וועט זיך אויסדריקען, אָבער דאָס איז קיין צווייפעל, אַז דער איד וועט געפינען דעם ריכטיגען אויסדרוק פאַר זיינע אידעאַלען,1)".

## קאַפּיטעל 11

# דער איד אין זיין לאַנד

**דער איד אין לאַנד כנען. — אַ פאָלק פון ערד ארבייטער. — רעגירונג און געזעלשאַפט. — די מלכים. — האַנדעל. — רעליגיאָן. — וויסענשאַפט און קונסט.**

צי קאָנסטו מיין ליבע דאָס לאַנד,
צי האָסטו איר נאָמען געהערט?
וואו דאָרט האָט די געטליכע האַנט
אין אַלעם איר רייכטום געמערט?

דאָס לאַנד, וואו עס וואַקסט נאָר און בליט,
וואו אייביג דער פרילינג געווערט;
דאָס לאַנד, וואָס מיין האַרץ צו איר ציט
צו פאַלען, צו קושען איר ערד.
(די מעלאָדיען פון יעקב רעוויזין.)

**1. דער איד אין לאַנד כנען.** — משה האָט ארומגעפירט די אידען פערציג יאָר איבער'ן מדבר. דער רמב"ם זאָגט: „עס איז אומנאַטירליך, אַז אַ מענש, וואָס איז געווען פארשקלאַפט זיין גאַנ־צען לעבען, זאָל מיט אַמאָל ווערען אַ העלד; דעריבער האָט מען זיי געפירט אין מדבר פערציג יאָר צו פארשטאַרקען זיי; עס זאָלען ארויסקומען מענשען, וואָס זיינען ניט געוואוינט צו ערנידערונגען און קנעכטשאַפט, 1)".

---

1) דר. ש. בערנפעלד, דעת אלהים, עמוד 597.
1) רמב"ם, מורה נבוכים, ח"ג, פרק ל"ב.

משה איז געשטאָרבען איידער ער האָט זיין פאָלק אריינגע־בראכט אין זיין לאַנד; און זיין תלמיד, דער העלד יהושע, האָט די אידען אריינגעפירט אין לאַנד כנען. דאָס לאַנד כנען האָט באַ־קומען דעם נאָמען ארץ ישראל. די גריכען און די רוימער האָבען דאָס גערופען פאַלעסטינא, און די קריסטליכע פעלקער רופען עס „דאָס הייליגע לאַנד". דאָס לאַנד האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָל אין דער גאַנצער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט. זי האָט פאַר־נומען די הערשענדע ראָל ניט נאָר אין רעליגיעזען, נאָר אויך אין אַלגעמיין קולטורעלען זין.

דאָס לאַנד ארץ ישראל ליגט אויפ'ן עקסטען מערב (וועסט) ברעג פון אזיען; און דאָס איז א מיטעלפּונקט צווישען דריי וועלט־טיילען: אייראָפּע, אזיען און אפריקע. דאָס גאַנצע לאַנד קומט אוים לאַנגליך און שמאָל. פון מערב זייט איז דער מיטעללענדישער ים, פון מזרח (איסט) און דרום (זיד) גרענעצט זיך דאָס לאַנד מיט'ן אראַבישען מדבר און פון צפון (נאָרד) מיט סיריען. אין צפון זייט געפינען זיך די גרויסע בערג לבנון און חרמון, וואָס זייערע שפּי־צען זיינען אימער באדעקט מיט שניי. אין מזרח זייט ציט זיך דער טייך ירדן פון צפון צו דרום, ער לויפט דורך די צוויי אָזערעס (לייקס) מי מרום און ים כנרת, און פאַלט אריין אין ים המלח (געזאַלצענער ים), וועלכען מען רופט דער טויטער ים, ווייל דאָס וואסער אנטהאַלט אין זיך פיל זאַלץ און אנדערע מינעראַלען, אז קיין פיש קאָן דאָרט ניט לעבען.

דער קלימאט אין לאַנד איז זייער פאַרשידענאַרטיג. אין אַל־געמיין איז ער מילד און אנגענעם, נאָר אין די נידעריגע פלעצער איז זומער זייער היים, אָבער די ווינטען פון די בערג און פון ים זיינען ערפרישענד, און די לופט איז דעם גרעסטען טייל פון יאָר וואונדערבאר ריין און דורכזיכטיג. דער באָדען פון לאַנד איז געווען א פרוכטבארער. דאָרט האָבען געוואקסען תבואה און אַלערליי פרוכטען. דאָס פלאַנצענרייך איז געווען פאַרשידענאַרטיג, דאָ האָט מען געפונען פלאַנצונגען, וועלכע קאָנען וואקסען נאָר אין הייסען קלימאט, און אויך אזעלכע, וואָס קאָנען וואקסען נאָר אין קילען קלימאט. איניגע געגענדען, ווי דער עבר הירדן, זיינען בארימט געווען אלס פעטע ווייַדען (פּעסטשורס).

אלע היסטאָריקער און מאָדערנע פאָרשער גיבען צו, אז ארץ ישראל איז איינע פון די זעלטענע לענדער אויף דער וועלט, וועלכעס

איז אזוי רייך מיט אזא פארשידענארטיגקייט פון דער גאנצער נא־טור. און דאָס אלץ האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער אנט־וויקלונג פון דעם אידען. דער מיטעלמעסיגער קלימאט האָט ארויס־גערופען ביי די איינוואוינער א נייגונג צו פיזישער ארבייט. זיי זיינען ניט געוואָרען אָפּגעשוואכט, פויל און אָפּגעלאָזען, ווי די אנדערע פעלקער פון די מזרח־לענדער, און זיי זיינען ניט פאר־גרעבט געוואָרען פון צופיל שווערע פיזישע ארבייט.

די נאטור פון ארץ ישראל האָט אויך געהאט א זעלטענע וויר־קונג אויף דעם גייסטיגען לעבען. די שיינקייט און פארשידענ־ארטיגקייט פון דער נאטור איז געווען א רייכע גייסטיגע שפּייז פאר דעם רעליגיעזען און פּאָעטישען געפיל. צווישען די בערג פון יהודה האָט דוד, פיטערענדיג זיינע שאָף, געשאפען זיינע געטליכע פסאלמען (תהלים). דאָרט האָט דער פאסטוך פון תקוע, דער באַ־גאבטער יונגער עמוס, דערהערט אין זיין נשמה די געטליכע שטים; און ער איז געוואָרען דער גרויסער נביא.

2. **א פאָלק פון ערד־אַרבייטער.** — די הויפּט באשעפטיגונג פון די אידען איז געווען ערד ארבייט און פיי־צוכט. דער איד האָט גערעכענט, אז דער מענש איז פון דער נאטור באשטימט צו באַ־ארבייטען די ערד. ווען זיי האָבען געוואָלט באצייכענען א גליק־ליכען לעבען, ווערט דערציילט אין תנ"ך, „אז דאָס פאָלק איז גע־זעסען רואיג יעדערער אונטער זיין ווייגשטאָק און אונטער זיין פייגענבוים, 2)"; און ווען דער נביא שטעלט פאָר די שיינע צו־קונפט, ווען אלע פעלקער וועלען לערנען אונזער תורה און וועלען גיין אין גאָט'ס וועגען, וועלען זיי פון זייערע וואפען מאכען געצייג צוליב ערד ארבייט, 3).

אָט דער באגריף וועגען ערד־ארבייט האָט געמאכט, אז אלע זיינען געווען גלייך. דער ערשטער קעניג שאול איז געווען אן ערד־ארבייטער; דוד המלך האָט געפיטערט שאָף; אלישע הנביא האָט געאַקערט זיין פעלד; עמוס דער נביא איז געווען א פאסטוך, און אזוי זיינען געווען פילע פון די גרעסטע מענשען.

3. **רעגירונג און געזעלשאפט.** — כמעט פיר הונדערט יאָר האָבען די אידען ניט געהאט קיין קעניג. אָן דער שפּיץ פון יעדער געמיינדע זיינען געשטאנען די זקנים (די עלטערע מענשען).

---

2) מלכים, א', ה', ה'.
3) ישעיה, ב', א'—ה'. מיכה, ד', א—ה'.

שפּעטער זיינען געווען די שופטים, וועלכע זיינען ערוויילט געוואָרן פון פאָלק צו העלפען קעמפען געגען זייערע פיינט. דער וואָרט שופט מיינט דאָ ניט ריכטער, נאָר דאָס מיינט העלדען, וועלכע האָבען געהאָלפען דעם אידישען פאָלק צו באפרייען זיך פון די ארומיגע פיינט, 4).

יעדער איינצעלנער מענש פון אידישען פאָלק האט געהאט גלייכע רעכט מיט אלע אנדערע. קיין קאסטעס און קלאסען זיינען ניט געווען. איינוואוינער פון אנדערע פעלקער (גרים) זיינען געווען אונטער דעם פולען שוץ פון געזעץ מיט גלייכע רעכט. אפילו דער אונטערשייד צווישען פרייע און קנעכט איז אויך ניט אזוי גרויס געווען ווי ביי אנדערע פעלקער. אויף די קנעכט האט מען געקוקט ווי אויף א מיטגליד פון דער פאמיליע.

4. די מלכים. — ווען די אידען האָבען פארוואָלט אויסקלייבען זיך א קעניג, האָט דער נביא שמואל פּראָטעסטירט, און האָט זיי פאָרגעשטעלט ווי אזוי די קעניגען פארשקלאפען דאָס פאָלק, 5), און דער נביא דערציילט זיי, אז גאָט האָט געזאָגט: „זיי האָבען מיך פאר האסט פון צו זיין א קעניג איבער זיי, 6)", דאָס הייסט, אז גאָט'ס ווילען איז געווען, אז מענשען זאָלען ניט מאכען קיין הערשער איבער זיך, אז נאָר גאָט אליין דארף זיין דער הערשער; און מיר זעען, אז ווען אידען האָבען יאָ געהאט א קעניג, איז ער קיינמאָל ניט געווען אזוי דעספּאָטיש ווי ביי אנדערע פעלקער. דאָס אידישע פאָלק האָט אימער פריי און אָפען קריטיקירט די אויפפירונג פון דעם קעניג; און די נביאים האָבען שטארק געטאדעלט יעדען קעניג פאר זיינע שלעכטע אויפפירונגען. (זע אויבען קאפּיטעל 3.)

דער ערשטער קעניג, וואָס זיי האָבען ערוויילט איז געווען שאול, וועלכער איז ניט פייאיג געווען צו רעגירען ווי געהעריג, און האָט פארלאָרען דעם טראָן. נאכהער איז געווען דוד, וועלכער איז באַזעסען א גייסט פון א פּאָעט, און איז געווען פול מיט העלדענמוט, ווי א גרויסער קריגספירער. ער האָט באפרייט דאָס לאנד פון די ארומיגע פיינט, און באפעסטיגט ירושלים; ער האָט אויפגעהויבען די אידישע מלוכה צו דער העכסטער שטופע פון מאכט. נאָך דוד'ן האָט געקיניגט זיין זון שלמה, וועלכער איז באוואוסט אין

4) ריב"ל, בית יהודה, ח"א, ע. 19.
5) שמואל א', ח', ה'—י"ט.
6) שם, יוד, י"ט.

דער וועלט פאר זיין חכמה. אין זיין צייט זיינען ניט געווען קיין מלחמות. ער האָט אויסגעבויט דעם בית המקדש, וועלכער האָט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די שענסטע געביידען אויף דער וועלט.

שלמה האָט אָבער געלעבט אין צופיל לוקסוס. דאָס פאָלק האָט געדאַרפט צאָלען גרויסע צינזען און טאָן געצוואונגענע אַר־בייט, האָבען די נביאים געשטראָפט דעם קעניג, און פאָראויסגע־זאָגט, אז זיין מלוכה וועט צעפאַלען ווערען; און אזוי איז דאָס געווען. נאָך שלמה'ס טויט האָט זיך די אידישע מלוכה צעטיילט. צען שבטים האָבען געהאט זייער קעניג, און דאָס האָט געהייסען מלכות ישראל; און דער שבט יהודה מיט א טייל פון שבט בנימין האָט געהייסען מלכות יהודה מיט ירושלים אלס הויפטשטאָט.

5. **האַנדעל.** — די ערשטע עטליכע הונדערט יאָר האָט דער איד ניט געוואוסט פון קיין האנדעל; און שפעטער, ווען זיי האָ־בען זיך אָפגעלערענט פון זייערע שכנים און אָנגעפאַנגען צו האנד־לען, איז אַלץ ערד־ארבייט געבליבען די הויפט באשעפטיגונג; און די נביאים זיינען געווען געגען דעם האַנדעל. דער נביא זאָגט: „דער כנען — דער סוחר — האָט אין זיינע הענט א פאלשע וואָג, ער ליבט צו רויבען, 7)". שפעטער, ווען אידען האָבען שוין געהאַט מלכים, איז דער האנדעל מיט אנדערע לענדער געווען אין די הענט פון דער רעגירונג. ביסלאַכווייז האָט דער האנדעל אנטוויקעלט די מאכט פון קאפיטאל, און עס זיינען געוואָרען רייכע און אָרימע; און די נביאים האָבען שטארק פראָטעסטירט געגען די רייכע. ווי איר וועט זען ווייטער אין קאפיטעל 13.

6. **רעליגיאָן.** — א לאנגע צייט האָבען די אידען נאָכגעטאָן זייערע שכנים און געדינט פרעמדע געטער. דאָס איז אָבער נאָר געווען אלס א פאמיליען גאָטעס־דינסט; אָבער אלע האָבען גע־גלויבט, אז עס איז פאראן אן אלהעכסטער גאָט, און ער איז דער גאָט פון דעם פאָלק ישראל, 8). אין יענער צייט זיינען געקומען די נביאים און האָבען געקעמפט געגען געצענדינסט, און ערקלערט, אז גאָט איז דער גאָט פון אלע פעלקער. (זעט ווייטער, קאפי־טעל 13.)

7. **וויסענשאַפט און קונסט.** — אין תנ"ך זעען מיר, אז

7) הושע, י"ב, ח'.
8) פראָפ. מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח"ב, עמוד 49.
" דר. ש. ברנפלד, דעת אלהים, פתיחה, ע. 13.

אידען האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט צייט־רעכענונג, 9) דאָס הייסט, אז זיי האָבען שוין עפּעס געוואוסט פון אסטראָנאָמיע. אין איין פּלאַץ ווערט דערמאָנט, אז די ערד הייננט אין דער לופט, 10). מעדיצין איז אויך געפּראַקטיצירט געוואָרען, די כהנים זיינען געווען די דאָקטוירים. איבערהויפּט האָט מען זיך אָפּגעהיט פון אַנשטעקענדע הויט־קראַנקהייטען, און מען האָט איינגעפירט געוויסע רעגעלען ווי אזוי אָפּצוהיטען ריינקייט.

פון קונסט האָבען אידען איבערהויפּט ליב געהאט מוזיק. די תורה דערציילט, אז דער מענש האָט פריער געמאכט א ציטרע און א האַרף צו שפּילען, און נאכהער האָט ער געמאכט ווערקצייג צו ארבייטען, 11). אין דוד המלך'ס צייטען איז מוזיק געוואָרען א וויכטיגער טייל פון גאָטעס דינסט, אלס א מיטעל צו דערהויבען דעם מענשען'ס גייסט צו גאָט. 22 מוזיקאלישע אינסטרומענטען ווערען דערמאָנט אין תהלים, 12) און אין גאנצען דער אלטער אידישער ליטעראטור ווערען דערמאָנט 70 מוזיקאלישע אינסטרומענטען, 13).

## קאַפּיטעל 12

# דער איד אין גלות און צוריק אַהיים

**גלות ישראל. — גלות יהודה. — דער איד אין גלות. — דאָס אומקערען זיך אהיים. — עזרא און נחמיה. — די אנשי כנסת הגדולת.**

א מחנה פון שקלאַפען אין מדבר ווייט ציהען\
פארשמאכט און פאר'חלש'ט, פון הונגער פארגאנגען.\
דאָס געהט די פּרינצעסין, די טאָכטער פון ציון,\
דאָס געהט די פּרינצעסין אין גלות געפאנגען.\
(די מעלאָדיען פון יעקב רעוויזין)

**1. גלות פון ישראל.** — ווי מיר האָבען אויבען דערמאָנט איז די אידישע מלוכה צעטיילט געוואָרען אויף צוויי. איינע האָט געהייסען יהודה און די צווייטע ישראל; אוןביידע זיינען אָפּט באפאלען געוואָרען פון זייערע שכנים. פון איין זייט זיינען געווען אשור און בבל און פון צווייטען זייט מצרים. און דער סוף

9) דברי הימים, א", י"ב, ל"ב.
10) איוב, כ"ו, ז".
11) בראשית, ד", כ"א—כ"ב.
12) ר' יואל בריל, הקדמה לתהלים, ע. 20.
13) פאנט, וועלט געשיכטע, באנד 4, זייט 350—354.

איז געווען, אז מלכות ישראל איז באקעמפט געוואָרען פון אשור (אסיריער) אין 722 פאר דער איצטיגער צייטרעכענונג. די אידען האָט מען אוועקגעפירט אין געפאנגשאפט, און ענדליך זיינען זיי כמעט אינגאנצען פארשוואונדען געוואָרען. אזוי איז אונטערגעגאנגען די מלכות ישראל, וועלכע האָט עקזיסטירט 250 יאָר.

2. **גלות פון יהודה.** — דאָס קעניגרייך פון יהודה האָט נאָך עקזיסטירט מער פון הונדערט יאָר; און אין דער צייט האָבען די אידען געהאט פיינע מלכים און גרויסע נביאים. די ענדע איז אָבער געווען, אז נבוכדנצר, דער קעניג פון בבל, האָט באזיגט יהודה (600 פ. ק.) דעם קעניג יהויכן מיט צען טויזענט פון די גרעסטע מענשען פון ירושלים האָט ער אָפּגעשיקט געפאנגענע אין דער שטאָט בבל. פיל גאָלד און זילבער פון קעניגליכען פאלאץ און פון בית המקדש האָט ער צוגענומען. און פאר א קעניג אויף יהודה האָט ער געמאכט דעם יונגען צדקיהו, וועלכער האָט געמוזט שווערען, אז ער וועט זיין געטריי דעם באבילאָנישען הערשער. צען יאָר זיינען אין לאנד יהודה געווען אומרוען. דאָס פאָלק האָט זיך געוואָלט באפרייען פון דעם פרעמדען יאָך. צדקיהו איז ניט פייאיג געווען צו רעגירען דאָס לאנד אין אזא צייט. דער נביא ירמיה האָט געבעטען דאָס פאָלק געדולדיג איבערצוטראָגען די הערשאפט פון בבל, אום צו פארהיטען זיך פון א גרעסערען אומגליק. די פארטריבענע אידען אין בבל האָבען אויך געטרוימט וועגען אומקערען זיך אהיים. דער נביא יחזקאל, וואָס האָט געלעבט אין בבל, האָט זיי געוואָרענט, אז זיי זאָלען האָבען געדולד. די רייד פון די נביאים האָבען ניט געהאָלפען. דער אויפשטאנד איז געקומען; און נבוכדנצר'ס חיל האָט באלאגערט ירושלים. די אידען האָבען זיך העלדיש פארטיידיגט א גאנץ יאָר. אין שטאָט איז געוואָרען א הונגער, מענשען זיינען געשטאָרבען פון הונגער און מגפות. ענדליך האָבען די באבילאָנער ארייננעריסען זיך אין שטאָט. די גרויזאמע זיגער האָבען געשאָכטען מענער, פרויען און קינדער; דעם קעניג צדקיהו מיט זיינע זין האָט מען אוועקגעפירט אין דעם פיינד'ס לאגער, וואו דער קעניג פון בבל האָט געהייסען טויטען צדקיהו'ס קינדער אין זייער פאָטער'ס אָנוועזענהייט; און צדקיהו'ן האָט מען אויסגעשטאָכען די אויגען, געשמיט אין קייטען און אוועקגעפירט קיין בבל. אלע טייערע כלים פון בית המקדש האָט מען צוגענומען; און דעם ניינטען טאָג אין חודש אָב (586 פ. ק.)

האָט מען פאַרברענט אונזער פּראַכטפולען טעמפּעל, וועלכער איז געשטאַנען 410 יאָר. דעם כהן מיט זעכציג פון די גרעסטע מענשען פון ירושלים האָט מען געטויט, און דער בעסטער טייל פון דער געזעלשאַפט איז פאַרטריבען געוואָרען קיין בבל. דעם גרויסען פאָלקס אומגליק האָט טיף אויסגעדריקט דער נביא ירמיהו אין זיינע קלאָגלידער „מגלת איכה".

3. **דער איד אין גלות.** — אין גלות האָט דער איד דערוויזען אן אויסערגעוויינליכע ערשיינונג, אז דער שוואַכער באַזיגטער זאָל ניט פאַרשוואונדען ווערען אין דער פרעמדער אומגעבונג; און נאָך מער, ער זאָל גאָר שטייגען אין יעדער הינזיכט; און איבערהויפּט גייסטיג. דאָ האָט דער איד געוויזען זיין לעבענס־פּייאיגקייט און לעבענס־קראַפט, אז אין דער פרעמד קאָן ער בילדען א שטאַרקע נאַציאָנאַלע־מאָראַלישע איינהייט אָפּגעזונדערט פון דעם פאָלק פון לאַנד.

אין בבל האָט מען די אידען געלאָזט לעבען נאָך זייער גלויבען. זיי האָבען גערעדט און געלערענט אויף זייער אייגענער שפּראַך. זיי האָבען געהאַט זייערע גייסטיגע פירער און שולען, וואו מען האָט געלייענט די תורה, און געזונגען קאַפּיטלאַך פון תהלים. ווען זיי האָבען תפלה געטאָן, האָבען זיי זיך געשטעלט מיט'ן פּנים צו ירושלים, און זייערע געדאַנקען האָבען זיך אריבערגעטראָגען צו דעם פאַרוויסטען בית המקדש. זייער בייַנקשאַפט נאָך זייער היים האָבען זיי באַזונגען אין רירענדע נאַציאָנאַלע טרויער־הימנען, ווי צום ביישפּיל, דער הארצרייסענדער „על נהרות בבל", וואו דער איד זאָגט: „אויב איך וועל דיך פאַרגעסען, ירושלים, זאָל אָפּטריקענען מיין רעכטע האנט! זאָל זיך צוקלעפּען מיין צונג צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדיינקען, 1)".

די שרעקליכע פאָלקס קאַטאַסטראָפע פון דעם חורבן האָט געהאט אויף דעם אידישען פאָלק א וואונדערבארע ווירקונג. דער איד האָט זיך דאַן דערהויבען צום ריינעם גלויבען אין איין איינציגען גאָט. געצענדינסט איז פאַרשוואונדען אויף אייביג. די פריערדיגע רייד פון די נביאים האָבען איצטער ערוואַכט אין דעם אידען'ס נשמה. דער ספר, דער געשריבענער וואָרט, האָט דעם ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט באַקומען זיין שטאַרקע וויר־

1) תהלים, קל"ז.

קונג אויף דעם מענשענ'ס לעבען; און פון דאן אָן האָט זיך אָנגע־פאנגען דער איינפלוס פון די אידען אויף דער אויסערליכער וועלט.

דאָרט אין גלות האָט דאָס פאָלק געהערט די באגייסטערטע רייד פון די נביאים. דאן איז געווען דער נביא, וועלכען מען רופט ישעיה דער צווייטער, וועלכער האָט שטארק אנטוויקעלט דעם גע־דאנק, אז דער אידישער גאָט איז אויך דער גאָט פון דער גאנצער וועלט; און, אז דאָס אידישע פאָלק, אויסגעלייטערט דורך צרות, וועט זיך אומקערען צו זיין לאנד; און, אז דער איד וועט זיין דאָס ליכט פון די פעלקער, צו אויפדעקען פאר דער וועלט דעם אמת'ן גלויבען, און פארווירקליכען אין לעבען די אידעאַלען פון גערעכ־טיגקייט. און אזוי איז אין בבל פארשטאַרקט געוואָרען דער ריינער גלויבען אין דעם איינציגען גאָט, און דאָרט איז פאראייביגט גע־וואָרען דעם אידענ'ס עקזיסטענץ.

4. **דאָס אומקערען זיך אהיים.** — אין 538 יאָר פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג האָט כורש, דער קעניג פון פערסיען, איינגענומען בבל, און ער האָט ארויסגעגעבען א מאניפעסט, אז די אידען, וועלכע געפינען זיך אין בבל, קאָנען אומקערען זיך קיין ארץ ישראל, און אויפבויען דעם בית המקדש. ער האָט די אידען אָפּ־געגעבען די כלים פון בית המקדש, וועלכע דער קעניג פון בבל האָט צוגענומען; און פון די קעניגליכע געלט האָט מען די אידען געגע־בען אויף הוצאות.

צוויי און פערציג טויזענט פאמיליען, בערך צוויי הונדערט טויזענט נפשות האָבען זיך אומגעקערט צו זייער פאָטערלאנד קיין ארץ ישראל. אלס פירער פון די אויסוואנדערער זיינען געוועןן זרובבל אן אייניקעל פון דעם אידישען קעניג יהויכן, און יהושע אן אייניקעל פון דעם לעצטען כהן גדול אין ירושלים. די אידען, וואָס זיינען געבליבען אין בבל האָבען געהאָפט, אז שפּעטער וועלען זיי אויך אומקערען זיך צו זייער אייגען לאנד; און דערווייל האָבען זיי אויסגעריכט זייערע ברידער מיט געלט, שפייז און פי; און דער קעניג האָט זיי געגעבען א וואך פון טויזענט רייטער צו באשיצען זיי אין וועג.

די גליקליכע שטימונג פון דער אומגעריכטער באפרייאונג פון גלות ווערט שיין אויסגעדריקט אין תהלים,2) מיט די פאָלגענדע ווערטער:

2) תהלים, ק"כו.

אז גאָט האָט אומגעקערט ציון׳ס געפאנגשאַפט,
זיינען מיר ווי אין חלום געווען;
דאן איז מיט פרייד־געלעכטער פול געווען אונזער מויל
און אונזער האַרץ מיט געזאַנג.
דאמאָלסט פלעגט מען ריידען צווישען די פעלקער:
„גאָט האָט גרויסעס געטאָן מיט די דאָזיגע!״
גאָט האָט מיט אונז גרויסעס געטאָן,
פריידען פול זיינען מיר געווען, 3).

אין דעם יאָר 537 פאר דער נייער צייט רעכענונג זיינען די אידען געקומען צוריק אין זייער לאַנד. אין גיכען האָבען אָנגע־פאנגען צוקומען צוריק אין זייער פאָטערלאַנד פיל אידען, וואָס זיי־נען געווען צעשפּרייט אין אנדערע לענדער.

די אידען האָבען אָבער געפונען דאָס לאַנד אין א טרויעריגען צושטאַנד, און זיי האָבען אָנגעווענדעט אלע מעגליכקייט אויפצו־לעבען דאָס לאַנד. זיי האָבען אָבער געהאַט גרויסע שטערונגען פון זייערע שכנים די ארומיגע פעלקער. קיין פייאינגע פירער האָבען די אידען ניט געהאַט, און זיי האָבען אָנגעפאנגען אויסצומישען זיך מיט די שכנים, און האָבען גענומען זינקען גייסטיג.

5. עזרא און נחמיה. — אין בבל האָט דאן געלעבט א גרויסער געלערטער איד. זיין נאָמען איז געווען עזרא. זיין אידעאַל אין לעבען איז געווען צו פארשפּרייטען די תורה צווישען דעם אי־דישען פאָלק. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז די אידען אין ירושלים זיינען גייסטיג געפאלען, האָט ער באשלאָסען צו גיין קיין ירושלים. צוזאמען מיט עזרא׳ן זיינען געקומען פון בבל קיין ארץ ישראל בערך 1500 אידען (אין 458 פ. ק.) ווען עזרא איז געקומען קיין ירושלים האָט ער צונויפגערופען א גרויסע פאָלקס־פארזאמלונג און האָט אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק, אז זיי זאָלען זיך פירען ווי אונזער תורה לערענט אונז. אין גייסטיגען זינען האָט עזרא פיל אויפגעטאָן פאר זיין פאָלק. די ארומיגע שכנים אָבער פלעגען בא־פאלען די אידען, מען האָט געמוזט באפעסטיגען די שטאָט, און דאָס האָט געטאָן א צווייטער גרויסער אידישער פירער מיט׳ן נאָ־מען נחמיה. ער איז געווען א הויכער באאמטער ביים קעניג פון פּערסיען, זייער א טיכטיגער, געטרייער, ענערגישער שטאַאטס־מאַן, אָבער צו דער זעלבער צייט איז ער געווען איבערגעגעבען צו

3) פון דובנאָוו׳ס אידישע געשיכטע, איבערזעצט פון ח. ליבערמאַן.

זיין פאָלק מיט זיין גאַנצן האַרצען. ווען ער האָט דערהערט, אז די לאַגע אין ארץ ישראל איז טרויעריג, האָט ער באַשלאָסען צו גיין אַהין און העלפען. דער קעניג האָט אים ערלויבט צו גיין. ווען ער איז געקומען קיין ארץ ישראל (445 פ. ק.) האָט ער באַלד באפעס־טיגט די שטאָט ירושלים, און גענומען אויסבעסערען די ווירט־שאַפטליכע לאַגע פון פאָלק. ער איז שטאַרק ארויסגעטראָטען גע־גען די רייכע אונטערדריקער. די רייכע האָבען באפרייט די אידי־שע קנעכט און אָפּגעגעבען צו די אָרימע זייערע פאַר׳משכנ׳טע פעלדער; און ווען ער האָט פאַרבעסערט די מאַטעריעלע לאַגע, האָט ער גענומען פאַרשטאַרקען דעם אידישען גייסט. און דאָ איז אים געקומען צו הילף דער גרויסער פאָלקס־לערער עזרא, וועלכער האָט געלערענט מיט׳ן פאָלק, און ער האָט געמאַכט די תורה פאַר דעם אידענ׳ס לעבענס־בוך; און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דעם אידישען לעבען אַן עפּאָכע פון גרויסער גייסטיגער טעטיגקייט, וועלכע האָט געהאַט א שטאַרקע ווירקונג אויף דער ווייטערער אַנט־וויקלונג פון דער גאַנצער מענשהייט.

6. די אנשי כנסת הגדולה. — אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש האָבען מיר ניט געהאַט קיין נביאים. אָבער מיר האָבען געהאַט אַנדערע גייסטיגע פירער. דאָס אידישע דיינקען האָט אי־מער געהאַלטען אין שאַפען און אַנטוויקלען זיך. אין ניכען נאָך עזרא און נחמיה האָט זיך געגרינדעט א פאַרזאַמלונג פון 70 פאָר־שטייער פון פאָלק, וועלכע הייסען די אנשי כנסת הגדולה. זיי האָבען צונויפגעזאַמעלט און צוזאַמענגעשטעלט דעם תנ״ך. זיי האָבען געלערענט דעם פאָלק אַלע געזעצען; זיי האָבען ערצויגען די יו־גענד; אומעטום האָט מען געבויט שולען פאַר קינדער; מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, שבת און יום טוב האָט מען פאַר׳ן פאָלק פאָרגע־לעזען די תורה; מען האָט געעפענט שולען צום דאווענען, און איינ־געפירט געוויסע תפלות, אז דער איד זאָל קאָנען אומעטום ווענדען זיך צו גאָט אָהן דער פאַרמיטלונג פון כהנים.

## קאַפּיטעל 13

# דער תנ״ך

**תורת משה. — נביאים. — כתובים. — תנ״ך אלס גייסטיגע שפּייז. — דער תנ״ך אין דער וועלט.**

אונזער תנ״ך איז דאָס דער בוך, וועלכען די וועלט רופט „ביבעל״, אָדער „הייליגע שריפטען״, אָדער „דער אלטער טעסטאַ־מענט״. דער וואָרט תנ״ך איז א פארקירצונג פון די דריי ווערטער תורה, נביאים, כתובים. תורה איז דאָס די לערע, וואָס משה האָט אונז געגעבען; נביאים זיינען די ווערק פון אונזערע פּראָפעטען, און כתובים זיינען אנדערע שריפטען.

1. **תורת משה.** — די ערשטע אָפּטיילונג אין תנ״ך איז תורת משה, די תורה, וועלכע מיר רופען „חומש״, ווייל דאָס אנט־האַלט פינף אָפּטיילונגען: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר און דברים. דאָס וואָרט תורה מיינט באַלערונג, אָדער אונטעררינכט.

די געזעצען אין דער תורה זיינען געגעבען געוואָרען צוליב אויסבעסערען און שענער מאכען דעם מענשען׳ס לעבען. יעדע מצוה האָט אן אורזאך און א צוועק, נאָר פיל פון די אורזאכען זיי־נען ניט אָנגעוויזען; אָבער שפּעטער האָבען אונזערע חכמים אויס־געפונען די אורזאכען פון די מערסטע מצוות, 1).

ערשטענס, קומען אין דער תורה די מצוות, וועלכע דערוויי־טערען דעם מענשען פון געצענדינסט און פון אבערגלויבען. מען טאָר זיך ניט ווענדען צו מכשפים, פארשפּרעכער, טרעפער אָדער צו די טויטע, 2).

צווייטענס, קומען מצוות, וועלכע פארשטארקען דעם גלויבען אין איין גאָט, אז ער איז דער באשאפער און דער פירער פון דער וועלט.

דריטענס, קומט די לערע וועגען די באציאונגען פון איין מענ־שען צו א צווייטען, און אָט די אלע געזעצען זיינען געבויט אויף דעם געדאנק, אז אלע מענשען זיינען די קינדער פון גאָט, דעריבער זיינען אלע גלייך באַרעכטיגט צו אלץ וואָס גאָט האָט באשאפען;

---

1) רמב״ם, מורה נבוכים, ח״ג, פרק כ״ו.
2) דברים, י״ח, ט׳—יג.

און אַלע קינדער פון איין פאָטער דארפען אַלע אויפפירען זיך ברי־דערליך מיט ליבע און בארמהארציגקייט אָהן אונטערשייד פון פאָלק און נאציאָן, 3).

ווען מיר לערנען אין דער תורה וועגען דעם געזעלשאפטליכען לעבען, מוזען מיר באוואונדערען איר דעמאָקראטישען גייסט. א גייסט פון פאָלקאָמער גלייכהייט פאר אַלע מענשען אין אַלע צווייגען און אויף אַלע געביטען פון לעבען.

פערטענס, קומען אין דער תורה מצוות צו פארהיטען דעם מענשען׳ס געזונט, און צו אנטוויקלען אין דעם מענשען גוטע זיטען און שיינע אויפפירונגען אין זיין פערזענליכען לעבען. זיי לערנען דעם מענשען צו געוועלטיגען איבער זיינע שלעכטע נייגונגען, צו קאָנען איינהאלטען זיך פון איבעריגע קערפערליכע געלוסטינ־קייטען.

פינפטענס, קומען אונזערע ימים טובים און אנדערע טראדי־ציעס, וועלכע זיינען שיינע עראינערונגען פון אונזער פארגאנגענ־הייט, און א שטארקע פאראייניגונג אין דער געגענוואַרט, וועלכע האָבען אונז פיל געהאָלפען קערפערליך און גייסטיג.

זעקסטענס, קומט דער געבאָט צו לערנען. פאר דעם אידען איז ניט גענוג נאָר צו טאָן וואָס די תורה הייסט, נאָר ער מוז לער־נען די תורה. משה זאָגט: „הערט צו די געזעץ פון גאָט, און איר זאָלט זיי לערנען און היטין צו טאָן זיי, 4)”. די אידען זיינען גע־ווען די ערשטע, וואָס מען האָט זיי אָנגעזאָגט: „און איר זאָלט לערנען אייערע קינדער, 5)”.

אום צו פארשטיין די גרויסקייט פון אונזער תורה, מוז מען זי לערנען גרינדליך. פיל פון די מאָדערנע גרויסע דיינקער האָבען אריינגעדרונגען אין די טיפעניששען פון דער תורה און געקומען צום באשלוס, אז די אידישע תורה איז די שענסטע שאפונג פון דער מענשליכער קולטור, אז זי איז ניט נאָר דער קוואַל פון אידענטום, נאָר אז זי איז א קוואַל פון אַלוועלטליכער קולטור. אפילו די פרייע ביבעל קריטיקער, וועלכע זאָגען, אז די תורה איז ניט געגעבען גע־וואָרען פון גאָט, אז דאָס אידישע פאָלק האָט עס אליין באשאפען, גיבען זיי צו, אז דאָס פארקלענערט ניט דעם ווערט פון דער תורה, און דאָס פארגרעסערט נאָר דעם ווערט פון דעם אידישען פאָלק.

3) ריב״ל, בית יהודה, ע. 135.
4) דברים, ה׳, א׳.
5) שם, י״א, י״ט.

„וואָס קריטישער און מענשליכער מיר באטראכטען די ביבעל, אַלץ העכער שטייגט דער מענשליכער ווערט פון יענעם פאָלק, וואָס האָט זי באשאפען.(6)".

דער דיינקער גראף טאָלסטאָי דריקט זיך אויס אין איין אָרט, אויב אפילו מיר ווילען ניט גלויבען, אז גאָט האָט געגעבען די תורה צו די אידען, דער פאקט איז אָבער, אז די גאנצע וועלט רופט עס „געטליכע שאפונג". ווייל מען זעט און מען פילט, אז דאָס איז ניט קיין געוויינליך מענשליך ווערק פון מענשען־געזעצגעבער.

דער אמעריקאנער געלערטער פראָפעסאָר מעקענזי זאָגט: „דאָס איז די העכסטע שטופע ווען די געזעצען פון מאָראל קומען פון גאָט אליין, און ניט אלס געזעצען פון א לאנד. דער בעסטער ביישפיל פון אזעלכע געזעצען זיינען די אידישע, וועלכע קומען פון גאָט אליין, 7)".

2. די נביאים. — די צווייטע אָפטיילונג פון תנ"ך הייסט נביאים, און זי באשטייט פון צוויי טיילען, די ערשטע הייסט נביאים ראשונים, אין וועלכע עס קומען אריין: יהושע, שופטים, שמואל און מלכים. אין זיי ווערט דערציילט די געשיכטע פון אי־דישען פאָלק פון דער צייט, וואָס זיי זיינען אריין קיין ארץ ישראל, ביז דעם גלות בבל. דער צווייטער טייל פון נביאים הייסט נביאים אחרונים, און ער אנטהאלט די גרויסע ספרים: ישעיה, ירמיה, יחזקאל און צוועלף קלענערע ספרים, וועלכע מען רופט תרי עשר און זיי קומען פון אנדערע צוועלף נביאים. איצט, קינדערלאך, וועל איך אייך דערציילען ווער זיינען געווען די נביאים.

אין דער לעצטער צייט פון די שופטים האָט געלעבט איינער מיט'ן נאָמען שמואל, וועלכער איז געווען א גרויסער פריינט פון פאָלק; און ער האָט באשלאָסען צו שאפען לערער פאר דעם פאָלק. אויסצובילדען מענשען, וועלכע זאָלען אָפּגעבען זייער לעבען צו לערנען דאָס פאָלק וואָס גאָט פארלאנגט פון דעם מענשען. שמואל איז געוואָרען דער ערשטער נביא ביי אידען, ער האָט צוגעצויגען די בעסטע יונגע מענשען; און פון דאן האָבען זיך גענומען אנט־וויקלען די נביאים. אין דער צייט פון ערשטען בית המקדש זיי־נען געווען די גרויסע נביאים, וועלכע האָבען זיך אוועקגעשטעלט אויף דער העכסטער טריבונע פון דער מענשהייט. דער נביא איז

6) דר. ח. זשיטלאָווסקי, טאָג, נאָוועמ. 26, 1922.
7) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 174.

געווען דער מענש פון אמת, און זיין אידעאַל איז געווען ליבע און פאָלקאָמע גערעכטיגקייט צווישען מענשען. ווען ער האָט געזען אומרעכט, האָט ער געשטראָפט מיט זיינע פייערדיגע רייד. אומ־דערשראָקען איז ער ארויסגעטראָטען געגען די הערשער און געגען די רייכע פאר זייער אונטערדריקען און בארויבען דאָס פאָלק; און זעענדיג אומרעכט איז דער נביא ניט אנטוישט געוואָרן, ער האָט ניט פארלאָרען דעם גלויבען אין דעם מענשען; ער האָט באַזעסען דעם פולען גלויבען, אז די גערעכטיגקייט מוז זיגען.

**דער קאַמף געגען געצענדינסט.** — א גרויסע אויפגאבע וואָס די נביאים האָבען געהאַט, איז געווען דער קאַמף געגען געצענדינסט. איבערהויפט האָט זיך אויסגעצייכענט אין דיזער הינזיכט דער נביא ישעיה. מיט א וואונדערבארען טיי־פען שפּאָט און שארפען וויץ האָט ער גערעדט וועגען די געצענ־דינער און זייערע געטער, 8). און די רייד פון די נביאים האָבען געווירקט, אז דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אויף אייביג אנטזאגט פון געצענדינסט; און איז געוואָרען א פאָלק מיט א שטארקען ריינעם גלויבען אין דעם איינציגען גאָט.

דער היסטאָריקער פּראָפעסאָר א. מענזים זאָגט: „וואָס מער די מענשהייט וועט דורכגיין פארשיידענע פּראָבען, וועט אַלץ מער אנערקענט ווערען די רעליגיאָן, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט דעם גייסט פון אמת, מיט איר איינפאכקייט און מיט איר גייסט פון פרייהייט; דאָס איז דער גלויבען אין דעם איינציגען גאָט, ווי עס האָבען פאָרגעשטעלט די אידישע נביאים, 9).

**טראַדיציעס אליין איז ניט גענוג.** — די נביאים האָבען שטארק פּראָטעסטירט געגען די מענשען, וואָס היטען אָפּ נאָר טראַדיציעס, און היטען ניט די פּרינציפּען פון איי־דענטום. דער נביא עמוס זאָגט אין גאָטס נאָמען: „פארהאסט זיינען מיר אייערע פייערטעג. זאָל די גערעכטינקייט און טוגענד פליסען ווי א שטראָם, 10)". און דער נביא הושע זאָגט: „גענאַד וויל איך, און ניט קיין אָפּפער, 11)". און ישעיה זאָגט אין גאָטס נאָמען: „איך וויל ניט אייערע אָפּפער, איך וויל ניט, אז איר זאָלט קומען אין מיין טעמפּעל, איך האָב פיינט אייערע ימים טובים, איך

---

8) ישעיה, מ", י"ח—כ". מד, ט—כ.
9) פּראָפ. מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח"ב, ע. 390.
10) עמוס, ה" כ"א.
11) הושע, ו", ו".

וועל ניט הערען אייער געבעט, ווייל אייערע הענט זיינען פארפלעקט אין מענשען בלוט, ווייל איר טוט אומרעכט צו אנדערע מענשען, 12)".

סאָציאַלע גערעכטיגקייט. — דעם גרעסטען פּלאַץ אין די נביאים פארנעמט זייער לערע וועגען סאָציאַלער גערעכטיגקייט. אונזער תורה האָט געוואָלט, אז יעדער מענש זאָל אליין ארבייטען און לעבען פון זיין ארבייט, ניט אנדערע זאָלען ארבייטען פאר אים. דערפאר ווערט אין דער תורה וויייניג גערעדט וועגען ארבייטער. נאָר איין מאָל דערמאנט די תורה וועגען א געדונגענעם ארבייטער, ווערט דאָרט אזוי געזאָגט: „דעם אָרימען, באדערפטיגען טאָג־ארבייטער, דיין ברודער, דעם פרעמדען, זאָלסטו ניט אונטערדריקען, דעמזעלבען טאָג זאָלסטו אים זיין לוין געבען, דען ער איז אָרים און ווארט אויף זיין לוין, 13)". דאָס איז ניט א געוויינליכער טרוקענער געזעץ, נאָר דאָס איז א הארציגער אפּיל פאר מענשליכע באציאונגען.

שפּעטער, ווען די עקאָנאָמישע אומשטענדען האָבען זיך געביטען, ווען די אידען האָבען זיך אָפּגעלערענט פון זייערע שכנים צו האנדלען און צו זוכען רייכקייט, האָט זיך אנטוויקעלט א רייכער קלאַס. דאן זיינען די נביאים ארויסגעטראָטען מיט א שטארקען פּראָטעסט געגען דער גענזעלשאפטליכער אָרדנונג. זיי האָבען געפאָדערט סאָציאַלע גערעכטיגקייט. דער נביא מיכה שרייט צו די רייכע: „איר גזל'ט פון די אָרימע די הויט און פלייש פון זייערע ביינער, 14)". נאָך אין א פּלאַץ זאָגט ער: „די רייכע זיינען פול מיט געוואַלטטאטען, 15)". און דער נביא ישעיה, ווען ער רעדט צו די רייכע, זאָגט ער: „די רויב פון דעם אָרימען איז אין אייערע הייזער, 16)", און אין א צווייטען פּלאַץ זאָגט ער: „ווײ איז צו די, וואָס פארכאפּען הייזער און פעלדער, און אנדערע האָבען ניט וואו צו זיצען, 17)". און דער נביא עמוס מאכט פּאָרווירפע די רייכע, וואָס זיי קויפען דעם אָרימאן פאר געלט, און דעם באדערפטיגען פאר א פּאָר שיך, 18); און דער נביא ירמיהו זאָגט: „זייערע הייזער זיינען פול מיט באטרוג, דערפאר זיינען זיי גרויס און רייך געוואָרען, 19)".

---

12) ישעיה, א', י"—י"ח. 13) דברים, כ"ד, י"ד.
14) מיכה, ג', ב'. 15) שם, ו', י"ב.
16) ישעיה, ג', י"ד—ט"ו. 17) שם, ה', ח'.
18) עמוס, ח', ד'—ט'. 19) ירמיה, ה', כ"ז.

מיט אזעלכע פּראָטעסטען געגען די רייכע איז פול אונזער תנ"ך.

און ווען די נביאים האָבען געזען, אז די ריכטער האלטען מיט די רייכע, זיינען זיי ארויס מיט אַן אָפענעם פּראָטעסט. דער נביא מיכה זאָגט: „די ריכטער נעמען באשטעכונג — שוחד, 20)" און ישעיה זאָגט: „ווי איז צו די געזעצגעבער, וועלכע בארויבען די אָרימע, 21)". און ירמיה מאכט די פאָרווירפע: „פעט און דיק זיינען זיי געוואָרען, און דער אָרימאַן געפינט ניט ביי זיי קיין גע־רעכטיגקייט, 22)".

דער נביא יואל, וועלכער שטעלט זיך פאָר, אז די גרעסטע גליקזעליגקייט פון דער מענשהייט וועט זיין דאַן, ווען דער מענש וועט קומען צו דער העכסטער שטופע פון גייסטיגער אנטוויקלונג, ווייזט ער אָן, אז פריער דאַרף דער מענש קומען צו א גוטען מאַ־טעריעלען צושטאנד, פריער דאַרף דער מענש זיין פארזאָרגט מיט אַלץ, ער זאָל קאָנען געניסען פון אַלץ, וואָס די נאטור שאפט, און וואָס די מענשהייט שאפט; און נאָכדעם ערשט קאָן קומען די פאָלקאָמע גייסטיגקייט פאר אלע מענשען אָהן אונטערשייד, 23)". דער נביא האָט גוט באגריפען, אז אזוי לאנג ווי דער מענש וועט לעבען אין נויט, קאָן זיין גייסט ניט דערהויבען זיך צו א הויכער שטופע.

דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער איז געווים גוט באַ־קאנט מיט דער טעאָריע פון סאָציאליזם, זאָגט פאָלגענדע ווערטער: „דער סאָציאליסטישער מאָנאָטעאיזם פון אונזערע נביאים איז אזא גוואלטיגער פּראָגרעס אין דער אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען גייסט, אַז אפילו א ווערק ווי דאָס „קאפּיטאל" פון קארל מארקס... נעמט זיך אויס לגבי זייער ווערק ווי א זאמד־בערגעלע צונויפגע־טראָגען פון קינדער ביי די פיס פון א מעכטיגען בארג, 24)".

און ניט נאָר אידען נאָר אפילו קריסטען גיבען צו, אז אין סאָ־ציאלער גערעכטיגקייט שטייען די נביאים העכער פון אנדערע גייסטיגע פירער. דער אמעריקאנער טעאָלאָג דר. סאראוס זאָגט: „ביי קריסטוס געפינען מיר ניט די ברענענדיגע ווערטער פון די

20) מיכה, ג', י"א.
21) ישעיה, י', א"—ב".
22) ירמיה, ה", כ"ח.
23) יואל, ב", י"ז—כ"ב. שם, ג", א"—ב".
24) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 2־טער באנד, זייט 152.

נביאים געגען די רייכע, וועלכע אונטערדריקען די אָרימע, ער האָט אַפילו ניט גערעדט געגען קנעכטשאַפט, 25)".

די נביאים אלס פריינט פון אלע פעלקער. — און ניט נאָר פאר דעם אייגענעם אידישען פאָלק האָט דער נביא געזאָרגט, נאָר ער האָט געזאָרגט פאר אלע פעלקער. מיט אַ טיפען צער רעדט דער נביא וועגען גאָט'ס שטראָף, וואָס וועט קומען אויף די פארזינדיגטע פעלקער; דער נביא וויל זען דאָס גליק פון אלע נאַציאָנען, ווען אלע וועלען לעבען ברידערליך, גייענדיג יעדערער אין זיין וועג, 26).

דער אידישער נביא האָט פראָקלאמירט פאר דער וועלט, אז גאָט איז ניט נאָר דער גאָט פון אידישען פאָלק, נאָר אז ער איז דער גאָט פון אלע פעלקער, און דאָס אידישע פאָלק איז נאָר ערוויילט געוואָרען צו פארשפרייטען ליכטיגקייט אין דער וועלט, 27).

שיין האָט זיך אויסגעדריקט אונזער שריפטשטעלער בעל מחשבות: „די נביאים זיינען געווען ניט נאָר דאָס גרויסע הארץ פון פאָלק ישראל... זיי זיינען צייטענווייז געווען דאָס גרויסע הארץ פון אלע פעלקער, 28)".

אלוועלטליכער פרידען. — ביי דעם נביא איז דער גרעסטער אידעאַל געווען צו זען די גאנצע מענשהייט לעבענדיג אין פרידען; און די נביאים זיינען זיכער געווען, אז גאָטס וואונש וועט מקוים ווערען, אז אלע פעלקער וועלען לעבען אין פרידען. די נביאים מיכה און ישעיה שטעלען זיך פאָר יענע גליקליכע צייט מיט פאָלגענדע ווערטער: „און זיי וועלען איבערשמידען זייערע שווערדען אין אקעראייזענס, און זייערע שפיזען אויף גאָרטען־מעסערס; אַ פאָלק געגען אַ פאָלק וועט מער קיין שווערד ניט אויפהויבען, און זיי וועלען מער ניט לערנען מלחמה צו האלטען, 29)".

דער נביא האָט געגלויבט, אז עס מוז קומען די דערלייזונג פון דער גאַנצער מענשהייט, און דאַן וועט דער מענש פאר זיך דערזען אַ נייע וועלט. דער נביא זאָגט אין גאָטס נאָמען „און איך וועל באַשאפען נייע הימלען און אַ נייע ערד, 30)".

דער דייטשער געלערטער דר. פראנץ וואהלטער זאָגט: „טוי־

25) Dr. Soares, The Social Institutions and Ideals of the Bible, p. 236.
26) מיכה, ד", א"—ה".
27) ישעיה, מ"ט, ו".
28) ח. נ. ביאליק, אידישע לידער, פאררעדע, ז. 8.
29) ישעיה, ב", ד"; מיכה, ד", א"—ה".
30) ישעיה, ס"ו, כ"ב.

זענטער יאָרען זיינען אריבער זייט די שטים פון די נביאים האָט אויפגעהערט צו קלינגען; אָבער די ווארהייט, וואָס זיי האָבען גע־לאָזט הערען, איז אייביג. זי שטייט העכער פון אלע צייט־ענדערונ־גען... אויך אין צוואנציגסטען יאָרהונדערט קאָנען אָט די וואר־הייטען ברייגנען אַ רעטונג און פרידען צו דער אומרואיגער מענש־הייט, 31)".

3. כתובים. — די כתובים איז אַ זאמלונג פון טיפע רעלי־גיעזע־מאָראלישע, פּאָעטישע, עטישע און פילאָזאָפישע ווערק, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געשאפען, זיצענדיג אין זיין לאנד. אין דיזער אָפּטיילונג קומט צוערשט דער „תהלים". דאָס זיינען שיינע ערהאבענע רעליגיעז־פילאָזאָפישע הימנען, פון וועלכע פילע זיינען געזונגען געוואָרען אין אונזער בית המקדש, און ווערען געזונגען אין גאָטעס דינסט ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער. נאכהער קומט דער ספר „משלי", וועלכער איז געשריבען פון אונזער קלוגען קעניג שלמה. אין דיזען ספר געפינען מיר קורצע, שארפע אויסדריקע, די שענסטע משלים און די קליגסטע רעגעלען ווי אזוי אויפצופירען זיך אין אונזער אלטעגליכען לעבען. נאכהער קומט דער ספר „איוב", אין וועלכען עס קומט פאָר אַ דיסקוסיאָן צווישען דעם ליי־דענדען איוב און זיינע גוטע פריינט; און זיי אלע צוזאמען אנט־וויקלען אַ טיפע רעליגיעזע פילאָזאָפיע, וועלכע פארנעמט נאָך ביז איצט די מוחות פון דער בעסטער מענשהייט. נאכהער קומט „שיר השירים", וואו עס ווערט באזונגען די שיינקייט פון דער נאטור און פון ליבע; און פילע זאָגען, אז דאָרט ליגט אַן אנדערע אַ טיפערע מיינונג. דאן קומט „קהלת", דאָס איז פילאָזאָפיע פון פארשידענע וועלט־אנשויאונגען. דער ספר „רות" איז אַ וואונדערבארע שיינע באשרייבונג פון אַ פרוי, וואָס האָט אָנגענומען דעם אידישען גלויבען. „איכה" איז די גרויסע טרויער־ליד, וואו עס ווערט באקלאָגט דער אומגליק פון אידישען פאָלק, ווען מען האָט אים דעם ערשטען מאָל פארטריבען פון זיין לאנד. אין „מגלת אסתר" ווערט דער־ציילט ווי אידען זיינען געראטעוועט געוואָרען פון דעם ערשטען אנטי־סעמיט המן. אין דניאל, עזרא און נחמיה ווערט דערציילט פון דעם אידענ'ס לעבען אין בבל און זיין אומקערען זיך צוריק צו זיין לאנד. צום ענדע קומט „דברי הימים", וואו עס ווערט אין קורצען

31) Dr. Franz Walther, Die Prophets in Sozialen beruf, p. 9.
" עיין השלוח, כרך ח", עמוד 390.

איבערגעדערציילט די אידישע געשיכטע ביז דער ענדע פון גלות בבל.

4. דער תנ"ך אלס א גייסטיגע שפייז. — אונזער נשמה פאדערט איר שפייז, און יעדערער געפינט זיין גייסטיגע שפייז אין פארשיידענע קוועלען. דאס, וואס איז גוט פאר איינעם, קאן זיין אומבאגרייפליך פאר דעם צווייטען; נאר דער תנ"ך איז דער איינציגער ספר, וואו יעדער מענש קאן געפינען א גייסטיגע שפייז נאך זיינע באגריפען נאך.

דאס איז א בוך, וועלכער אנטהאלט אין זיך אייביגע גרויסע אמת'ן, די ערהאבענסטע רעליגיעזע געדאנקען און אידעאלען. די בעסטע געזעצען צווישען מענשען, ווי אויך הייליגע לידער, שיינע פאעמען, קלוגע שפריכווערטער און פראקטישע פילאזאפישע גע־דאנקען. דאס איז א רעליגיעז־פילאזאפיש־פאעטיש ווערק, וואו דער רעליגיעזער געדאנק איז ריין פון אבערגלויבען; די פילאזא־פיע איז א באגרייפליכע, און די פאעזיע איז שיין מיט איר ערנסט־קייט, מיט איר ארומנעמען די וועלט מיט אלע אירע ערשיינונגען, און מיט איר טיפען אריינדרינגען אין אלע באוועגונגען פון אונזער נשמה. שטארק איז דער מיטגעפיל, מיט וועלכען דער נביא באדוי־ערט דעם מענשענ'ס שוואכקייט און פארצווייפלונג, און שטארק איז זיין ענטוזיאזם, ווען ער באזינגט דעם מענשענ'ס האפענונג און פרייד.

דער תנ"ך איז א ספר, וואס איז צוגעפאסט פאר אלע צייטען, פאר אלע מענשען אונטער אלע אומשטענדען. דארט געפינט מען א העכערע שטימונג, וועלכע הויבט אונזערע מידע נשמות צו הע־כערע הימעלשע ספערען; ער צינד אין אונז אן א געטליכען פונק, וועלכער באלייכט אונזער וועג אין לעבען; ער פירט אונז אריין אין א גייסטיגער וועלט, וואו מיר פארגעסען די שווערינקייט פון דעם אלטעגליכען וואכעדיגען לעבען. דאס איז א קוואל פאר דעם מענשענ'ס געדאנק און פאר זיין געפיל. א מאדערנער אידישער פריי־דיינקער זאגט: „ווען מיר טיפען זיך אריין אין געדאנקען אין אונזערע הייליגע שריפטען, פילען מיר, ווי דאס הארץ הויבט אן צו שלאגען פריידיג און שטאלץ, ווי נייע קוואלען פון לעבען און מוט גיסען זיך אריין אין די אדערען, ווייל אייביגקייט און אומ־ענדליכקייט הויכט כמעט פון זייער יעדער שורה; און עס ווילט זיך

גלויבען, אז אייביג איז אויך דאָס פאָלק, וואָס האָט געשאפען אָט די הייליגע שריפטען, 32)".

5. **דער תנ"ך אין דער וועלט.** — די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט אנערקענט, אז די אידישע פּראָפעטען האָבען אין דער וועלט־געשיכטע פארנומען איינעם פון די שענסטע פּלעצער, אז זיי זיינען געווען פון די גרויסע מענשען, וועלכע האָבען אַ גרויסע באדייטונג פאַר דער אלגעמיין־מענשליכער קולטור.

קיין איין ספר איז ניט אַזוי פּאָפּולער אין דער גאַנצער וועלט ווי דער תנ"ך. ער ווערט איבערגעזעצט איז הונדערט און פופציג שפּראַכען, און ווערט פארקויפט יעדען יאָר אין צענדליגע מיליאָנען עקזעמפּלארען. דער תנ"ך איז געווען דער וועגווייזער פון אנדערע רעליגיאָנען; ער האָט באגייסטערט קעמפער פאר פרייהייט; די גרעסטע דיכטער און קינסטלער האָבען געשעפּט פון תנ"ך ניט נאָר זייער באגייסטערונג, ניט נאָר די טעמעס; נאָר אויך די שפּראַך און סטיל פון תנ"ך האָט אריינגעדרונגען אין אלע שפּראַכען פון די בעסטע שרייבער, 33); און די הויכע פּרינציפּען פון תנ"ך האָ־בען געדינט, און וועלען נאָך דינען, אלס אַ מוסטער פון אַ שיינעם אידעאַלען געזעלשאפטליכען לעבען.

דער ענגלישער דיינקער האקסלי דריקט זיך אויס אין איינעם פון זיינע ווערק: „די ביבעל איז די „מאגנא קארטא" פאַר די אָרימע און אונטערדריקטע. מיר האָבען נאָך ניט אין קיין לאנד אַזאַ קאָנסטיטוציע ווי די אידישע תורה, וועלכע זאָל זאָרגען פאר אלע מענשען, וועלכע זאָל זיין אַזוי באגרינדעט אויף גערעכטיגקייט און גלייכהייט, 34)". דערזעלבער האקסלי זאָגט אין אַן אנדער בוך: „אין אַ וועלט פון געצענדינער האָבען די אידישע נביאים געגעבען אַ באַגריף וועגען אַ רעליגיאָן, וועלכע איז אַ וואונדערפולע באַ־גייסטערונג... אלע בעסטע עטיקס פון דער מאָדערנער וועלט איז די דירעקטע אנטוויקלונג פון די אידישע עטיקס. עס איז ניטאָ קיין קאָדעקס (געזעץ־בוך), וועלכער זאָל זיין מיט אַזוי פיל גע־רעכטיגקייט און אַזוי גנעדיג און בארעמהארציג, און אַזוי מילד און צערטליך צו דעם שוואכען און אָרימען ווי די אידישע תורה; און, אויב מיר גלויבען די אפּאָסטאָלס, זאָגען זיי אליין, אז יעזוס

32) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, באנד 4, ז. 271.
33) Dr. J. Jacobs, Jewish Contributions to Civilization, p. 69.
34) H. J. Kisch, Religion of the Civilized World and Judaism.

האָט ערקלערט, אז זיין לערע איז גענומען פון דער אידישער תורה... 35)".

נאָך אן ענגלישער געלערטער ארנאָלד מאטיו זאָגט: „די גאנצע געשיכטע פון דער וועלט איז א פאָרטזעצונג פון דער איינפירונג פון דעם אלטען טעסטימענט... א פאָלק, וועמעס רעקאָרד איז אין דער תורה, פארדינט אין פולען צו זיין אויסגעקליבען אלס איינער פון פילע".

פראָפעסאָר מענזים זאָגט: „די רייד פון די נביאים זיינען געבויט אויף באלערונג און לאָגיק. אין זייערע ספרים געפינען מיר דעם מיטעל־פונקט, ארום וועלכען עס קלייבען זיך אלע שטראַלען פון ליכטיגקייט, שיינקייט און פראכט, וואָס די אידישע רעליגיאָן באזיצט; און זיי זיינען געוואָרען איין גרויס ליכט, וואָס האָט באַלייכט די גאנצע מענשליכע געזעלשאפט. 36)".

דער אמעריקאנער גייסטליכער מעדיסאָן פיטערס זאָגט: „ווען מיר ריידען וועגען ליטעראטור, מוזען מיר אנערקענען, אז די וועלט איז שולדיג דעם אידען מער איידער וועלכער עס איז נאַציאָן. די אידען האָבען אונז געגעבען דעם בוך פון אלע ביכער, דעם פונדאמענט פון אלע חכמות; אן אוצר, וועלכער האָט באַרייכערט די מענשהייט; אן אייביגער קוואל פון וויסען און באגייסטערונג, וואו דער ליידענדער געפינט א טרייסט, דער האָפענונגסלאָזער א האָפענונג. דאָס איז די ביבעל... די ביבעל האָט אונז געגעבען א דאנטע, א מילטאָן, א שעקספיר, און מיליאָנען אנדערע. 37)".

און איר, קינדערלאך, אויב איר ווילט ריכטיג פארשטיין און פילען דעם אמת'ן געשמאק פון דעם תנ"ך, מוזט איר אים לערנען אין אָריגינעל, אין העברייאיש, ווייל נאָר אין העברייאיש קאָן מען זעהן זיין גאנצע שיינקייט; און ווען איר וועט זיך גוט באקענען מיט'ן תנ"ך, וועט איר אויך מוזען קומען צום באשלוס, אז א פאָלק, וועלכעס האָט ארויסגעגעבען אזא גרויסע צאָל גייסטיגע ריזען, האָט אין זיך געטראָגען דעם קערענדעל פון דער אידישער נבואה; אין דעם פאָלק האָט געלעבט דער גייסט ביז עס זיינען ארויסגעקומען אָט די גרויסע באגאבטע, פון גאָט געבענשטע מענשען, וועלכע מען

35) Ibid.

36) פראָפ. מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח"ב, 56—75.

37) Dr. M. C. Peters, Justice to the Jew, p. 162.

רופט נביאים, וועלכע האָבען אין אַ מדבר־וועלט געעפענט פאַר דער מענשהייט אַ קוואל פון הויכע געדאנקען און פון שיינע געפילען געבויט אויף ווארהייט, ליבע און גערעכטיגקייט.

## קאַפּיטעל 14

# דער תלמוד

**די תורה אין אלטעגליכען לעבען. — די משנה. — תלמוד ירושלמי. — תלמוד בבלי. — דער אינהאלט פון תלמוד. — הלכה. — אגדה. — דער איד און דער תלמוד.**

1. **די תורה אין אַלטעגליכען לעבען.** — אין פריערדיגען קאפיטעל האָט איר זיך באקענט מיט דעם אינהאלט פון תנ"ך. איר ווייסט, אז משה האָט אונז אַ תורה געגעבען. אין דער וויל־דערניש האָט ער געעפענט אַן אייביגען קוואל, אַ קוואל פון לויפענ־דיג, לעבעדיג וואסער צו קוויקען און צו דערפרישען די דורשטיגע פארשמאכטע מענשהייט; און איר ווייסט, אז שפּעטער זיינען געקומען די נביאים, און האָבען דעם קוואל ברייטער און טיפער געמאכט. די לערע פון תורת משה האָט באגייסטערט די נביאים, און האָט זיי געפירט צו די העכסטע אידעאַלען, און צו די שענסטע באגריפען און וועלט־אנשויאונגען, וועלכע זאָלען ברייננען גליק־זעליגקייט דער גאנצער מענשהייט.

אָבער דער אידישער גייסט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף דעם תנ"ך. דאָס לעבען האָט געפאָדערט לערער, וועג־ווייזער, וועל־כע זאָלען לערנען דאָס פאָלק ווי אזוי דורכצופירען אין אלטעגליכען לעבען די לערע פון דער תורה. זיינען געקומען אונזערע גייסטיגע פירער, אָנפאנגענדיג פון די כנסת הגדולה (זעה קאפיטעל 12 פּאַ־ראגראף 6), און האָבען געמאכט ערקלערונגען, ענדערונגען און נייע געזעצען צוגעפּאסט צו אַלע צווייגען פון דעם אלטעגליכען לעבען נאָך די פאָדרונגען פון דער צייט, אָפּהיטענדיג שטרייננג דעם אי־נערליכען געדאנק, דעם פּרינציפּ פון יעדער זאַך, ווי זיי האָבען דאָס געפונען אין דער תורה. דער תנ"ך האָט זיי געדינט אלס פונ־דאמענט, אויף וועלכען זיי האָבען אויפגעבויט אַ גיגאנטישע געביי־דע. דאָס איז דאָס גרויסע ליטעראריש ווערק, וואָס מיר רופען „תלמוד".

2. די משנה. — נאָך די כנסת הגדולה האָבען מיר אין ארץ ישראל אין יעדען דור געהאט גרויסע געלערטע אידען, וועלכע האָבען געהייסען „תנאים״. און זיי זיינען געווען די פאָלקס לערער, די גייסטיגע פירער פון פאָלק. אלעס, וואָס זיי האָבען געשאפען האָט זיך געקליבען א געוויסע צייט.

אין צווייטען יאָרהונדערט פון דער נייער צייטרעכענונג האָט אין ארץ ישראל געלעבט רבי יהודה הנשיא (פון 170 ביז 210). ער איז געווען א גרויסער געלערטער, א שטרייננגער פירער, אָבער זעהר א גוט־הארציגער, דאָס פאָלק האָט אים גערופען „רבי״, און אזוי איז פארבליבען זיין נאָמען. ער מיט דער הילף פון אנדערע חכמים האָט צונויפגעשטעלט און געבראכט אין אָרדענונג אין גאנצען די אידישע געזעצגעבונג, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען פון דור צו דור פון מויל צו מויל, דערפאר הייסט עס „תורה שבעל פה״, צו אונטערשידען פון תורת משה, וועלכע איז געווען געשריבען, און האָט געהייסען „תורה שבכתב״. די צוזאמענזעצונג פון תורה שבעל פה האָט זיך אָנגעפאנגען אין ערשטען יאָרהונדערט, און ר׳ יהודה הנשיא האָט אָט די גרויסע ארבייט פארענדיגט. אלעס, וואָס איז געשאפען געוואָרען אין פילע יאָרהונדערטען, איז ארייגנעקומען אין איין זאמלונג, וועלכע מען רופט „משנה״, דאָס מיינט, א צווייטע צו משה׳ס תורה. אין דער משנה קומען אלע דינים צוזאמען מיט די דיסקוסיאָנען (ויכוחים), וואָס די חכמים האָבען געהאט צווישען זיך. אממיינסטען ווערט ניט ארויסגעזאָגט, וועלכע מיינונג מען זאָל אָננעמען. מען האָט עס איבערגעלאָזען פאר די געלערטע פון די צוקינפטיגע דורות, אז זיי זאָלען אליין אורטיילען וועלכע מיינונג איז די בעסטע. ווייל אונזערע חכמים האָבען פארשטאנען, אז ניט אלע געזעצען קאָנען בלייבען שטיין אויף איין אָרט, זיי מוזען זיך אנטוויקלען און בייטען.

די שפּראך פון דער משנה איז העברייאיש, וועלכע איז אין יענער צייט באריירכערט געוואָרען מיט נייע ווערטער.

די גאנצע משנה באשטייט פון זעקס סדרים (טיילען). דער ערשטער טייל איז זרעים, דאָס מיינט, געוואקסען, אָדער פלאנצונגען, ווייל אין אָט דעם טייל קומען אלע דינים, וואָס זיינען פארבונדען מיט ערד־ארבייט. אויך קומען אין דעם טייל אלע תפלות און ברכות. דער צווייטער טייל הייסט מועד, וואו עס ווערען באהאנדעלט אלע דינים פון שבת און יום טוב. דער דריטער טייל איז

נשים, וואו עס קומען אלע געזעצען וועגען הייראט, גט און פאמי־
ליען לעבען. דער פערטער טייל הייסט נזיקין, וואו עס קומען אלע
געזעצען וועגען שאדען, וואָס איינער ברייננט דעם צווייטען, וועגען
קויפען און פארקויפען, וועגען געריכט, און פילע אנדערע מאָראלישע
לערען וועגען דעם צוזאמנלעבען צווישען מענשען. די פינפטע אָפּ־
טיילונג הייסט קדשים, דאָס מיינט, הייליגקייטען, וואו עס ווערען
ארומגערעדט די דינים פון שחיטה, פון כשר און טרפה, און פילע
טראדיציאָנען, וואָס זיינען געווען איינגעפירט אין בית המקדש, און
זיינען ביי אונז געבליבען אלס אן אָנדיינקונג. דער זעקסטער טייל
הייסט טהרות, דאָס מיינט, ריינקייט, דאָ זיינען געגעבען אלע דינים
וועגען ריינקייט, ווייל ריינקייט שפילט א וויכטיגע ראָל אין דער
אידישער רעליגיאָן.

יעדער סדר פון משניות ווערט צעטיילט אויף מסכתות (טראק־
טאטען), און יעדע מסכתא איז צעטיילט אין פרקים, און יעדער פרק
אין משנות.

פילע דינים און מיינונגען זיינען ניט אריינגעקומען אין דער
משנה. האָבען ר׳ יהודה הנשיא׳ס תלמידים, רב חייא און רבי
הושיעא צונויפגעזאמעלט די אלע זאכען אין באזונדערע ווערק אונ־
טער די נעמען „בריתות" און תוספתות. אויך זיינען דאן געשרי־
בען געוואָרען ערקלערונגען (פירושים) אויף דער תורה, ווי די
מכילתא, ספרא און ספרי.

3. **תלמוד ירושלמי.** — נאָך דעם צוזאמענשטעלען פון דער
משנה האָט מען די חכמים מער ניט גערופען תנאים, נאָר אמוראים
(ערקלערער), ווייל זיי האָבען באטראכט און ערקלערט די פארשי־
דענע מיינונגען אין דער משנה, צו באשטימען וועלכע מיינונג זאָל
אָנגענומען ווערען.

אין אָנפאנג פון פינפטען יאָרהונדערט, ווען אַ טייל אידען האָ־
בען געלעבט אין א״י אונטער דער הערשאפט פון די רוימער, האָט
מען צוזאמענגענומען און פארשריבען אלע ערקלערונגען, וואָס זיי־
נען געמאכט געוואָרען צו דער משנה. די גאנצע זאמלונג רופט מען
„תלמוד ירושלמי", דאָס מיינט, די לערע, וואָס איז געשאפען געוואָ־
רען אין ארץ ישראל.

4. **תלמוד בבלי.** — ווען די אידען האָבען פארלאָרען זייער
פאָטערלאנד איז בבל געוואָרען א גרויסער צענטער פון אידישען
גייסטליכען לעבען. די געלערטע האָבען זיך דאָרט אויך גערופען

אמוראים אזוי ווי אין ארץ ישראל. צווישען זיי זיינען געוועזען באַ־רימטע חכמים, וועלכע האָבען אויפגעהאַלטען גרויסע ישיבות, וואו עס זיינען אויסגעפּאָרשט געוואָרען און פאַרברייטערט געוואָרען די רעליגיעזע דינים און אויפפירונגען. אין דעם פערטען יאָרהונדערט האָט דער אמורא רב אשי (370־427) גענומען צונויפזאַמלען אין גאַנצען די אידישע לערע אין איין ווערק, און שפּעטער צום ענדע פון פינפטען יאָרהונדערט האָט רבינא מיט די אנדערע חכמים פאַר־ענדיגט און געשלאָסען דאָס גראַנדיעזע ווערק, דעם אלזייטיגען רע־ליגיעזען און בירגערליכען קאָדעקס פון דעם אידישען פאָלק. דאָס ווערק הייסט „תלמוד בבלי״, דאָס מיינט, די לערע, וואָס איז גע־שאַפען געוואָרען אין בבל. דער תלמוד איז איינגעטיילט אין סדרים, מסכתות און פרקים אזוי ווי די משנה. ער אנטהאַלט ביז פופציג גרויסע און קליינע טראַקטאַטען.

כמעט זיבען הונדערט יאָר האָט זיך געקליבען דער מאַטעריאַל, וואו דער אידישער גייסט האָט אריינגעלייגט גרויסע קרעפטען, ביז עס איז אויסגעוואַקסען אונזער קולטור־אוצר, דער תלמוד, דאָס איז אַ ליטעראַריש ווערק, וועלכעס האָט ניט זיין גלייכען אין דער וועלט־ליטעראַטור אלס אַ זאַמלונג פון מענשליכע גייסטיגע קרעפ־טען, פון אמת, גערעכטיגקייט און שיינהייט. צום באַדויערען איז אונזער אינטעליגענץ ניט באַקאַנט מיט דעם תלמוד. דר. ח. זשיט־לאָווסקי שרייבט: „ווען איך האָב געלעזען פון אַ קריסטליכען געלערטען וועגען דעם תלמוד, האָב איך מיך געשעמט פאַר אונזער גאַנצען דור, וואָס האָט לעבען זיך אזאַ רייכען קוואַל פון קולטור־היסטאָרישע דאַטען, און גיט גאָר ניט אַ טראַכט ווי אזוי צו שעפּען פון אים... וואָס מער מיר נעמען אין זיך אריין די אייראָפּייאישע בילדונג, אלץ רייכער און שענער באַווייזט זיך פאַר אונז דער תלמוד, אלץ בעסער קאָנען מיר אָפּשאַצען זיין ווערט און אלץ טייע־רער ווערט ער פאַר אונז״1).

5. **דער אינהאַלט פון תלמוד.** — אידען רופען דעם תלמוד „ים״, און ווירקליך קאָן מען אים פאַרגלייכען צו אַ ים מיט זיין גרויס, ברייט און טיפקייט. דאָס איז אַ וואונדערבאַרע קאָלעקציע פון אַ יורידישער־פילאָזאָפישער־עטישער און עסטעטישער שאַפונג, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי געגענשטאַנדען: איין גע־גענשטאַנד איז די „הלכה״, דאָס מיינט, די יוריספּרודענץ, די געזע־

1) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאַמעלטע שריפטען, 2־טער באַנד, ז. 156־158.

צען; און דער צווייטער געגענשטאנד איז די „אגדה", דער פּאָעטיש־פילאָזאָפישער טייל. און דיביידע ריכטונגען קומען פון איין קוואל, און פליסען צו איין ענדציל. אונזער גרויסער פּאָעט און דיינקער ח. נ. ביאַליק זאָגט, אז די הלכה און אגדה זיינען צוויי זאכען, וועלכע שטעלען צוזאמען איין גאנצע זאך. אמאָל איז די אגדה די מוטער פון א געוויסער הלכה, און אמאָל איז די הלכה די מוטער פון א שיינער אגדה. די אגדה איז ווי א שיינע בליאונג, וועלכע אנטהאלט אין זיך די פרוכט — די הלכה, און די פרוכט אנטהאלט אין זיך א קערענדעל, פון וועלכען עס קומט ווייטער ארויס א שיינע בליאונג"2). אויסער די הלכה און אגדה אנטהאלט דער תלמוד געשיכטע, פילאָזאָפיע, מעדיצין, און אלע אנדערע וויסענשאפטען פון יענער צייט.

6. די הלכה. — די הלכה צייכענט זיך אויס מיט אירע טיפע, שארפזיניגע, הומאנע געזעצען צווישען מענשען; געזעצען, וועלכע זיינען געקומען פון טיפע באָאבאכטונגען און פון א קלאָרען ברייטן פארשטאנד. אלץ איז געבויט אויף א פונדאמענט פון לאָגיק און גערעכטיגקייט.

אום צו האָבען א שטיקעל באגריף וועגען די געזעצען פון תלמוד, וועלכע זיינען פארפאסט געוואָרען מיט צוויי טויזענט יאָר צוריק, וועלען מיר נעמען דעם געזעץ פון טויט־שטראָף. אָפּשאפען אינגאנצען טויט־שטראָף האָט מען אין יענער צייט נאָך ניט געקאנט, דערפאר אָבער האָבען די חכמים געמאכט די פארמאליטעטען פון געריכט, אז עס איז אוממעגליך געווען צו פאראורטיילען א מענשען צום טויט. דאָס געריכט איז באשטאנען פון 23 ריכטער. יעדערער פון זיי האָט געדארפט זיין באוואוסט אלס א בארעמהארציגער מענש, וועלכער האָט אן אייגענע פאמיליע. עדות האָבען געמוזט זיין ניט ווייניגער פון צוויי, און די עדות האָבען געמוזט דייטליך זעהן ווי אזוי דאָס פארברעכען איז דורכגעפירט געוואָרען; און די עדות האָבען געמוזט וואָרנען דעם פארברעכער, אז, אויב ער וועט עס טאָן, וועט אים קומען טויט־שטראָף. דער עדות האָט ניט געטאָרט האָבען קיין פּלעק אויף זיך אין זיין פארגאנגענהייט. אויב דער עדות גיט געלט אויף פּראָצענט; אָדער, אויב ער האָט זיך מיט עפּעס ארויסגעוויזען ניט גאָר ערליך אין געלט־זאכען, קאָן ער ניט זיין קיין עדות. ווען עטליכע מענשען האָבען

2) ח. נ. ביאליק, כנסת, הלכה ואגדה.

אנטייל גענומען אין א מאָרד, קאָן מען ניט פאַראורטיילען זיי צום טויט, ווייל מען קאָן ניט וויסען אויף זיכער פון וועמעס האנט ער איז געשטאָרבען; און ווען מען זעהט איינעם ארויסלויפענדיג פון א הויז מיט א פארבלוטיגטען מעסער אין האנט, און אין הויז האָט מען געפונען א דערשטאָכענעם מענשען, קאָן מען ניט משפט'ן פאַר'ן מאָרד דעם מענשען מיט'ן מעסער אין האנט. פון דאָס אַלץ זעהען מיר ווי טייער עס איז געווען ביי די חכמים דאָס לעבען פון א מענשען. איינער פון זיי ר' אליעזר בן עזריה האָט געזאָגט, אז סנהדרין, וועלכע טויטען איין מענשען אין זיבעציג יאָר, זיינען זיי פארדארבער פון דער וועלט. און רבי טרפון מיט ר' עקיבא האָבען געזאָגט „ווען מיר וואָלטען זיין אין די סנהדרין, וואָלט קיינמאָל קיין מענש ניט געטויט געוואָרען(3).

איצט נעמט די געזעצען פון תלמוד און פארגלייכט זיי מיט די געזעצען פון אזא דעמאָקראטיש פריי לאנד ווי די פאראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, וואו ביז היינטיגען טאָג פארלירען פילע מענשען זייער לעבען דורכ'ן געריכט. דאָס געזעץ ערלויבט צו באַ־פרייען איינעם פון די באשולדיגטע אין דעם פארברעכען, אויב ער נעמט זיך אונטער צו זאָגען עדות געגען די אנדערע פארברעכער. דאָס הייסט, אז א מענש מיט אזא צווייפעלהאפטער פארגאנגענ־הייט ווערט באגלויבט, אז דורך זיינע באווייזען זאָל א מענש, אָדער איינינגע מענשען, פארלירען זייער לעבען. און פיל מאָל טרעפט, אז עטליכע מענשען האָבען אנטייל גענומען אין איין פארברעכען, און זיי ווערען אלע הינגעריכטעט, אָבוואָל מען ווייס ניט זיכער ווער איז דער שולדיגער.

אָדער נעמט די געזעצען פון תלמוד וועגען קנעכט, אָדער וועגען ארבייטער און ארבייטגעבער, און פארגלייכט זיי מיט די היינ־טיגע מאָדערנע געזעצען, וועט איר זיך איבערציייגען אויף וויפיל אונזערע געזעצען זיינען געווען הומאנער.

7. די אגדה. — דער צווייטער טייל פון תלמוד, וואָס מען רופט „אגדה" איז זעהר רייך מיט זיין עטיש־פּאָעטישען און פי־לאָזאָפישען אינהאלט. דאָ געפינען מיר היסטאָרישע פאקטען, פאָלקס־ערציילונגען, משלים (פאבלען) און לעגענדען. אלץ ווערט דערציילט אין א וואונדערבארער, שיינער פאָרמע, וואָס זאָל קאָנען אריינדרינגען אין דעם פאָלק'ס הארץ און געדאנק. יעדע מעשה'לע

3) סנהדרין, פרק ח', משנה ה'.

און יעדע לעגענדע שפּיגעלט אין זיך אָפּ די באַגריפען און דעם לע־
בען פון דעם אידישען פאָלק. אין יעדער זאַך איז איינגעוויקעלט
אַ שטיק מאָראל צו ווייזען דעם מענשען, וואָס עס איז שיין, און
וואָס עס איז מיאוס, וואָס עס איז גוט, און וואָס עס איז שלעכט,
אום יעדער איינער זאָל קאָנען לערנען ווי אויפצופירען זיך. ווער
עס וויל גוט באַקענען זיך מיט׳ן אידישען פאָלק און מיט׳ן אידענ־
טום דאַרף ער לערנען די אגדה, וועלכע מיר קאָנען אָנרופען דער
פּאָעטישער טייל פון דער אידישער רעליגיאָן, און די פּאָעזיע פון
אידישען פאָלק, וואו עס ווערט געמאָלען מיט די שענסטע שטריכען
דעם פאָלק׳ס נשמה. איצט האָבען מיר א זאַמלונג פון די אגדות
צוזאַמענגעשטעלט פון: ח. נ. ביאליק אין העברייאיש, פון דר.
גינצבורג אין ענגליש און פון תשר״ק אין אידיש.

דער פּאָעט היינריך היינע זאָגט:

אָבער די אגדה וויל איך
רופען מיט דעם נאָמען גאָרטען
יאָ, א גאָרטען הויך פאַנטאַסטיש...
אַלע אָטעמען איין מיט תענוג
זיסע ריינע באַלזאַם־ריחות
אומפאַרמישט און פאַרדאַרבען
פון ערד גערוך דעם שלעכטען...4).

8. **דער איד און דער תלמוד.** — פילע נייע דינים און
מנהגים זיינען צוגעקומען אין תלמוד. יעדער געבאָט פון דער תורה
האָט זיך פאַנאַנדערגעצווייגט אויף פיל געבאָטען. געווים איז דעם
אידען ניט גרינג געווען אָפּצוהיטען אָט די אלע זאַכען. דאָס איז
אָבער געווען א נויטווענדיגקייט. זייענדיג צעשפּרייט אין אלע
טיילען פון דער וועלט, האָט מען געמוזט פאַרהיטען דעם אידען,
אז ער זאָל זיך ניט אויסמישען מיט די אנדערע פעלקער; דעריבער
האָבען די חכמים געמאַכט געזעצען, וועלכע זאָלען אונטערשיידען
דעם אידען, און אָפּזונדערען אים פון די אנדערע פעלקער; און די
אידען האָבען דאָס אָנגענומען מיט ליבע. זיי האָבען געפילט, אז
דערפון איז אָפּהענגיג זייער עקזיסטענץ; און אזוי איז דער תלמוד
געוואָרען די פאַרקערפּערונג פון דעם אידישען גייסט, און די פעס־
טונג פון דעם אידישען פאָלק. דער תלמוד איז געוואָרען פאַר דעם

4) די אידישע פאמיליע, באנד 2, פון י. ל. ברוכאוויטש.

אידען זיין לעבענס־קוואל, זיין וועג־ווייזער און דערציער. און ניט נאָר די לערע פון תלמוד, ווי אזוי צו פירען זיך, האָט אויפגעהאלטען אונזער עקזיסטענץ, נאָר אויך דאָס לערנען דעם תלמוד האָט גע־שפּילט א וויכטיגע ראָל. דאָס לערנען האָט דעם אידען געגעבען פרישע קרעפטען. אין א וועלט פון פינסטערניש, אבערגלויבען און באַרבאַריזם, זייענדיג פאַרפאָלגט און ערנידעריגט, וואָלט דאָס אי־דישע פאָלק פאַרזונקען ווערען אין נאַרישקייטען, און זיינע גע־דאַנקען וואָלטען אויפהערען צו אַרבייטען. איז געקומען דער תלמוד מיט זיין טיפזיניגער לערע, און האָט אנטוויקעלט אין דעם אידען זיינע גייסטיגע פייאיגקייטען, אז קיין זאך, וואָס פאָדערט פאַר־שטאַנד, זאָל ניט זיין צו שווער פאַר אים. דעם גרעסטען גייסטיגען פאַרגעניגען האָט דער איד געפונען, ווען ער האָט זיך געזעצט לער־נען גמרא. ער האָט זיך אָפּגעריסען אינגאַנצען פון דעם שווערען אַלטעגליכען לעבען, און ער האָט זיך איבערגעטראָגען אין אנדערע העכערע און שענערע וועלטען, וואו ער האָט געפונען גייסטיגע שפּייז פאַר זיין קאָפּ און פאַר זיין האַרץ.

דר. יוסף קלויזנער זאָגט: „דער תלמודישער אידענטום איז געבליבען פאַרבונדען מיט דעם אַלטעגליכען לעבען, און איז פייאיג צו פאַרפאָלקאָמען זיך אונטער די שווערסטע אומשטענדען, און צו שטיין אָן דער שפּיץ פון יעדער נייער באַוועגונג, צו שאַפען נייעס און איינצוזאַפּען אין זיך די נייסטע און בעסטע שאַפונגען פון אנ־דערע", 5).

איך גלויב, אז דער תלמוד וועט נאָך שפּילען א וויכטיגע ראָל, ניט נאָר פאַר אידען, ווען מיר וועלען האָבען אן אייגענע פרייע היים און מיר וועלען קאָנען מאַכען אייגענע געזעצען; נאָר אויך פאַר דער גאַנצער מענשהייט וועט ער האָבען א גרויסע באַדייטונג. ווען די וועלט וועט פאַרשטיין דעם גייסט פון דעם תלמוד, וועט ער קאָנען דינען אין דעם מענשליכען לעבען אלס א מוסטער פון גערעכטיגקייט, פון אמת און פון גייסטיגער שיינקייט. איך גלויב, אז די מענשהייט וועט ווערען בעסער, די פאָראורטיילען געגען אי־דען און אידענטום וועלען פאַרשווינדען, און דאַן וועלען דיינקער און פאָרשער נעמען שטודירען אונזער תלמוד, און וועלען געוויס ארויסנעמען פון דאָרט פיל זאכען, וועלכע וועלען ברייגנען גרויס נוצען דער גאַנצער מענשהייט.

5) דר. יוסף קלוזנר, ישו הנוצרי, עמוד 406.

## קאַפּיטעל 15

# די נאָך־תּלמודישע ליטעראַטור

די רבנישע ליטעראַטור ביז דעם שולחן ערוך. — פילאָזאָפיע ביי אידען. — פּאָעזיע ביי אידען.

1. די רבנישע ליטעראַטור ביז דעם שולחן ערוך. — נאָכ'ן צוזאַמענשטעלען דעם תּלמוד האָבען די אידען אין בבל אונ־טער דער פּערסישער הערשאַפט אין 6־טען און 7־טען יאָרהונדערט געהאַט גענוג פרייהייט. די אידישע געזעץ־לערער פון יענער צייט האָבען געהייסען „סבוראי" דאָס מיינט, די, וואָס זאָגען אַ מיינונג, ווייל זיי האָבען געגעבען ערקלערונגען צום תּלמוד. שפּעטער אונ־טער דער הערשאַפט פון די אַראַבער, האָבען די אידען אין בבל געהאַט זייערע גייסטיגע פירער מיט דעם נאָמען „גאונים". צווישען די אידען אין בבל האָבען זיך דאַן געפונען דאָקטוירים, אַסטראָנאָ־מען, און פילאָזאָפען. די אידישע געלערטע האָבען אויסער דעם תּלמוד אויך אָפּגעגעבען זיך מיט פאָרשען די ביבלישע שפּראַך און איר גראַמאַטיק. אַזוי ווי די העברייאישע שפּראַך באַשטייט פון קאָנסאָנאַנטען אָהן וואָקאַלען. האָט מען אין אַכטען יאָהרהונדערט אויסגעאַרבייט די נקודות, וועלכע דינען אַלס וואָקאַלען. אין יענער צייט זיינען אויך פאַרפאַסט געוואָרען תּפלות און פּיוטים (רעליגיע־זע הימנען). אין עלפטען יאָרהונדערט האָט זיך דער אידישער גייס־טיגער צענטער איבערגעטראָגען פון בבל קיין אייראָפּע.

ר ש " י, וועמעס נאָמען איז געווען רבנו שלמה יצחקי (געבאָרען 1040 געשטאָרבען 1105), האָט געלעבט אין פראַנקרייך, און האָט אָנגעשריבען אַ פּירוש אויף תּנ"ך און תּלמוד. זיינע ער־קלערונגען זיינען קורץ, לאָגיש, קלאָר און פאַרשטענדליך, און דאָס האָט געהאָלפען, אַז מענשען זאָלען קאָנען לערנען זיך אָהן אַ לערער.

די בעלי התוספות האָבען געלעבט אין צוועלפ־טען און דרייצענטען יאָרהונדערט, איבערהויפּט אין פראַנקרייך. דער וואָרט תּוספות מיינט צוגעבונגען, ווייל זיי האָבען צוגעגעבען, מוסיף געווען זייערע ערקלערונגען צום תּלמוד און צו רש"י'ס פּירוש. אַלץ וואָס זיי האָבען געשאַפען ווערט אָנגערופען תּוספות, און דאָס ווערט געדרוקט צוזאַמען מיט'ן תּלמוד. ווען מען לערענט

תוספות, מוז מען באוואונדערען זייערע טיפזיניגע דיסקוסיאָנען. שפּעטער זיינען געווען נאָך מפרשים, וועלכע האָבען געשריבען פּירושים אויפ׳ן תלמוד און ערקלערונגען אויף רש״י און תוספות. פיל פון די מפרשים, ווי דער מהר״ם, מהרש״א, מהרש״ל, און מהר״ם שיף דרוקען זיך צוזאמען מיט׳ן תלמוד. אויך אויף תנ״ך זיינען געשריבען געוואָרען פיל פּירושים אויסער רש״יס.

א ל פ ס. — אין עלפטען יאָרהונדערט האָט אין שפּאניען געלעבט א גרויסער געלערטער רבנו יצחק אלפסי (געשט. 1103). ער האָט געזעהן, אז לערנען דעם תלמוד און קומען צו א באשלוס וועגען די פארשידענע דינים איז א שווערע זאך. האָט ער אויסגעקליבען נאָר די געזעצען, דורכלאָזענדיג אלע דיסקוסיאָנען און די אגדה, און האָט צוזאמענגעשטעלט זיין בארימט ווערק „הלכות״, אָדער ווי מיר רופען עס „אלפס״. דאָס איז אַ פארקירצונג פון תלמוד; און דאָס האָט פיל געהאָלפען צו פארשפּרייטען די געזעצליכע צווישען אידען.

ד ע ר ר מ ב ״ ם. — נאָכ׳ן אלפס איז געווען רבנו משה בן מימון (געב. אין 1153 געשט. אין 1204), וועלכער איז באוואוסט אונטער זיין פארקירצטען נאָמען רמב״ם, און אין דער וועלט הייסט ער „מיימאנידוס״. ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, אַ זעלטענער דאָקטאָר־מעדיצין, און אַ טיפער פילאָזאָף. ער האָט זעהר פיל אויפגעטאָן פאר דער אנטוויקלונג פון אידענטום. ער האָט אָנגעשריבען א פּירוש אויף משנה, וואו ער האָט קלאָר געמאכט די שווערסטע שטעלען, און ער האָט באלויכטען דעם אינהאלט פון דער אידישער לערע. נאכהער האָט ער צונויפגעשטעלט א פולשטענדיגע סיסטעמאטישע זאמלונג פון אלע דינים און לערען, וועלכע געפינען זיך אין תנ״ך און אין תלמוד. דיזעס ווערק הייסט „משנה תורה״, אָדער „יד חזקה״, וואו עס זיינען צוזאמענגעשטעלט אין א שטריינגער אָרדענונג מיט אויספירליכע ערקלערונגען אלע דינים, טראַדיציעס און פליכטען און אויפפירונגען פאר יעדען מענשען. דעם רמב״ם׳ס צוועק איז געווען, אז מען זאָל פארשפּאָרען לערנען דעם תלמוד, און מען זאָל אלץ געפינען אין יד חזקה. אידען אָבער האָבען פאָרטגעזעצט צו לערנען דעם תלמוד, און מיט דעם יד חזקה האָט מען זיך נאָר באנוצט אלס מיט א גרויסען אויטאָריטעט צו ענטפערען אויף געוויסע פראגען, 1).

1) רב צעיר, השלוח, כרך 4, 305. 2) שם, 308.

ד ע ר   ר א " ש. — אין אָנפאַנג פון פערצענטען יאָרהונדערט האָט אין שפּאַניען געלעבט ר' אשר בן יחיאל, וועלכער האָט אָנגע־שריבען די „פּסקי הרא"ש". אויך אלס א מיטעל צו לערנען דעם תלמוד.

ד ע ר   ב ע ל   ה ט ו ר י ם. — אין פערצענטען יאָרהונדערט האָט דעם רא"ש'ס זוהן, ר' יעקב, צונויפגעשטעלט א זאמלונג פון אַלע דינים און מנהגים. זיין ווערק איז אנדערש פון דעם רמב"ם'ס יד חזקה. ער רעדט ניט וועגען דאָגמעס און זיטען פון אידענטום. ער גיט נאָר די פּראַקטישע דינים און די אויסערליכע מנהגים. זיין ווערק די „טורים" באשטייט פון פיר אָפּטיילונגען: 1) אורח חיים, מיט אַלע דינים פון תפלות און ברכות, וועגען שבת און יום טוב; 2) יורה דעה, מיט אַלע דינים וועגען דיעטע, ווי שחיטה, כשר און טרפה; 3) אבן העזר, וועגען פאמיליען לעבען, הייראט און גט; 4) חושן משפּט, אנטהאַלט אַלע דינים פון געזעלשאפטליכען לעבען. דער בעל הטורים האָט נאָכ'ן רמב"ם פארנומען א גרויסען פּלאַץ צווישען רבנים און לומדים.

ד ע ר   ש ו ל ח ן   ע ר ו ך. — אין זעכצענטען יאָרהונדערט האָט אין ארץ ישראל געלעבט ר' יוסף קארו (1488־1575), דער פאַרפאַסער פון שולחן ערוך. דאָס איז די גרעסטע זאמלונג פון אַלע דינים, פּאַרטיג צוגעגרייט, אז יעדערער זאָל דאָס קאָנען נוצען. דעם שולחן ערוך האָט ער איינגעטיילט אין די זעלבע פיר טיילען ווי דער בעל הטורים. ער האָט זיך באנוצט מיט די פריערדיגע אַלע רבנישע ערקלערונגען און פאָלקס מנהגים. אין אים זיינען צוגעקו־מען נייע דינים און תקנות, און דאָס איז געוואָרען א פאָלקאָמע זאמלונג פון אַלע אידישע דינים. אין די פיר טיילען פון שולחן ערוך פעלט אָבער דער לאָגישער צוזאמענבונד, וואָס מיר געפינען אין רמב"ם'ס יד חזקה. מיר געפינען אין יעדען טייל זאכען, וועלכע האָבען געדאַרפט זיך געפינען אין אן אנדער טייל, 2). דאָך האָבען אַלע באוואונדערט ר' יוסף קארו'ס פייאיגקייטען, און די שווערע ארבייט, וואָס ער האָט אריינגעלעגט אין זיין ווערק. זיין ערשטער שולחן ערוך האָט זיך געדרוקט אין יאָר 1565. אין פּוילען און דייטשלאנד האָט מען אים ניט געוואָלט אָננעמען, ווייל דאָרט האָט מען זיך געפירט ווי די חכמים פון פראנקרייך האָבען געלערענט. איינער פון די גרויסע רבנים איז ארויס געגען דעם שולחן ערוך, 3).

3) ים שלמה, הקדמה למסכתא חולין.

נאָך א רב האָט געזאָגט „דער שלחן ערוך איז פאַר קינדער און עם הארצים״4), ווייל די גרויסע רבנים האָבען אימער באַנוצט זייערע אייגענע קענטנים מיט זייער שכל צו באַשליסען וועגען א געוויסען דין. יעדער רב האָט געשעפּט זיינע קענטנים פון די ערשטע קוואַ־לען, און האָט זיך גערעכענט פאַר אַן אויטאָריטעט, 5).

צו דערזעלבער צייט האָט געלעבט אין פּוילען ר׳ משה איסרלש. זיין נאָמען איז פאַרקירצט רמ״א (געשט. 1572). דער רמ״א האָט צוגעגעבען צום שלחן ערוך פילע נייע דינים, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען פון די רבנים אין דייטשלאַנד און פּוילען, און אויך פילע מנהגים פון די דייטשע און פּוילישע אידען, פון וועלכע ר׳ יוסף קארו האָט ניט געוואוסט. דערצו נאָך האָט דער רמ״א אַלע מנהגים אוועקגעשטעלט אויף איין שטופע מיט די דינים. ער זאָגט, אז א מנהג פון אונזערע עלטערען איז א דין, 6). דערפאַר אָבער, וואו עס קאָן זיין א גרויסער שאָדען; אָדער, וואו מען איז אין א שווע־רער פאַרלעגענהייט, האָט ער גרינגער געמאַכט, און ערלויבט אַזעל־כע זאַכען, וואָס אנדערע רבנים וואָלטען ניט ערלויבען, 7).

און אזוי האָט מען אין זעכצענטען יאָרהונדערט גענומען דרוק־קען דעם שלחן ערוך, דעם בית יוסף מיט׳ן רמ״א צוזאַמען, און דער שלחן ערוך איז אָנגענומען געוואָרען ביי די אידען פון אַלע לענדער.

2. **פילאָזאָפיע ביי אידען.** — פילאָזאָפיע ווערט אָנגערופען די וויסענשאַפט אויסצוגעפינען מיט׳ן שכל די אורזאַכען און פּרינ־ציפּען, מיט וועלכע עס ווערען ערקלערט אַלע ערשיינונגען, סיי פון גייסטיגער און סיי פון פיזישער עקזיסטענץ. ביי אידען געפינען מיר הויכע פילאָזאָפישע געדאַנקען אין תנ״ך און אין תלמוד. און שפּעטער האָבען אידען ארויסגעגעבען גאַנצע פילאָזאָפישע ווערק; און די אידען זיינען געוואָרען די בעסטע תלמידים פון די גרויסע וועלט־פילאָזאָפען; זיי זיינען געווען די פאַרשפּרייטער פון די פילאָזאָפישע לערען אין דער צייט, ווען די קריסטליכע וועלט האָט געלעבט אין פינסטערניש; און די אלוועלטליכע פילאָזאָפיע האָט געהאַט א גוטע ווירקונג אויף דער אנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור, 8). אָבער ביי אידען האָט זיך דער פילאָזאָפישער געדאַנק אויסגעדריקט אנדערש איידער ביי די אנדערע פעלקער. דער איד האָט גענומען פון דער גריכישער פילאָזאָפיע דעם באַגריף פון חכמה,

4) שו״ת, מהריט״ץ, סימן סז. 5) השלוח, כרך 3, 382-384.
6) רב צעיר, השלוח, כרך 4, 399-404. 7) שם, 511.
8) דר. ברנפלד, השלוח, כרך 5, 196.

דעם אמת אָבער האָט ער געזוכט און געפונען אין דער תורה. דער איד האָט געוואוסט, אז „ראשית חכמה יראת ד׳״ — גאָטס־פאָרכטיגקייט איז דער אָנפאנג פון חכמה, 9).

פ י ל ו ן (י ד י ד י ה) פ ו ן א ל כ ס נ ד ר י ע איז געווען דער ערשטער איד, וואָס האָט געשריבען א פילאָזאָפיש ווערק. ער האָט געלעבט אין מצרים אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש. זיין הויפט אידעע איז געווען, אז דער מענש, וואָס גלויבט, אז עס איז פאראן א גאָט; און, אז ער איז דער איינציגער גאָט, וועלכער האָט באשאפען די וועלט; און, אז די גאנצע וועלט איז אויך איינציג, און ווערט געפירט פון גאָט, אָט אזא מענש, מיט אזא גלויבען קאָן פירען א גליקליכען לעבען. ער זאָגט, אז תורת משה וועט זיך ניט ענדערען, ווען עס וועט זיך ענדערען די אָרדענונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט, ווייל די תורה אנטהאלט דעם אייביגען אמת; און דאָס אידישע פאָלק וועט בלייבען אויף אייביג דאָס אויסערוועהלטע פאָלק צו זיין די טרעגער פון גערעכטיגקייט, 10).

ר ב נ ו ס ע ד י ה ג א ו ן, 11). — אין צענטען יאָר־הונדערט האָט אין בבל געלעבט רבנו סעדיה גאון (892 ביז 942). ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט און נאָך א גרעסערער דיינקער. ער איז באזעסען אלע וויסענשאפטען פון יענער צייט, און איז געווען א קענער אין דער אראבישער ליטעראטור. ער האָט געשריבען א העברעאישע גראמאטיק, און איבערגעזעצט דעם תנ״ך און די משנה אויף אראביש. אין זיין צייט האָבען פילע אידען גענומען אינטערעסירען זיך מיט אלגעמיינע פילאָזאָפיע, און פילע האָבען אָנגעפאנגען צו צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון אייניגע דאָגמען אין אידענטום, האָט רבנו סעדיה גאון געפונען פאר נויטיג צו דערוויזען, אז די אידישע דאָגמען שטימען מיט די פילאָזאָפישע באגריפען, 12); און ער האָט אָנגעשריבען זיין ספר „אמונה ודעת״, וואו ער דערווייזט, אז רעליגיאָן און וויסענשאפט קאָנען געהן צוזאמען. ער באקלאָגט זיך, וואָס ביי פילע פון די גלויביגע איז דער גלויבען ניט ריין, אז דאָס איז מער אבערגלויבען איידער גלויבען; און פון דער אנדער זייט ווייזט ער אָן אויף די אומגלויביגע, וועלכע

9) תהלים, קיא, י.
10) גרעץ, די״י, ח״ב, 41. 11) שם, ח״ג, 279, 308. דעת אלהים, ספר ב, פרק ד.
12) דר. ברנפלד, השלוח, כרך 5, 193.

לייקענען אָפּ יעדע זאַך, און זיי האָבען ניט קיין אמת׳ע איבער־ציינגונגען. וועגען דער אידישער רעליגיאָן דערווייזט ער, אז אירע הויפּט פּרינציפּען זיינען געגרינדעט אויף שכל, און זיי ווידער־שפּרעכען ניט דעם געזונטען פאַרשטאַנד. די אַראַבישע גרויסע דיינקער האָבען זעהר הויך געשאַצט אָט דיזען פילאָזאָפישען ווערק.

ר׳ שלמה אבן גבירול, 13). — אין עלפטען יאָרהונדערט האָט געלעבט אין שפּאַניען ר׳ שלמה אבן גבירול (1020 ביז 1058). ער איז געווען א באַרימטער העברייאישער פּאָעט און אַ גרויסער דיינקער. נאָכדעם, וואָס די קריסטליכע וועלט האָט פאַרטריבען די גריכישע פילאָזאָפיע, איז דער איד שלמה אבן גבירול געווען דער ערשטער אריינצוברייגגען די פילאָזאָפיע קיין איראָפּע, 14). אלס דיינקער און פּאָעט האָט ער זיינע ווערק געשריבען מיט שאַרפען שכל און מיט טיפע געפילען. זיין ספר „מקור חיים״ — דער קוואַל פון לעבען — איז א פילאָזאָפיש ווערק וועגען רעליגיאָן, וועלכעס איז איבערגעזעצט געוואָרען אין לאַטיין, און איז געשטודירט געוואָרען אויך פון די קריסטליכע רעליגיעזע דיינקער.

רבנו בחיי, 15). — אין עלפטען יאָרהונדערט האָט אין שפּאַניען געלעבט רבנו בחיי, וועלכער האָט אָנגעשריבען אַ וואונ־דערבאַרען פילאָזאָפישען ספר מיט׳ן נאָמען „חובת הלבבות״, דאָס מיינט, די פליכטען פון הארצען, וואו ער דערווייזט, אז די געזעצען פון אידענטום באַשטייען פון צוויי גרופּען: די פליכטען פון קערפּער, און די פליכטען פון הארצען; און, אז די פליכטען פון האר־צען שטייען העכער פון די פליכטען פון קערפּער. אין דעם גאַנצען ספר זעהט מען, אז רבנו בחיי האָט געוואָלט אנטוויקלען אין דעם אידען א טיפען מאָראַלישען באוואוסטזיין, וועלכער זאָל ארויס־קומען פון די טיפעניש פון דער נשמה.

ר׳ יהודה הלוי, 16). — ר׳ יהודה הלוי האָט געלעבט אין שפּאַניען (1086 ביז 1142). ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, אַ גוטער דאָקטאָר־מעדיצין, א זעלטענער פּאָעט און אַ טיפער דיינקער אין פילאָזאָפיע און רעליגיאָן. אין זיין פילאָזאָפיש ווערק „הכוזרי״ ערקלערט ער, אז גאָט האָט זיך אמטפּלעקט צו די

13) גרעץ, די״י, ח״ד, 36-55.
14) דר. ברנפלד, דעת אלהים, ספר ב, 45. 15) שם, 140-155.
16) שם, ספר שני, פרק ה.

אידען, ווייל די אידען האָבען שוין ארויסגעוויזען די פייאיגקייט צו דערקאָנען גאָט. די אנדערע פעלקער האָבען דאָס ניט געקאָנט באַגרייפען; און אויף דעם אידען איז ארויפגעלייגט געוואָרען די פליכט צו פארשפּרייטען אין דער וועלט דעם ריינעם גלויבען אין איין גאָט. דער צוועק פון אידענטום, זאָגט ער, איז צו פארפאָלקאָמען די גוטע אייגענשאפטען, וואָס ליגען אין דער נשמה פון יעדען מענשען.

ר' אברהם אבן עזרא, 17), (געבאָרען 1089) איז געווען איינער פון די גרויסע דיינקער און פּאָעטען אין שפּאַניען. ער האָט אָנגעשריבען א טיפזיניגען פּירוש אויף תנ"ך, און האָט פיל געשריבען פילאָזאָפיע, מאטעמאטיק און אסטראָנאָמיע.

דער רמב"ם, 18), וועלכען מיר האָבען אויבען דערמאָנט אלס דעם פארפאסער פון יד חזקה, רעכענט זיך צווישען די גרעסטע דיינקער. אין זיין פילאָזאָפישען ווערק „מורה נבוכים" גיט ער ערקלערונגען וועגען גאָט, וועגען דער באשאפונג פון דער וועלט, וועגען נבואה, און דאָס גלייכען. אין אלעם האָט ער געזוכט דעם אמת, וואָס דער מענש קאָן דערגיין מיט זיין שכל; און דאָך האָט ער געבויגען זיין געניאלען קאָפּ פאר די לערען פון אונזער תורה. ער דערווייזט, אז ריינער גלויבען און ריינער דיינקען פירען ביידע צו איין זאך, צו ברייגנען דעם מענשען צו דער העכסטער פאָלקאָמענהייט. דער מורה נבוכים איז איבערגעזעצט אין פיל שפּראכען, און ער ווערט געלערענט ביי אלע גרויסע דיינקער פון דער וועלט.

דער רל"בג — ר' לוי בן גרשם 19) האָט געלעבט אין פראנקרייך (געשטאָרבען אין 1345). אויסער די אידישע קענטעניש איז ער באזעסען נאטור־וויסענשאפט, מאטעמאטיק און אסטראָנאָמיע, און איז געווען א דאָקטאָר מעדיצין. מיט זיינע ווערק אין אסטראָנאָמיע און מעדיצין האָבען זיך באנוצט אלע געלערטע פון די פעלקער, און אין זיין רעליגיעז־פילאָזאָפישען ווערק „מלחמת ד'" האָט ער ארויסגעוויזען א טיפען דיינקען, זעלטענע לאָגיק און א שטארקען פרייען גייסט.

ר' יוסף אלבו, 20) האָט געלעבט אין 16־טען יאָרהונדערט אין שפּאניען. ער איז געווען דאָקטאָר מעדיצין און דער־

17) גרעץ, די"י, ח"ד, 212; דעת אלהים, 178.
18) גרעץ, די"י, ח"ד, 326-406; רמב"ם, מאת יעלין.
19) גרעץ, די"י, ח"ה, 294; דעת אלהים, 417.
20) גרעץ, די"י, חלק 6, עמוד 169; דעת אלהים, 479.

צו א גרויסער תלמודיסט און אַ פילאָזאָף. אין זיין ספר „עיקרים" וויל ער ברענגען צו א פאָלקאָמער איינשטימונג דעם אידענטום און די פרייע פאָרשונג. וועגען דער אויספירונג פון מענשען זאָגט ער, אז דער נאָרמאַלער מענש פילט די גרעסטע פרייד, ווען ער טוט גוטס, און זיינע שלעכטע טאַטען מאַכען אים טרויעריג. 21).

ש פ י נ אָ ז אַ. — די אלע אידישע פילאָזאָפען, וואָס מיר האָבען דערמאָנט, זיינען געווען אין דעם פולען זינען רעליגיעזע, שפּעטער אָבער האָבען מיר געהאַט פילאָזאָפען־פריידיינקער. דעם ערשטען פּלאַץ צווישען זיי פאַרנעמט ברוך שפּינאָזאַ, וועלכער האָט געלעבט אין האָלאַנד אין 17־טען יאָרהונדערט. ער האָט געליטען פאַרפאָלגונגען פאַר זיין פריידיינקען, אָבער זיין נאָמען איז פאַראייביגט געוואָרען צווישען די וועלט־דיינקער.

מ ע נ ד ע ל ס אָ ן מ ש ה, (1729־1786) האָט געלעבט אין דייטשלאַנד. די געלערטע וועלט האָט אויפגענומען זיינע ווערק מיט באַגייסטערונג, און מען האָט אים גערופען דער אידישער סאָקראַטעס. אין זיין ספר „ירושלים" דערווייזט ער, אז אידענטום פאָדערט ניט קיין בלינדען גלויבען, אז מיר קאָנען פאַרשטיין די אלע מאָראַלע געזעצען פון אידענטום און מיר דאַרפען זיי אָפּהיטען.

ש ד " ל — ש ל מ ה ד ו ד ל ו צ אַ ט אַ — (1800־1865) האָט געלעבט אין איטאַליען, און האָט אָנגעשריבען פיל וויכטיגע ווערק. אין זיינע ווערק זעהט מען א פרייען פאָרשער און אַן אמת'ן גלויביגען אידען. ער זאָגט, אז אונזער תורה האָט ניט מורא פאַר אמת'ער קריטיק.

ר' נ ח מ ן ק ר אָ כ מ אַ ל (געשט. אין 1840) איז אויך געווען פון די באַוואוסטע דיינקער. אין זיין ספר „מורה נבוכי הזמן" גיט ער א פילאָזאָפישע באַלייכטונג צום אידענטום און צו דער אידישער געשיכטע. ער זאָגט, אז דער קולטורעל־אַנטוויקעלטער מענש קאָן זיך ניט באַנוגענען מיט די אויסערליכע צייכענס פון רעליגיאָן, נאָר ער וויל אויך באַגרייפען דעם גייסט פון דער רעליגיאָן, 22).

ר' ח י י ם ש ט י י נ ט ה אַ ל איז געווען איינער פון די פילע אידישע דיינקער אין דייטשלאַנד אין דעם 19־טען יאָרהונדערט. ער האָט זיך אויסגעצייכענט אלס טיפער דיינקער און אלס

21) דעת אלהים, 489. 22) שם, 584.

גרויסער ליבהאָבער פון דעם אידישען פאָלק און פון אונזער תורה, און ער האָט זעהר הויך געשאַצט די אידישע רעליגיאָן. 23)

א ח ד ה ע ם. — פון די פילע מאָדערנע אידישע דיינקער וויל איך נאָר דערמאָנען דעם נאָמען אחד העם — אשר גינצבורג, — וועלכער האָט מיט זיין שאַרפען און טיפען דיינקען און מיט זיין שיינעם גרינגען און לאָגישען סטיל אריינגעדרונגען טיף אין די נשמות פון א גרויסען טייל פון יונגען דור. זיין אידעע איז, אז אין הארצען פון יעדער אידען דאַרף לעבען א שטאַרקע שטרעבונג צו דער פאַראייניגונג פון דער אידישער נאַציאָן, צו איר אויפ־לעבונג און צו איר פרייער אנטוויקלונג נאָך איר גייסט אויף אן אלגעמיין־מענשליכען פונדאַמענט. 24) אָט די אידעע האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָל אין דער אויפלעבונג פון דעם אידישען גייסט. פאַר פילע פון אונזער בעסטע גייסטיגע קרעפטען וואָס מיר האָבען, איז אחד העם געווען א וועג־ווייזער.

3. **פּאָעזיע ביי אידען.** — געדאַנקען און געפילען, וועלכע ווערען אויסגעדריקט אין א שיינער שפּראַך, קורץ און שאַרף, ווערט אָנגערופען פּאָעזיע. דער פּאָעט באַנוצט זיין דיינקען, זיינע גע־פילען און זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט אויסצומאָלען אין ווערטער די שענסטע בילדער, און די ווערטער זאָלען קלינגען ווי שיינע מוזיק. אממיינסטען ווערט פּאָעזיע געשריבען אין פערזען, וועלכע פאַרענדיגען זיך מיט איין קלאַנג, ווי מען רופט עס אין ריטם. עס איז אָבער פאַראַן גוטע פּאָעזיע אָהן ריטם.

אונזער גאַנצער תנ"ך איז דורכגעוועבט מיט דער שענסטער פּאָעזיע. ניט נאָר איינציגע פערזען, נאָר גאַנצע קאַפּיטלעך האָבען דעם אמת'ן שטאַרקען פּאָעטישען פּאַטאָס, דעם שענסטען און טיפ־סטען אויסדרוק, וואָס קאָן קומען פון דעם מענשען'ס נשמה.

און די אידישע פּאָעזיע איז אנדערש פון דער פּאָעזיע פון די אנדערע פעלקער אין יענער צייט. די פעלקער האָבען באַזונגען די ערשיינונגען פון דער נאַטור צוזאַמענגעבונדען מיט אָפּגעטער, מיט גייסטער און מיט בייזע רוחות; און אויף דער אידישער פּאָ־עזיע שוועבט דער גייסט פון הייליגקייט, פון אמת און פון ריינער גאָטהייט. מענדעלסאָן זאָגט: „די פּאָעזיע פון תנ"ך האָט ניט די מאָס און ריטם ווי ביי די רוימער און גריכען, ווייל, אָפּהיטענדיג

23) דר. ברנפלד, זכרון לחכם, השלוח, כרך ה, 420.
24) S. Dubnow, History of Jews in Russia and Poland, vol. 3, p. 59.
24) דר. ברנפלד, דעת אלהים, 599.

פּינקטליך אַט די רעגעלען, קאָן אָפּט זיין אַ שטערונג אויסצודריקען דעם ריכטיגען געדאַנק; און די אידישע נביאים האָבען אימער גע־וואָלט ארויסזאָגען זייערע געדאַנקען דייטליך, 25)".

ווען די אידען זיינען שוין געווען אין גלות, האָט זיך די אי־דישע פּאָעזיע אנטוויקעלט אין שפּאַניען אין 11־טען און 12־טען יאָרהונדערט, וועלכע מען רופט די גאָלדענע עפּאָכע פון דער העב־רייאישער ליטעראַטור.

ר' ש ל מ ה ב ן ג ב י ר ו ל (1070־1021) האָט גע־שריבען אין העברייאיש וואונדערבארע שירים מיט אַ פילאָזאָפישען אינהאלט. איבערהויפּט זיינע רעליגיעזע שירים זיינען פול מיט טיפען געפיל. שיין גיסט זיך אויס פון זיין גלויביגער נשמה די טיפע בייַנקשאַפט נאָך גאָט. ער האָט געשריבען וועגען גאָט, ווע־גען די העכערע באַגריפען פון רעליגיאָן, וועגען דעם מענשען'ס נשמה און זיין אויפפירונג.

ר' מ ש ה א ב ן ע ז ר א (1138־1070) איז געווען אַ פּאָעט־פילאָזאָף. ער האָט באזונגען דעם מענשען'ס ליידען און זיינע פעלערען, ער האָט באזונגען די שיינקייט פון דער נאַטור, און שפּעטער האָט ער געשריבען רעליגיעזע שירים, און פילע פון זיי זיינען אריין אין די סליחות.

ר' י ה ו ד ה ה ל ו י (1142־1086) דער גרויסער פילאָ־זאָף איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָעט. מיט אַ הייסער ליבע האָט ער אין זיסע, קלינגענדע, פליסענדע שירים באַקלאָגט דעם גרויסען צער פון דעם אידישען פאָלק אין גלות, און מיט אַ טיפער ערנסט־קייט האָט ער באזונגען די גרויסקייט און די האָפענונגען פון דעם אידען. זיין טיפע בייַנקשאַפט צו אונזער הייליגען לאַנד אין זיין שיר „הלא תשאלי" ווערט געזאָגט אין אלע שולען תשעה באב, אין דעם טאָג ווען אונזער בית המקדש איז חרוב געוואָרען. דער דייטשי־שער דיכטער היינע אין זיין ליד „ר' יהודה הלוי" דריקט זיך אויס אזוי:

בעת דער בורא האָט באשאַפען
זיין נשמה, העכסט צופרידען
האָט ער זי אַ קוש געגעבען,
און מען הערט דעם קלאַנג פון קוש
אין יעדעם ליד פון דיכטער, 26).

---

25) באור, הערה לשירת הים, שמות י"ד.
26) י. ל. ברוכאָוויטש, אידישע פאַמיליע, 1902 יאָר, 2־טער באַנד, 4 און 68.

ר׳ אברהם אבן עזרא (געב. 1089) איז געווען אין איין צייט מיט ר׳ יהודה הלוי. גרעץ זאָגט אויף אים, אז ער האָט ווירקליך געוואוסט די קונסט פון שרייבען פּאָעזיע אין העב־רייאיש און אין אראביש. זיינע שירים זיינען פול מיט געדאנקען און באלערונגען, 27).

עמאנואל הרומי (1330-1265) האָט געלעבט אין איטאליען. ער איז געווען א דאָקטאָר מעדיצין, א גרויסער קענער אין אלע אידישע למודים און אַ פּאָעט. זיין פּאָעזיע איז פול מיט סאטירע; און זיין סטיל איז א שיינער, א גרינגער, און רייך אין אויסדריקען. ער איז געווען א פריינט פון דעם גרויסען דיכטער דאנטע, וועלכער האָט אָנגעשריבען די „געטליכע קאָמעדיע"; און אין דער צייט, ווען דאנטע, דער קריסט, האָט אין זיין קאָמעדיע ארויסגעזאָגט זיך, אַז אפילו די גריכישע פילאָזאָפען וועלען ניט אריינגעלאָזען ווערען אין גן עדן, ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין קריסטען, האָט דער אידישער פּאָעט עמנואל אין זיין ווערק ברייט צעעפענט די טירען פון גן עדן פאר אלע גוטע קלוגע מענשען פון אלע נאציאָנען, 28).

ר׳ משה חיים לוצאטא (1747-1707) האָט גע־לעבט אין איטאליען. ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, א היי־סער קאבאליסט און א זעלטענער פּאָעט. גרעץ זאָגט וועגען אים: „די העברייאישע שפּראך איז ביי לוצאטא׳ן געווען אזוי ווי א הארף, וואָס גיט ארויס די שענסטע קלאנגען. זיין שיר איז זיס און שטארק און דרינגט אריין אין דער נשמה. זיינע הויפּט צוויי ווערק „מגדול עז" און „לישרים תהלה" זיינען מייסטער ווערק, 29)".

ר׳ נפתלי הערץ וויזל (1805-1726) האָט גע־לעבט אין דייטשלאנד. ער איז געווען א גרויסער אידישער גע־לערטער, און ער האָט פיל געשריבען אין דער ניי־אויפגעלעבטער העברייאישער שפּראך. אין זיין ספר „שירי תפארת" האָט ער פּאָעמען אין אזא שיינער ביבלישער שפּראך, וואָס מיר האָבען פאר א לאנגער צייט אזעלכעס ניט געהאט.

די שפּעטיגערע פּאָעטען. אין דער צווייטער העלפט פון ניינצענטען יאָרהונדערט האָבען מיר אין רוסלאנד גע־האט באוואוסטע פּאָעטען, ווי אדם הכהן (אברהם בער לעווינסאָן)

27) גרעץ, די״י, ח״ד, 213; 28) שם, ח״ה, 258.
29) גרעץ, די״י, חלק ח, 382-406.

און זיין זוהן מיכה יוסף, יהודה לייב גאָרדאָן, שמואל פרוג, און פיל אנדערע. און אין דער לעצטער צייט האָבען מיר זעלטענע פּאָעטען, וועלכע שרייבען העברייאיש, אידיש און אין אנדערע שפּראכען.

ח. נ. ביאליק פאַרנעמט דעם ערשטען פּלאַץ צווישען די היינטיגע פּאָעטען. זיינע שירים זיינען טיף מיט זייער אינהאַלט און פּראכטפול מיט זייער שפּראך און סטיל.

## קאַפּיטעל 16

# ריכטונגען און באוועגונגען אין דער אידישער וועלט

קראים. — קבלה. — פאַלשע משיחים. — מתנגדים. — רעפאָרם. — השכלה.

1. קראים. — אין דעם אכטען יאָרהונדערט האָט זיך פון דעם אידישען שטאם אָפּגעבראָכען א צווייג. איינינע אידען אין בבל זיינען געווען געגען דעם תלמוד. זיי האָבען געזאָגט, אז א איד דאַרף נאָר אָפּהיטען די געבאָט פון תורת משה, און ניט נאָכ־פאָלגען דעם תלמוד. אָן דער שפּיץ פון דער באוועגונג האָט זיך גע־שטעלט איינער ענן, און ער האָט געגרינדעט די נייע סעקטע, וועל־כע מען רופט קראים — קאַראאימעס — דאָס איז געשעהן אין 730 יאָר. די קראים האַלטען זיך פעסט אָן דעם בוכשטעבליכען זין פון דער ביבעל, און דעריבער קומט אויס, דאָס אין פּראקטישען לעבען איז די קאַראאימישע לערע פיל שווערער נאָכצוקומען ווי די לערע פון תלמוד, וועלכער איז אין פיל פעלע אָפּגעטראָטען פון דעם בוכ־שטעבליכען זין פון וואָרט, ווייל די חכמי התלמוד האָבען זיך גע־רעכענט מיט דער צייט, און מיט די פאָדערונגען פון לעבען, און האָבען געמאכט געוויסע רעפאָרמען. ביי די קאַראאימער, צום ביישפּיל, זיצט מען פרייטאָג צו נאכט אין דער פינסטער, ווייל אין דער תורה ווערט אין איין פּלאַץ געזאָגט „איר זאָלט אין אלע אייערע וואוינונגען אים שבת קיין פייער אָנצינדען, 1)". שבת טרעטען זיי ניט ארויס פון זייערע הייזער אויף איין טריט, ווייל אין דער תורה ווערט געזאָגט צו די אידען אין דער מדבר: „קיין מענש זאָל ניט ארויסגיין פון זיין אָרט אין דעם טאָג פון שבת, 2)". די קראים

1) שמות, לה, ג. 2) שמות, טז, כט.

האָבען פיל געענדערט די דינים פון די ימים טובים, פון דער דיעטע, און פילע אנדערע זאכען. דער סוף איז געווען, אז די קאראאימישע געלערטע האָבען גענומען ערקלערען די תורה יעדערער ווי ער פאר־שטייט, און עס זיינען דערפון ארויסגעקומען פילע פארשיידענע סעקטעס. פון דעם אידישען פאָלק האָבען זיי זיך אינגאנצען אָפּ־געריסען. זיי זיינען געוואָרען ווי גאָר א באזונדערע פעלקערשאפט, זיי האָבען אָבער אין זיך ניט געהאט גענוג לעבענסקראפט צו עק־זיסטירען אלס א פאָלק. פון זיי זיינען איבערגעבליבען גאנץ ווייניג פארשפרייט אין פארשיידענע לענדער, און איבערהויפט אין רוס־לאנד, 3).

2. קבלה. — וואָס מער דער מענש איז אנטוויקעלט געוואָ־רען, האָט ער אלץ מער געזוכט צו פארשטיין די זאכען, וואָס זיינען פאר אים געווען אומבאגרייפליך. די דיינקער האָבען געשאפען פילאָ־זאָפישע טעאָריען, וועלכע האָבען אריינגעבראכט א לאָגישע אָרדענונג אין דעם מענשען׳ס דיינקען, און זיי האָבען געפונען אן ענטפער אויף פיל פראָבלעמען; אָבער די פילאָזאָפיע איז גוט נאָר פאר איינצעלנע מענשען. ניט אלע מענשען קאָנען דערגרייכען צום לאָ־גישען און טיפען דיינקען. דער דורכשניטליכער מענש האָט גאָר בעסער ליב די מיסטעריען פון דער אלוועלט. ווען דער פארשטאנד און די ווירקליכקייט קאָנען ניט צופרידענשטעלען דעם מענשען, האָט ער א פאָרשטעלונגס־קראפט, וועלכע קאָן פאר אים שאפען נייע וועלטען און נייע באגריפען. און אזוי האָט זיך ביי דעם מענ־שען אנטוויקעלט א טעאָריע, אז מען קאָן דערגרייכען די העכסטע געהיימנים פון דער אלוועלט ניט דורך דער געוויינליכער ארט פון דיינקען, נאָר דורך אן אינערליכען צושטאנד פון מענשען׳ס גייסט, ווי צום ביישפיל, דורך עקסטאז, דורך שטארקער באגייסטערונג, און דאָס גלייכען. אָט די טעאָריע רופט מען „מיסטיציזם״, דאָס מיינט, געהיימניספול, סודות׳דיג. ביי אידען האָט די לערע באקומען דעם נאָמען „קבלה״, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אז דאָס זיינען געטליכע סודות, וועלכע זיינען איבערגענומען געוואָרען פון מויל צו מויל פון פריערדיגע דורות. ביי אידען האָט די לערע פון קבלה אָנגעפאנגען זיך נאָך אין בבל, אין דער צייט פון די גאונים, 4); אָבערברייט פארשפרייטען זיך האָט זי אָנגעפאנגען אין שפאניען און אין

3) פאָגט, וועלט געשיכטע, 5־טער באנד, זז. 311־315.
" גרעץ, די״י, ח״ג, 168־197.
4) זעה אויבען קאפיטעל 15, פאראגראף 1.

פראנקרייך אין דרייצענטען יאָרהונדערט. אזוי ווי אין עלפטען און צוועלפטען יאָרהונדערט האָט זיך ביי אידען אנטוויקעלט די לערע פון פילאָזאָפיע, און איינינע אידישע פילאָזאָפען האָבען גערעכענט די פילאָזאָפיע העכער פון אלץ, האָט עס ארויסגערופען א שטארקע געגנערשאפט געגען פילאָזאָפיע; און אום צו באפרידיגען דעם מענשען׳ס שטרעבען, וועלכער זוכט עטוואָס מער איידער די טראַ־דיציאָנעלע לערע פון רעליגיאָן, האָט מען אָנגעפאנגען צו פאר־שפרייטען די קבלה. 5). פון אָנפאנג האָבען די מקובלים באגעגענט א שטאַרקע געגנערשאפט סיי פון די אידישע פילאָזאָפען און סיי פון די תלמודיסטען, שפּעטער אָבער זיינען פיל פילאָזאָפען און גרויסע רבנים צוגעשטאנען צו די מקובלים.

אין פערצענטען יאָרהונדערט האָט איינער משה דילאָן ארויס־געגעבען דעם קבלה ספר „זוהר", אויף וועלכען מען האָט געזאָגט, אז ער איז געשריבען געוואָרען פון רבי שמעון בן יוחאי, וואָס האָט געלעבט אין ארץ ישראל מיט פיל הונדערטער יאָרען צוריק. אין זוהר איז געשריבען, אז די געבאָטען און די ערציילונגען פון דער תורה האָבען אין זיך סודות מיט א העכערער באדייטונג. דער זוהר איז פול מיט געהיימניסע רייד וועגען גאָט, וועגען מלאכים, וועגען דעם מענשען׳ס נשמה, און ד. ג. אין פיל פלעצער אין זוהר זיינען פאַראַן זעהר שיינע פּאָעטישע באשרייבונגען.

אין זעכצענטען יאָרהונדערט האָט געלעבט א באגייסטערטער בעל מקובל רבי יצחק לוריא, ווי מען רופט אים דער אר"י הקדוש. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ירושלים אין 1534 יאָר. ווען ער איז נאָך יונג געוועזען האָט ער זיך באזעצט אין דער שטאָט צפת אין ארץ ישראל. ער האָט זעהר פיל געפאסט, תפלה געטאָן און גע־לערענט קבלה. מיט זיינע חברים און תלמידים האָט ער געלערענט קבלה; און ער האָט געזאָגט, אז דער מענש קאָן דורך פאסטען און תפלה טאָן באפרייען זיין נשמה פון בייזען גייסט, און דאן וועט ער קאָנען באהעפטען זיך מיט דער גאָטהייט. אויך דארף יעדער איד שטרעבען, אז ער זאָל מיט זיין גוטער אויפפירונג דערנעהענטערען די דערלייזונג פון אידישען פאָלק, אז משיח זאָל גיכער קומען.

אָט אזוי האָט זיך די קבלה פארשפרייט צווישען אידען. די לערער פון קבלה האָבען זיך אָפט באנוצט אויך מיט פילאָזאָפישע טעאָריען, זיי האָבען דאָס אָבער ערקלערט אויף זייער אופן נאָך

5) דר. ש. ברנפלד, הפלוסופיא והקבלה, השלוח, כרך ה, 204-193.

זייערע באַגריפען נאָך. זיי האָבען גענומען אידעען און פון זיי גע־שאַפען אַן אייגענע שיינע וועלט, וועלכע באַשטייט פון פיל פאַר־באָרגענע וועלטען, און זייערע פאַנטאַסטישע זעהונגען זיינען ביי זיי געוואָרען אַ וואונדערבאַרע שאַפונגס־קראַפט צו שאַפען די שענסטע זיטען־לערע, און צו ברייננגען דעם מענשען צום העכסטען רעליגיעזען עקסטאַז. ביי די מקובלים איז די רעליגיאָן מער געבויט אויף גע־פיל. אין אַ מצוה, וואָס דער מענש טוט, דאַרף זיין דער צוועק, די כונה פון דער זאַך, די טיפערע מיינונג דערפון. אין אַלגעמיין האָבען די מקובלים אַריינגעטראָגען פיל גייסטיגקייט אין אידענטום.

3. **די פאַלשע משיחים.** — די קבלה האָט געהאַט אַ וויר־קונג, אַז פיל אידען זאָלען אָנפאַנגען גלויבען, אַז משיח דאַרף באַלד קומען; און אייניגע האָבען זיך טאַקע איינגערעדט, אַז זיי זיינען משיחים.

אין 16־טען יאָרהונדערט זיינען געווען אין איראָפּאַ צוויי טרוימער: דוד הראובני און שלמה מולכו, וועלכע האָבען געזאָגט, אַז זיי זיינען די דערלייזער פון אידישען פאָלק. זיי האָבען זיך געווענדעט צום פּאַפּסט אין רוים און צו אייניגע קעניגע, אַז מען זאָל געבען די אידען אַ מעגליכקייט מלחמה צו האַלטען מיט טערקיי, און אָפּנעמען ארץ ישראל פאַר די אידען. דער סוף איז געווען, אַז מולכו איז געטויטעט געוואָרען און ראובני איז געשטאָרבען אין געפענגניס.

אין 1648 יאָר האָט אין טערקיי איינער שבתי צבי ערקלערט זיך אַלס באַפרייער פון אידישען פאָלק. שבתי צבי האָט באַזעסען וואונדערבאַרע גייסטיגע פייאיגקייטען, דערצו נאָך איז ער קער־פּערליך געווען זעהר שיין, און האָט געהאַט אַ זיסע שטימע. אין זיין יוגענד האָט ער געלערענט תלמוד און קבלה. ווען ער איז עלטער געוואָרען האָט ער גענומען אָפּט פאַסטען און פאַרברייננגען פיל צייט אין תפלות. שפּעטער האָט ער אָנגעפאַנגען איינצורייִדען זיך, אַז ער איז משיח, און אַרום אים האָבען זיך גענומען קלייבען קבליסטען, וועלכע האָבען געגלויבט, אַז ער איז משיח. ווען די רבנים האָבען אַרויפגעלייגט אויף אים אַ חרם, איז ער אַוועקגעגאַנגען אין ווייטערע שטעט, וואו ער האָט באַקומען פיל נאָכפאָלגער. זיין נאָמען איז באַוואוסט געוואָרען אויך אין איראָפּאַ, און פיל אידען האָבען גע־גלויבט, אַז אידען וועלען באַלד אומקערען זיך צו זייער לאַנד. די טערקישע רעגירונג האָט שבתי צבי פאַרשפּאַרט אין געפענגניס און

פאראורטיילט אים צום טויט. האט שבתי צבי אנגענומען דעם מחמאדאנישען גלויבען, און מען האט אים געלאזט לעבען. נאך זיין טויט האט זיך געגרינדעט א סעקטע שבתי צבי׳ניקעס, וועלכע האבען זיך אויפגעפירט אוממאראליש; און ווען מען האט גענומען פארפאלגען זיי, האבען זיי אויך אנגענומען דעם מאחמאדאנישען גלויבען.

אין אכצענטען יארהונדערט האבען די שבתי־צבי׳ניקעס ווייטער גענומען שפילען א ראל. דער הויפט פירער פון דער נייער באוועגונג איז געווען יעקב פראנק (געבארען אין 1726). ער האט גיך באקומען פיל אנהיינגער מענער און פרויען. ער האט איינגעפירט זאנדערבארע רעליגיעזע צערעמאניעס, וועלכע זיינען דערגאנגען צו אויסגעלאסענהייט. דער סוף איז געווען, אז אין 1759 האבען זיי אנגענומען דעם קאטוילישען גלויבען, און זיי זיינען פארשוואונדען געווארען אין דער קאטוילישער פוילישער געזעלשאפט.

4. **חסידות.** — די געשיכטע פון חסידיזמוס איז זעהר אינטערעסאנט, 6). עס איז געקומען א צייט, וואס דער איד האט אנגעפאנגען צו בייגקען נאך א גייסטיגער שפייז, וועלכע זאל קאנען באגייסטערען אים מער איידער דאס לערנען פון תלמוד, 7).

אין אנפאנג פון אכצענטען יארהונדערט האט אין פאדאליען געלעבט ר׳ ישראל בעל שם טוב (געב. 1700), וועלכער איז געווארען דער גרינדער פון חסידות. ר׳ ישראל איז געווען אן ארימער יתום מיט א טרוימערישער נאטור. ווען ער איז נאך גאנץ יונג געווען, פלעגט ער ליב האבען אוועקגיין אין וואלד, און דארט פארטיפען זיך אין געדאנקען. די נעכט פלעגט ער פארברייינגען אין לערנען און תפלה טאן. ער האט גענומען לערנען קבלה און פארטיפען זיך אין אירע סודות. צו 36 יאר האט ער באקומען דעם נאמען „בעל שם", און איז בארימט געווארען אלס א הייליגער מענש. ער האט גענומען היילען קראנקע מיט פארשידענע גראזען און מיט קמעות, און דערצו פלעגט ער שטארק בעטען גאט פאר דעם קראנקען. די הויפט שטרעבונג זיינע איז געווען צו זיין א לערער פאר׳ן פאלק. ער האט געזאגט, אז מען דארף ניט קאנען פיל לערנען צוליב זיין אמת פרום, נאר דערהויפט איז, אז דער מענש זאל זיין צוגעבונדען צו גאט מיט׳ן גאנצען הארצען. מען דארף דאווענען

6) S. Dubnow, History of the Jews in Russia and Poland, val. 1, p. 226.
7) דר, ש. ברנפלד, דעת אלהים, ע. 581-582.

מיט ווארימקייט, ווייל דורך א באגייסטערטע תפלה קאָן דער מענש צונויפגיסען זיך מיט גאָט. אויך איז ער געווען געגען דער קאַ־באַליסטישער לערע, אז מען דארף פיל פאסטען און פייניגען זיך. ער האָט געזאָגט, אז דאָס איז א זינד אַפצוטויטען דעם קערפּער. גאָט האָט ליב, אַז מענשען זאָלען זיין אין א פריילעכער שטימונג. א איד דארף דינען גאָט מיט פרייד. אויך האָט ער געזאָגט, אַז דערמיט, וואָס מען היט אָפּ אויסערליכע רעליגיעזע צערעמאָניעס, איז מען נאָך ניט רעליגיעז, דערהויפּט אין רעליגיאָן איז דער טיר־פער געפיל, מען דארף דינען גאָט אפילו אין די געדאנקען. אין אַלע אויפפירונגען זאָל דעם מענשענ׳ס גייסט זיין פאראייניגט מיט גאָט.

די לערע פון חסידות איז פארשפרייט געוואָרען; און דאָס האָט אריינגעבראכט אין דער רעליגיאָן א גייסט פון הארציגען גלוי־בען און פון ווארימע תפלות; און דאָס האָט געשאפען א דעמאָ־קראטישען פאָלקסטימליכען גייסט צווישען די מיטגלידער. די לומדים האָבען זיך ניט געהאלטען גרויס מיט זייערע קענטנים גע־גען די פּראָסטע מענשען, און די רייכע האָבען זיך געפילט ברידער־ליך מיט די אָרימע, און האָבען טאקע געהאָלפען זיי. אויך האָט די חסידות אויפגעמונטערט די פארקלאָגטע נשמה פון דעם גלות־איד. דאָס האָט אריינגעטראָגען לעבען און פרייד אין אונזער לאנגען גלות־טרויער. און ניט נאָר פאר דעם המון איז דאָס געווען ווי א זונענשיין אין א טריבען קאלטען הערבסט טאָג, נאָר אויך פאר די געלערטע איז דאָס געווען א קוואל פון ערפרישונג און פון באַ־גייסטערונג.

דער גרעסטער פון דעם בעל שם׳ס נאָכפאָלגער איז געווען ר׳ בער פון מעזעריטש. און צווישען ר׳ בער׳ס תלמידים האָבען זיך אויסגעצייכענט ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו און ר׳ זלמן שניאור־סאָן. ר׳ זלמן איז געווען א גרויסער למדן, און ער האָט אין זיינע ספרים די לערע פון חסידות אנטוויקעלט אין א טיפער פאָרמע.

די חסידות׳ע לערע האָט געעפענט נייע וועלטען, וועלכע האָ־בען געהאט א שטארקע באדייטונג אין לעבען אלס א רעליגיעזע פילאָזאָפיע און נאַציאָנאַלע לערע. אויף די פראגען, וועלכע מאַ־טערען דעם מענשען, און ער קאָן ניט געפינען קיין ענטפער, האָט דער חסיד געפונען אן ענטפער אין א וואָרט, וואָס ער האָט געהערט פון דעם רבי׳ן, פון זיין גייסטיגען פירער. די חסידות מיט איר

מיסטישער לערע האָט פיל געהאָלפען אויפצוהאַלטען די עקזיסטענץ פון אידענטום אין יענע פינסטערע געשעהענישען, וואָס דער איד האָט איבערגעלעבט.

אינטערעסאַנט איז, וואָס דער דיינקער ר' משה העם זאָגט וועגען חסידות. ער זאָגט: „די חסידים האָבען אָפּגעהיט אינגאַנצען די אידישע לערע, זיי האָבען זיך ניט באַנוגענט מיט דער אויסערליכער דורכפירונג פון די אידישע געבאָט; זיי האָבען געזוכט דעם אינ־האַלט, די כונה, דעם הייליגען גייסט... זיי האָבען מער פון אַנדערע אָפּגעהיט די ריינקייט פון די זיטען. דער רייכער האָט ברייט גע־עפענט זיין הויז פאַר יעדען אָרימאַן און נידערגעשלאָגענעם, וועלכע האָבען זיך אין הויז געפילט ווי אייגענע... ר' זלמן פון לאַדי אין זיין „תניא" האָט באַלויכטען די פילאָזאָפישע זייט פון חסידות... און דאָס האָט פיל פאַרהיט, אז מען זאָל ניט אַריינפאַלען אין דעם רעפאָרמירטען אידענטום, 8)".

דר. ח. זשיטלאָווסקי זאָגט: „די חסידות איז אַ וועלט, אין וועלכער דער מאָדערנער פאָרשער־געדאַנק האָט ערשט ניט לאַנג גענומען אַריינדרינגען, און וואָס מער מען דרינגט אריין, אַלץ נייע וועלטען פון מענשליכער שיינקייט אַנטפּלעקען זיך דאָרטען... זייער רעליגיעזע פילאָזאָפישע און נאַציאָנאַלע באַדייטונג וואַרט נאָך אויף אַ פאַרשטענדיגען פאָרשער, 9)".

5. **די מתנגדים.** — מתנגדים מיינט די געגנער, די, וואָס זיינען אַרויסגעטראָטען געגען חסידות. פילע רבנים, אָנגעשראָקענע פון די פאַלשע משיחים מיט זייערע פאַלשע לערען, האָבען מורא געהאַט פאַר דער נייער באַוועגונג פון חסידות, און האָבען שטאַרק געקעמפט געגען איר. דער גרעסטער קעמפער איז געווען דער ווילנער גאון ר' אליהו (געב. 1720 געשט. 1797). דער גאון איז באַזעסען אומגעוויינליכע גייסטיגע פייאיגקייטען. אויסער זיין גרויסער גאונות אין דער תלמודישער ליטעראַטור, האָט ער זיך באַ־קאַנט מיט מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פיזיק, וועלכע ער האָט געדאַרפט האָבען אום בעסער צו פאַרשטיין געוויסע שטעלען אין תלמוד. ער האָט וויייניג געגעסען, ווייניג געשלאָפען, און האָט אינ־גאַנצען געלעבט אַ זעלטענעם גייסטיגען לעבען; און ער האָט זיך דאָס געשטעלט אָן דער שפּיץ פון די געגנער, און דאָס האָט געפירט

8) משה העם, רומא וירושלים, ציון ה, 138־140.
9) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאַמעלטע שריפטען, 2־טער באַנד, 166.

דערצו, אז ר׳ זלמן שניאורסאָן איז צוויי מאָל ארעסטירט געוואָרען, און געזעסען פארשפּארט אין פּעטערבורג אין דער פעסטונג, וואו מען האָט געהאלטען פּאָליטישע פארברעכער. דער קייסער אלכסנדר דער ערשטער האָט אים באפרייט, און ער האָט באקומען זעהר פיל אָנהייענגער.

6. די רעפאָרמער. — אין ניינצענטען יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעפאנגען אין דייטשלאנד א באוועגונג צו מאכען א רעפאָרם אין אידענטום. און פון איין רעפאָרם זיינען געוואָרען פיל רע־פאָרמען. אייניגע האָבען זיך באנוגענט נאָר מיט אויסערליכע ענ־דערונגען אין שול און אין גאָט׳ס־דינסט; אנדערע האָבען אָבער איינגאנצען פארוואָרפען וויכטיגע עיקרים פון אידענטום. די רע־פאָרם באוועגונג האָט זיך פארשפּרייט אין פיל לענדער; און עס זיינען אויסגעוואקסען פארשידענע רעפאָרמירטע אידען, יעדע גרופּע מיט אירע אייגענע תפלות און מיט איר אייגענעם שלחן ערוך. אין איין זאך נאָר זיינען זיי אלע איינשטימיג, צו זאָגען פאר דער וועלט, אז אידען זיינען נאָר א רעליגיעזע קערפּערשאפט, און ניט קיין באזונדער נאַציאָן. זיי האָבען ארויסגעוואָרפען פון זייערע תפלות אלעס, וואָס איז פארבונדען מיט דער אידישער האָפענונג אויף א צוקונפט אלס א זעלבסטשטענדיג פאָלק. דער סוף איז, אז דער רעפאָרמירטער אידענטום ווערט שוואכער און שוואכער, ווייל א פאָלק קאָן ניט לעבען אלס א פאָלק, אויב ער וויל לעבען נאָר מיט זיין פארגאנגענהייט. א פאָלק מוז האָבען אויך א געגענוואַרט, און איבערהויפּט א צוקונפט; און א פאָלק קאָן ניט עקזיסטירען נאָר מיט שיינע אויסערליכע צערעמאָניעס, ער מוז האָבען א טיפען גייסטיגען קוואַל, וועלכער זאָל האלטען די פאָלקס־נשמה אין א נאָר־מאלען שאפענדען צושטאנד.

דער דיינקער, דער דייטשישער איד, משה העס, זאָגט „די רעפאָרם איז געמאכט געוואָרען נאָר צו באקומען בירגער־רעכט, און די אידען האָבען מער פארלאָרען ווי זיי האָבען געוואונען. זיי האָבען פארקויפט די בכורה פאר א טאָפּ לינזען. זיי האָבען זיך אנטזאגט פון זייער נאציאָנאליזם, פון דער משיח־אידעע... און זיי זיינען נאָך מער פאראכטעט ווי פריער. דער אנטיסעמיטזם וואקסט פון טאָג צו טאָג״... 10).

10) משה העס, רומא וירושלים, אגרת ד.
״ פאנט, וועלט געשיכטע, באנד 2, ז. 176.

7. **השכלה.** — דאָס וואָרט השכלה האָט די באדייטונג פון וועלטליכער בילדונג און פרייען דיינקען. די השכלה באוועגונג האָט זיך אָנגעפאנגען ביי אידען אין 18־טען יאָרהונדערט, אין דייטשלאנד, אין דער צייט פון משה מענדעלסאָן.

די גרויסע צרות, וואָס אידען האָבען געליטען פון אלע פעלקער, האָבען געווירקט, אז דער איד זאָל זיך דערווייטערען פון דער ארומיגער וועלט, און זאָל זיך פארשליסען אין זיין אייגענער וועלט, און שעפּען זיין גייסטיגע שפּייז נאָר פון זיינע אייגענע קוועלען. אידען האָבען זיך אינגאנצען אָפּגעגעבען צו דער אידישער רעליגיעזער לערע. די גאָלדנע עפּאָכע פון אונזערע פילאָזאָפען און פּאָעטען איז פארשוואונדען, מען האָט ניט געלערענט קיין אלוועלטליכע קענטעניש, און אפילו אויף דעם געביט פון אידישע קענטעניש האָט מען אויך גאָר ניט געשאפען, אויסער אין דער רבנישער ליטעראטור. אזוי זיינען דורכגעגאנגען אייניגע הונדערט יאָר ביז דער צווייטער העלפט פון 18־טען יאָרהונדערט.

אין מערב (וועסט) אייראָפּע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבען א באוועגונג אין דער געבילדעטער געזעלשאפט צו באפרייען דעם מענשען פון די אלטע פּאָראורטיילען, און געבען דעם מענשען א מעגליכקייט ארויסצוזאָגען זיינע געדאנקען און איבערצייגונגען. אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעפאנגען די השכלה באוועגונג צווישען די אידען אין דייטשלאנד. מען האָט גענומען אויסבעסערען די מעטאָדען פון קינדער־ערציהונג, מען האָט אָנגעפאנגען אויפצולעבען די העברייאישע ליטעראטור, מען האָט גענומען ארויסגעבען א העברייאישען זשורנאל „המאסף" מיט ארטיקלען פון וויסענשאפט, פּאָעזיע און ד. ג. און אין גיכען האָט זיך אין דייטשלאנד אנטוויקעלט א גרויסע שולע פון אידען געלערטע אויף אלע געביטען; און פיל פון זיי האָבען זיך אָפּגעגעבען צו פאָרשען און ערקלערען אלע צווייגען פון אידענטום. רבי יום טוב ליפּמאַן צונץ איז געווען דער פאָטער פון אונזערע מאָדערנע געשיכטע־שרייבער. ער האָט געמאכט גלענצענדע פאָרשונגען אין דער ליטעראטור פון מיטעלאלטער און אין דער פּאָעזיע פון אונזערע תפלות. נאכהער זיינען געקומען פיל אנדערע, וואָס האָבען פיל אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון אידישער וויסענשאפט און אידישער געשיכטע.

די השכלה פון דייטשלאנד האָט אין ניינצענטען יאָרהונדערט

פארשפרייט זיך צווישען די אידען אין פוילען און רוסלאנד. אין רוסלאנד איז איינער פון די ערשטע משכילים געווען רבי יצחק בער לעווינסאָן (געב. 1786 געשט. 1860), אין זיינע ווערק האָט ער באַוויזען, אז אונזער אמונה איז ניט געגען אלגעמיינע וועלטליכע בילדונג. פארקערט אַ איד דארף שטרעבען צו לערנען אלע חכמות. ער האָט געפאָדערט, אז מען זאָל לערנען מער תנ"ך און די העברייאישע שפראך; ער האָט פארטיידיגט אידען געגען עלילות דם, און האָט פיל געשריבען וועגען דער אנטוויקלונג פון אידענטום. זיינע ווערק האָבען א שטארקע ווירקונג געהאט אויף פיל יונגע תלמודיסטען, וועלכע האָבען זיך גענומען צו אלגעמיינע בילדונג.

די אידען אין פוילען און רוסלאנד האָבען אָנגעפירט א קאמף געגען דער השכלה; און, אויב איינער האָט געוואָלט באקומען אלוועלטליכע בילדונג, האָט ער געמוזט גיין אין דייטשלאנד, אָדער אין אנדערע לענדער. עס האָט אָבער ניט לאנג געדויערט, און אלגעמיינע וועלטליכע בילדונג האָט גענומען פארנעמען א וויכטיגען פלאַץ צווישען די אידען אין רוסלאנד און אין פוילען.

צום באדויערען האָט דער שארפער איבערגאנג פון דעם אָפּגעזונדערטען לעבען צו דעם פרייערען לעבען פון א געבילדעטען אייראָפּייער, געהאט א שלעכטע ווירקונג אויף זייער אידישען גייסט. די דערנעהענטערונג פון דעם אידען צו דער קריסטליכער וועלט האָט געפירט צו אסימילאציע, אז די אידען זאָלען וועלען אויסמישען זיך מיט די קירסטען. אזעלכע אידען האָבען געזאָגט, אז זיי זיינען דייטשען, פראנצויזען, פאָליאקען, און ד. ג. אָבער ניט קיין באזונדער נאציע אלס אידען, און מיט'ן אידענטום זיינען זיי פארבונדען נאָר דורך רעליגיאָן, וועלכע זיי האָבען גערעפאָרמירט, און אין פיל הינזיכטען נאָכגעמאָן די קריסטען, און אזוי זיינען זיי פארפרעמדט געוואָרען פון אידישען לעבען און פון אידישע אינטערעסען.

צום גליק אָבער זיינען צווישען די געבילדעטע אידען אויך געווען אזעלכע, וואָס זיינען געבליבען הייסע נאציאָנאלע אידען, און זיי האָבען געווידמעט זייער לעבען צו ארבייטען פאר זייער פאָלק אויף אלע געביטען.

אין דער צווייטער העלפט פון נייניצענטען יאָרהונדערט האָבען די אידען אין רוסלאנד און פוילען שוין געהאט אייגענע געלערטע אויף אלע געביטען, און דאָרט זיינען אויסגעוואקסען באוואוסטע

שריפטשטעלער, וועלכע האָבען געשריבען זייערע ווערק ניט נאָר אין העברייאיש און אידיש, נאָר אויך אין רוסיש, פּויליש און אנ־דערע שפּראַכען; און צווישען אַט די רוסישע און פּוילישע משכילים האָט שפּעטער אויפגעלעבט דאָס נאַציאָנאַלע געפיל מיט אין גאַנצען זיין שטאַרקייט; און פון זיי זיינען דאָס אויסגעוואַק־סען די פּיאָנירען, די פירער, און די ארבייטער פאר דער אויסבע־סערונג פון אונזער צוקונפט.

וועגען ציוניזם זע ווייטער קאַפּיטעל 53.

## קאַפּיטעל 17

# דער איד און זיינע שפּראַכען

אַ פאָלק מיט פיל שפּראַכען — די העברייאישע שפּראַך און איר אַנט־וויקלונג — די ליבע צו דער העברייאישער שפּראַך — די נויט־ווענדיגקייט צו קענען העברייאיש — די אַנטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך — וואָס מיינט זשאַרגאָן — די געגנער פון אידיש — איז נויטיג צו לערנען אידיש?

1. אַ פאָלק מיט פיל שפּראַכען. — פון די פריערדיגע קאַפּיטלאַך האָט איר געזעהן, אז אידען האָבען געשריבען אויף אַלע שפּראַכען. אויסער העברייאיש האָט דער איד געשריבען אראמיש, אראַביש, גריכיש, לאַטיין; און שפּעטער אויף אַלע שפּראַכען פון אַלע קולטורעלע לענדער. קיין איין פאָלק האָט ניט געשאַפען לי־טעראַטור אין אזוי פיל שפּראַכען ווי דער איד. און ניט נאָר אין ליטעראַטור, נאָר אויך אין אַלטעגליכען לעבען באַזיצט דער איד מער שפּראַכען איידער אנדערע פעלקער. אומעטום קאָן דער איד די שפּראַך פון לאַנד; און אזוי ווי אידען זיינען געצוואונגען מער פון אנדערע צו עמיגרירען, מוזען זיי אימער לערנען נייע שפּראַכען. דערצו קאָן דאָך יעדער איד מער אָדער ווייניגער די העברייאישע שפּראַך, און דער גרעסטער טייל אידען פון דער גאַנצער וועלט ריידען אידיש. און אזוי זיינען מיר געוואָרען אַ פאָלק מיט פיל שפּראַכען.

2. די העברייאישע שפּראַך און איר אַנטוויקלונג. — די מוטער־שפּראַך פון דעם אידישען פאָלק איז געווען **העברעאיש.**

דאָס איז די שפּראַך, אין וועלכער עס איז געשריבען דער תנ"ך און אונזער שפּעטיגערע ליטעראַטור. מיט דער אנטוויקלונג פון דער אידישער קולטור האָט זיך די שפּראַך אויך אלץ מער אנטוויקעלט. אין משנה און אין תלמוד געפינען מיר שוין פיל נייע ווערטער; און שפּעטער אין דרייצענטען יאָרהונדערט, ווען מען האָט גענומען איבערזעצען אין העברייאיש די פילאָזאָפישע ווערק, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אין אנדערע שפּראַכען, איז די העברייאישע שפּראַך באַרייכערט געוואָרען מיט נייע ווערטער, וועלכע זאָלען קאָנען דייטליך אויסדריקען די פילאָזאָפישע געדאַנקען.

יעצט, אין דער לעצטער צייט, איז די העברייאישע שפּראַך נאָך רייכער געוואָרען. יעצט שרייבט מען אין העברייאיש וועגען אלע צווייגען פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט, ווי אויך פון דעם אַלטעגליכען לעבען, און עס פעלען ניט קיינע ווערטער. אין ארץ ישראל ווערט די העברייאישע שפּראַך די מוטער־שפּראַך פון דעם פאָלק; און ניט נאָר אין ארץ ישראל, נאָר אויך אין אנדערע לענדער, ווי צום ביישפּיל, אין אמעריקע, זיינען אויך פאַראַן פיל אידישע שולען, וואו די גאַנצע אונטערריכטונג קומט אין העברייאיש, און די קינדער מאַכען א גרויסען ערפאָלג. אין ניו יאָרק אליין זיינען פאַראַן צענדליגע אידישע שולען, וואו די איינציגע שפּראַך איז נאָר העברייאיש; און ניט נאָר קליינע קינדער גייען אין אזעלכע שולען, נאָר אויך עלטערע קינדער, וועלכע באזוכען שוין די אלגעמיינע האָכשולען, האָבען אויך העברייאישע האָכשולען, וואו מען לערענט תנ"ך, תלמוד, די העברייאישע שפּראַך, די העברייאישע ליטעראַטור און די אידישע געשיכטע. און קיין אנדער שפּראַך ווערט דאָרט ניט באַנוצט אויסער העברייאיש.

איך בין איינמאָל געווען איינגעלאַדען צו האַלטען א פאָרטראַג אין העברייאיש פאַר די שילער און שילערינס פון די האָכשולען. עס זיינען אנוועזענד געווען בערך 350 יונגע לייט און מיידלאַך. איך האָב זיך איבערצייגט אין דעם גרויסען ערפאָלג, וואָס זיי האָבען געמאַכט. מיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט א טיפער זיסער פרייד, און מיט טרערען אין די אויגען האָב איך געמאַכט די ברכה „שהחינו", וואָס איך האָב דערלעבט צו זעהן אין אמעריקע אזא באַוואוסטזיניגען שיינעם יונגען דור פון אמת'ע אידישע קינדער. און ווען איך האָב צו זיי גערעדט, האָב איך זיך צוגעקוקט צו די ערנסטע פּנים'ער פון די יונגע לייט, און צו די צניעות'דיגע

אידישע פּנים'ער פון מיינע יונגע שוועסטער, און איך האָב זיך געפרעגט: „זעהען זיי אזוי אויס, ווייל זיי גייען אין אזעלכע שו־לען? אָדער זיי גייען אין אזעלכע שולען, ווייל זיי זעהען אזוי אויס?".

3. די ליבע צו דער העברייאישער שפּראַך. — יעדעס פאָלק האָט ליב און האלט טייער זיין שפּראך, ווייל די שפּראך פון א פאָלק איז צוזאמענגעבונדען מיט דעם פאָלק'ס נשמה. ביי אי־דען איז די העברייאישע שפּראך ניט נאָר טייער און ליב, נאָר זי איז געוואָרען א היילינטום, דער איד רופט זי „לשון קודש", ווייל אלץ, וואָס איז הייליג ביי דעם אידען איז געשריבען געוואָרען אין דער העברייאישער שפּראך. און, ווען דער איד איז פארטריבען געוואָרען פון זיין לאנד, האָט ער זיינע גייסטיגע אוצרות גענומען מיט זיך אין דער העברייאישער שפּראך; און פון זיין וויגעלע ביז זיין קבר האָט זיך דער אידישער גייסט געשפּייזט דורך דער שיינער שפּראך פון זיינע נביאים און חכמים.

און אפילו די, וואָס אנערקענען ניט די הייליגקייט פון א שפּראך, האָבען אויך ליב די העברייאישע שפּראך פאר איר וואונ־דערבארער שיינקייט, טיפקייט און קורצקייט. שיין־פּאָעטיש איז זי, איבערהויפּט, אין באגריפען פון געפיל און הארציגקייט, און טיף איז זי אין די אויסדריקע פון די העכערע מענשליכע געדאנ־קען; און מיט איר קורצקייט האָט זי ניט קיין גלייכען אין אלע שפּראכען פון די ציוויליזירטע פעלקער. דורך איינציגע בוכשטא־בען, אלס פּרעפיקסען און סופיקסען, קאָן מען מיט איין וואָרט ארויסזאָגען א גאנצען זאץ. ווי צום ביישפּיל, דאָס וואָרט „ואברכך" ווערט אין ענגליש איבערגעזעצט: „ענד אי וויל בלעס טהי"; און דאָס וואָרט „זרמתם" איז אין ענגליש: „טהאו קעריסט טהעם אוועי עז וויט איי פלוד". 1).

דאָקטאָר חיים זשיטלאָווסקי, דער גרעסטער פארטייטיגער פון דער אידישער שפּראך, וואָס מען רופט „זשארגאָן", ווען ער רעדט וועגען דער נאציאָנאלער־פּאָעטישער ווידערגעבורט פון אונזערע היילינטימער, זאָגט ער, אז דעם וויכטיגסטען פּלאץ װעלען פאר־נעמען אונזערע הייליגע שריפטען (דער תנ"ך) און אונזער הייליגע שפּראך (לשון קודש). אָט יענע שפּראך צו שטודירען, אין איר זיך פארטיפען, זעהן, אז יעדער איד זאָל קאָנען לייענען דעם תנ"ך אין

1) תהלים, צ, ה.

אָריגינעל, 2). און נאָך אין איין פּלאַץ דריקט ער זיך אויס: „ווען די וויסענשאפט וואָלט קאָנען ריכטיג אָפּשאצען די שיינקייט פון א שפּראך, וואָלט העברייאיש געוואונען דעם לאָרבער־קראַנץ, ווייל דאָס איז די שענסטע שפּראך אין דער וועלט, 3)".

4. די נויטוועגדיגקייט צו קענען העברייאיש. — אויב מיר ווילען ריכטיג פארשטיין דעם תנ"ך, מוזען מיר אים לערנען נאָר אין אָריגינעל אין העברייאיש, 4). איך האָב געלעזען דעם תנ"ך אין רוסיש, אין ענגליש און טיילווייז אין דייטש; און ווען איך וואָלט אים ניט קאָנען אין העברייאיש, וואָלט איך ניט געהאט קיין ריכטיגען באגריף וועגען דער גרויסקייט פון אונזער גייסטיגען אוצר. ערשטענס, ווייל אין די איבערזעצונגען ווערט פיל פאר־לאָרען ניט נאָר פון דער שיינקייט, נאָר אויך פון דער ריכטיגער באדייטונג ווערט פיל פארלאָרען, ווייל יעדע שפּראך האָט אירע איי־גענשאפטען, וועלכע קאָנען ניט איבערגעזעצט ווערען אין אן אנדער שפּראך. מענדעלסאָן, וועלכער האָט איבערזעצט די תורה אין דער דייטשישער שפּראך, זאָגט: „דער בעסטער איבערזעצער קאָן ניט איבערגעבען פּינקטליך די ריכטיגע מיינונג, 5)".

די צווייטע אורזאך פארוואָס מען מוז לערנען דעם תנ"ך אין העברייאיש איז נאָך א פיל וויכטיגערע, ווייל פיל פון די קריסט־ליכע איבערזעצער האָבען געמאכט פעלשונגען אום צו בארעכטיגען דאָס קריסטענטום. איך האָב געזעהן אן איבערזעצונג, וואו מען האָט אריינגעשטעלט יעזוס'עס נאָמען, 6).

5. די אַנטוויקלונג פון דער אידישער שפּראַך. — די אידען אין דייטשלאנד האָבען גערעדט די דייטשע שפּראך. אין נײנטען יאָרהונדערט האָבען אידען אָנגעפאנגען צו עמיגרירען פון דייטשלאנד קיין פוילען. אין זעכצענטען יאָרהונדערט איז שוין אין פוילען געווען א גרויסע צאָל אידען. פון פוילען זיינען אידען געקומען קיין רוסלאנד. דיזע צוויי לענדער זיינען געוואָרען דער הויפּט צענטער פון דעם אידישען פאָלק, און ביי דיזע אלע אידען האָט זיך פון דער דייטשער שפּראך אנטוויקעלט אן אנדער דיא־לעקט, א באזונדער שפּראך מיט אירע אייגענטימליכקייטען, א רעדענסאַרט מיט איר אייגענער כאראקטעריסטיק און מיט אירע

2) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 4־טער באנד, ז. 271.
3) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 4־טער באנד, ז. 141.
4) Prof. S. Schechter, Studies in Judaism, Series 2, p. 37.
5) אור לנתיבה, הקדמה לתורה, ע, 11.
6) זעה ווייטער קאפּ. 29, פּאראג. 4.

אידיאָמס (שפּראך־אויסדריקע). אזוי האָט זיך אנטוויקעלט די אידישע שפּראך ניט נאָר אין פּוילען און רוסלאנד, נאָר אויך אין עסטרייך, אין רומעניען און אנדערע קליינע לענדער; און פון די אלע לענדער האָבען אידען עמיגרירט אין אנדערע לענדער, איבער־הויפּט קיין אמעריקע, און האָבען מיט זיך געבראכט די אידישע שפּראך אלס זייער מוטער־שפּראך.

אָט אזוי האָבען מיר דעם פריי־איבערגעבויטען דייטשען דיא־לעקט געמאכט פאר אונזער אייגענער שפּראך, און א נאָמען געגע־בען "אידיש". דער איד האָט זיך צונויפגעלעבט מיט דער אידי־שער שפּראך און געשאפען א שיינע ליטעראטור, אין וועלכער עס שפּיגעלט זיך אָפּ די אידישע נשמה.

6. **וואָס איז זשאַרגאָן.** — פון אומוויסענהייט, אָדער פון בייזען ווילען, רופט מען די אידישע שפּראך „זשארגאָן". אונזער גרויסער העברייאישער און אידישער שריפטשטעלער מענדעלע מוכר ספרים פלעגט ברוגז זיין ווען מען פלעגט דערמאנען דעם וואָרט זשארגאָן. ער איז געווען פּאָלקאָם גערעכט, ווייל די אידישע שפּראך קאָן מען ניט אָנרופען זשארגאָן. וועבסטער אין זיין גרוי־סען ענגלישען ווערטער־בוך זאָגט: „זשארגאָן איז א שפּראך צו־נויפגעמישט פון אנדערע שפּראכען, אן אומקולטורעלע שפּראך, וואָס האָט ניט קיין ליטעראטור, אן אומפארשטענדליכע אומבא־גרייפליכע שפּראך, אויף וועלכער מען קאָן ניט אויסדריקען זיך קלאָר און דייטליך".

פרעג איך אייך קאָן מען רופען מיט דעם נאָמען זשארגאָן די אידישע שפּראך, וועלכע האָט אזא שיינע ליטעראטור פון אזעלכע גרויסע שריפטשטעלער ווי מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, פּרץ, און הונדערטע אנדערע? א שפּראך, אין וועלכער מיר האָבען אזא רייכע פּאָעזיע ווי די ווערק פון ביאַליק, פרוג, יהואָש, רייזען, און פיל אנדערע, איז דאָס אן אומקולטורעלע שפּראך? מיר האָ־בען אין דער אידישער שפּראך איבערזעצונגען פון באקל, דארווין, ספּענסער, געאָרג בראנדעס, און פיל, פיל אנדערע; מיר האָבען אי־דישע ביכער אָריגינעלע אין די מערסטע צווייגען פון דער מאָדער־נער וויסענשאפט. איז דאָס א שפּראך, אין וועלכער מען קאָן זיך ניט אויסדריקען קלאָר און דייטליך? — ניין, מיר טאָרען דאָס ניט אָנרופען זשארגאָן.

און געגען די, וואָס זאָגען, אז אידיש איז ניט קיין שפּראך,

ווייל דאָס איז א דייטשישער איבערגעמאכטער דיאלעקט, קאָן מען זיי אָנווייזען, אַז דאָס פראנצויזישע פאָלק איז באשטאנען פון גאַלען און פראנקען, און ביידע האָבען געהאט זייערע שפּראכען, נאָר שפּעטער איז לאטיין געוואָרען די הערשענדע שפּראך, און די פראנצויזען האָבען דעם לאטיין איבערגעמאכט און עס איז געוואָרען די פראנצויזישע שפּראך.

און לאָמיר נעמען די ענגלישע שפּראך. זי איז די רייכסטע שפּראך, ווייל זי האָט אריינגענומען ווערטער פון פיל שפּראכען. אין דער פאָררעדע צו קאָליער'ס ווערטער־בוך איז געשריבען: „ענגליש האָט אן אומגעוויינליכע פייאיגקייט אריינצונעמען און אסימילירען ווערטער פון אנדערע שפּראכען... דריי פערטעל פון אונזער שפּראך זיינען געבאָרגטע ווערטער... עס איז כמעט ניטאָ קיין שפּראך, פון וועלכער ענגליש האָט ניט גענומען, 7)". און אין וועבסטער'ס גרויסען ווערטער־בוך אין דער פאָררעדע ווערט געזאָגט, אז יעדע זיבען יאָר דארף מען איבערמאכען דעם ענגלישען ווערטער־בוך, און צושרייבען נייע ווערטער, וואָס קומען אימער צו פון אנדערע לענדער, 8)".

ליפּערט, אין דער קולטורגעשיכטע דער מענשהייט דערווייזט, אַז אַלע שפּראכען האָבען גענומען איינע פון די אנדערע, און האָבען דאָס אנטוויקעלט אין אנדערע פאָרמען, 9).

געוויס האָט די אידישע שפּראך ניט געקאָנט אנטוויקלען זיך ווי אנדערע שפּראכען, ווייל די מערסטע אידישע טאלאנטען אין יעדען לאנד האָבען אוועקגעגעבען זייערע קרעפטען צו דער לאנדשפּראך; און דאָך האָט די אידישע שפּראך געמאכט א גרויסען פאָרטשריט אין די לעצטע יאָרען. דער קריטיקער בעל מחשבות, שרייבענדיג וועגען ביאליק'ס אידישע פּאָעמען, האָט זיך אויסגעדריקט: „אזאַ געוואלטיג־קרעפטיגע, מורא'דיג־גבורה'דיגע שפּראך האָבען מיר צוערשט דערהערט אין אידיש... דאָס האָט אונז געוויזען, אַז אויך דאָס אידיש איז פעהיג צו קלינגען אזוי גרויס און מעכטיג ווי די שפּראך פון די נביאים, 10)".

און די טענה, וואָס די אידישע שפּראך האָט פיל דיאליקטען, איז אויך קיין טענה ניט, אין יעדען לאנד זיינען פאראן פארשידענע

7) Callier's New Dictionery, 1907, preface.
8) Webster's Imperial Dictionery, 1905, preface, p. 7.

9) י. ליפּערט, תולדות השלמת האדם, תרגום ד. פרישמאן, ח"א, קאפּ. 8.
10) ח. נ. ביאליק, אידישע לידער, פאָררעדע, ז. 13.

דיאַלעקטען, און דאָס איז גאָר קיין פעלער ניט. פאַרקערט דורך דעם געווינט די שפּראַך, זי ווערט פיל־פאַרביגער און רייכער אין קלאַנגען, 11).

דער גרויסער שריפטשטעלער און דיינקער ישראל זאַנגוויל האָט דאָ ניט לאַנג געזאָגט: „די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור קאָן זיך פאַרגלייכען מיט יעדער אַנדער ליטעראַטור אין דער וועלט. די אידישע שפּראַך האָט זיך ריזיק אַנטוויקעלט, און קאָן היינט פאַררעכענט ווערען אַלס איינע פון די אויסדרוקס־מיטלען, וואָס איז פאַראַן. די אידישע ליטעראַטור ווערט איצט פיל איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכען, און ברענגט גרויס כבוד דעם אידישען פאָלק. איך רעכען זיך צווישען די גרעסטע באַוואונדערער פון דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור". אַזוי זאָגט אַ גרויסער שריפט־שטעלער, אַ דיינקער און אַ קענער פון שפּראַכען.

7. **געגנער פון אידיש.** — מיר האָבען גרויסע געגנער פון אידיש. זיי קומען פון גאַנץ פאַרשיידענע לאַגערען. די ערשטע זיינען די אַסימילאַטאָרען, וועלכע ווילען אָפּמעקען אַלץ וואָס איז אידישליך; די צווייטע זיינען אייניגע העברייאיסטען, איבער־הויפּט ציוניסטען, וועלכע ווילען, אַז די העברייאישע שפּראַך זאָל אויפלעבען, און ווערען די שפּראַך פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק אין אַלע לענדער; און זיי ווילען גאָר ניט זעהן די אוממעגליכקייט דערפון. אחד העם זאָגט: „געוויס וואָלט געווען שענער, ווען אַלע אידען, מענער און פרויען און קינדער וואָלטען קאָנען די נאַציאָ־נאַלע שפּראַך (העברייאיש); אָבער אַזאַ גליקליכער צושטאַנד איז אוממעגליך אין גלות, 12)".

צום דריטען קלאַס געגנער פון אידיש געהערען די „מה־יפית" אידען און די האַלב־געבילדעטע, וועלכע מיינען, אַז ווען זיי וועלען אַוועקוואַרפען די אידישע שפּראַך, וועט די קריסטליכע וועלט בע־סער אַכטען זיי.

8. **איז נויטיג צו לערנען די אידישע שפּראַך?** — גע־וויס מוזען מיר שטרעבען, אַז אונזערע קינדער זאָלען לערנען און קענען די העברייאישע שפּראַך; אָבער צום באַדויערען איז דאָס שווער אויסצופירען. דערצו פאָדערט זיך אַ שטאַרקער באַוואוסט־זיניגער ווילען פון די עלטערען, און אַן אָנשטריינגונג פון די קינ־

11) דר. יוסף קלוזנר, השלוח, כרך יא, ע. 376.
12) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ד, ע. 121.

דער. דעריבער מוזען מיר זוכען אן אנדער וועג ווי אזוי איינצו־פלאנצען אין דעם יונגען דור ליבע צום אידישען פאָלק און צו זיינע שאפונגען.

געוויס קאָן מען פיל לערנען וועגען אידען און אידענטום אין דער שפּראך פון לאנד. דאָס וועט אָבער זיין א טרוקענער לערנען, דאָס וועט זיין דיזעלבע אלטעגליכע וואָכעדיגע אטמאָספערע; דאָס איז א לערע פון קאָפּ, אָבער ניט פאר דאָס הארץ און ניט פאר דער נשמה. דאָס קינד מוז האָבען א ווארימע אידישע אטמאָספערע, אז דאָס לערנען זאָל אריינדרינגען ניט נאָר אין די קינדערשע קעפּ־לאך, נאָר אויך אין זייערע נשמות און אין זייערע הערצער.

א פאָלק מוז האָבען זיין אייגענע שפּראך. א פאָלק גאָר אָהן א שפּראך איז קיין פאָלק ניט.

אַ גוטע זאך האָבען געטאָן די גרינדער פון די אידישע נאציאָ־נאלע שולען, וואו מען לערענט די אידישע שפּראך, אידישע ליטע־ראטור און אידישע געשיכטע. די תלמידים פון דיזע שולען זיינען אממייסטען קינדער פון אזעלכע עלטערען, וועלכע ווילען ניט שי־קען זייערע קינדער אין א תלמוד תורה, און די קינדער וואָלטען בלייבען אָהן אידישע ערציאונג. זיי וואָלטען געוועזען אינגאנצען פרעמד פון דעם אידישען פאָלק און פון דער אידישער קולטור; זיי וואָלטען פארלאָרען געגאנגען פאר דעם אידישען פאָלק, און די מענשהייט וואָלט פון זיי אויך ווייניג געווינען, ווייל די מערסטע פון די קינדער וואלגערען זיך אין די גאסען, און פיל פון זיי ווערען פארדארבען אין כאראקטער; און אין בעסטען פאַל גייט דאָס קינד אוועק ארבייטען, און בלייבט אָהן אידעאלען און אָהן פּרינצי־פּען אין לעבען. אָבער, ווען ער קומט אריין אין די אידישע נאַ־ציאָנאלע שולען, עפענט זיך פאר אים אַ אידישע גייסטיגע וועלט. ער געפינט אין די שולען פּעדאגאָגען ספּעציאליסטען, ערנסטע נאַ־ציאָנאל־געזאָנענע אידעאַליסטען, וועלכע האָבען די פייאיגקייט צו שעפּען דאָס שענסטע פון די ריינסטע אידישע קוואלען, און אריינ־גיסען דאָס אין די קינדערשע נשמה׳לאך.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין ביי מיינעם א פריינד צו דער פייערונג פון א בר מצוה ביי זיין זון, וועלכער איז א תלמיד פון שלום עליכם׳ס נאציאָנאלע שולע. און די בר מצוה האָט אויף מיר געמאכט א שענערען איינדרוק איידער די מערסטע בר מצוות, וואָס איך האָב געזעהן אין אַמעריקע. דער בר מצוה האָט אליין

צוגעגרייט וואָס צו זאָגען. דאָס איז געווען ניט קיין געוויינליכער „ספיטש" מיט די קלינגענדע פראזען, נאָר דאָס זיינען געווען איינ־פאכע הארציגע ווערטער ארויסגערעדט אין א שיינעם אידיש; דאָס זיינען געווען ווערטער פון א קינד, וואָס פילט שוין א צוגעבונדענ־קייט צו זיין פאָלק און צו זיין פאָלק'ס שאפונגען. דער בר מצוה האָט ארום זיך געהאט זיינע חברים, תלמידים פון דערזעלבער שולע, און די יונגע קינדער האָבען אונז פארשאפט דעם גרעסטען גייסטיגען פארגניגען מיט זייער זינגען און דעקלאמירען אידישע לידער. מען האָט געקאָנט באמערקען, אז די קינדער פילען און לעבען איבער דאָס וואָס זיי זינגען. ווארים, הארציג, אמת אי־דישלאך האָבען זיך געגאָסען די מעלאָדיען פון די יונגע אידישע הערצער און האָבען אָפּגעפרישט אונזערע פארהאוועטע נשמות.

און ניט נאָר פאר אידישע קליינע קינדער איז נויטיג די אי־דישע שפראך, נאָר אויך פאר די עלטערע מענשען, וואָס קאָנען ניט קיין העברייאיש. אין דעם העברייאישען זשורנאל „השלוח", ווען ער איז גערעדאקטירט געוואָרען פון אחד העם, האָט מען געשריבען: „ווי אומגליקליכער מיר זיינען פון אלע פעלקער... יעדעס פאָלק, ווען עס דערוואכט צום לעבען באמיט מען זיך די ערשטע זאך אויפ־צולעבען און פארפאָלקאָמען די נאַציאָנאלע שפראך, די שפראך, אויף וועלכער עס רעדט די מערהייט פון פאָלק. די שפראך קאָן זיי דערנעהענטערען איינעם צום צווייטען, און פון זיי זאָל ווערען איין גרויסער שטארקער קערפּער... פיל שטארקער וואָלט ווערען אונזער האָפענונג אויף דער צוקונפט, ווען מיר וועלען ניט אוועקרויבען אונזער שפראך פון אונזערע זיהן און טעכטער... איין וואָרט, איין אויסדרוק גענומען פון פאָלקס־שפראך קאָן מער אויפטאָן איידער צען אבסטראקטע געדאנקען... די אידישע פּאָעזיע, דאָס אידישע וואָרט קאָן וועקען די גוטע געפילען ניט נאָר ביי די יונגע נאָר אויך ביי די אלטע, 13)".

און ניט נאָר פאר די מאסען, נאָר אויך פאר דער אינטעליגענץ איז נויטיג צו וויסען און קענען די אידישע שפראך און די אידישע ליטעראטור. דאָס וואָלט זיי דערנעהענטערען צום אידישען פאָלק; און אפילו פאר די, וואָס קענען די העברייאישע שפראך, איז אויך ניצליך די ליטעראטור אין דער אידישער שפראך. די ליבע צו דער העברייאישער שפראך דאַרף ניט פארבלענדען אונזער אויגען, מיר

13) השלוח כרך ב, ע. 574.

קאָנען ניט אָפּלייקענען, אַז דער גלות איד האָט צוויי שפּראַכען: די העברייאישע און די אידישע; און אויב די ערשטע איז די פּרינצעסין, איז די צווייטע די טאָכטער פון פאָלק, און ביידע זיינען זיי איינגעוואָרצעלט אין דעם אידען׳ס נשמה. מיר דאַרפען גדיינקען, אַז די אידישע שפּראַך שפּילט אַ גרויסע ראָל ניט נאָר אין אונזער נאַציאָנאַלען אידישען לעבען, נאָר אויך אין דעם גייסטיגען אַלמענשליכען לעבען. די אידישע ליטעראַטור איז שוין איצט אַ קוואַל פון פּאָעזיע, פון שיינע קלאַנגען און פון טיפע געדאַנקען. גרויסע טאַלאַנטען האָבען צעגלידערט אונזער אידישע נשמה, מיט אַ קלאָרען טיפען בליק האָבען זיי טיף אריינגעדרונגען אין אונזער גלות־לעבען, ווי דורך אַ מיקראָסקאָפּ האָבען זיי אויסגעפאָרשט אַלע פאַרבאָרגענע קערענדלאַך פון דעם אידען׳ס אינערליכען „איך״ אַלס מענש און אַלס איד.

איך וויל פאַרענדיגען דעם קאַפּיטעל מיט די ווערטער פון אונזער דיינקער מאַקס נאָרדוי. ער האָט געזאָגט: „ווען אידיש איז די שפּראַך פון מיליאָנען אידען, דאַן איז די פליכט פון די נאַציאָנאַלע שריפטשטעלער צו באַנוצען זיך מיט אידיש. עס איז קורצזיכטיגקייט און אַ גרויסע זינד צו שעמען זיך שרייבען אידיש. שעמען זיך מיט דער אידישער שפּראַך איז אַנטיסעמיטיזם, איז אַ נאַציאָנאַלער פאַרברעכען. 14)״.

קאַפּיטעל 18

## דעם אידען׳ס בייטראַג צו דער מענשהייט

**אונזער „אתה בחרתנו״. — דער איד ברײנגט ליכטיגקייט. — מיינונגען פון קריסטען.**

כי הנה החושך יכסה ארץ...
ועליך יזרח ד׳...
והלכו גוים לאורך...
(ישעיה, ס, ב־ג.)

1. אונזער „אתה בחרתנו״. — מען מאַכט אונז פאָרווירפע פאַר אונזער „אתה בחרתנו״ פאַרוואָס מיר רופען זיך „די אויסערוויילטע פון אַלע פעלקער״. דער אמת איז, אַז אַלע פעלקער זאָגען דאָס זעלבע וועגען זיך. האָבען דען די גריכען ניט געזאָגט, אַז זיי זיינען דאָס אויסערוויילטע פאָלק, און אַלע אנדערע

14) ר. ברייניז, טאָג, פעב. 4, 1923.

פעלקער זיינען בארבארען; און אין אונזערע צייטען זאָגט דען ניט יעדעס פאָלק, אז ער איז דער בעסטער און שענסטער פון אלע פעלקער; און באמת האָט יעדע נאציאָן אן אויסערוויילטקייט, עפעס א גוטע אייגנשאפט וואָס אנדערע האָבען ניט.

עס איז אָבער פאראן א גרויסער אונטערשייד צווישען דעם „אתה בחרתנו״ פון אלע אנדערע פעלקער און דעם אידישען „אתה בחרתנו״. ביי די פעלקער דערגייט עס צו ענג־הארציגען שטאָלץ, צו אן אומבאגרעניצטען עגאָאיזם. זיי ווילען פאר זייער „אתה בחרתנו״ געניסען דאָס בעסטע פון דער וועלט; זייער שטרעבונג איז דורך מאכט צו באקומען די אנדערע פעלקער און געוועלטיגען איבער זיי, צו ווערען די הערשער פון דער וועלט. דער איד אָבער האָט קיינמאָל ניט געהאט אזעלכע שטרעבונגען צו פארכאפען און צו געוועלטיגען. אויף דעם אידען האָט דער „אתה בחרתנו״ נאָר ארויפגעלייגט גרויסע פליכטען, אָפצוהיטען א תורה מיט פיל מצוות, און ער זאָל מיט זיין שיינער אויפפירונג דינען אלס אביישפיל פאר דער וועלט.1) דער נביא זאָגט: „ונתתיך לאור גוים.2)״ דאָס הייסט אז דער איד זאָל אריינטראָגען ליכטיגקייט אין דער וועלט, אז ער זאָל דינען דער מענשהייט צו פארשפרייטען אין דער וועלט די געטליכע סאָציאַל־מאָראלישע לערע; און פארשפרייטען זאָל ער די אידעען ניט מיט קערפערליכער מאכט, נאָר מיט זיינע גייסטיגע קרעפטען.

שוין מער פון דריי טויזענט יאָר טראָגען מיר אויף זיך די פליכטען פון אונזער „אתה בחרתנו״, פיל האָבען מיר געהאָלפען אין דער אלגעמיינער קולטורעלער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט, און מיר זיינען גרייט צו ארבייטען אומערמידליך פאר דעם וואויל־און־בעסט פון אלע מענשען. מיר ווילען ניט באהערשען די וועלט, ווי אונזערע שונאים זאָגען, נאָר מיר ווילען, אז אונזער גייסט, דער גייסט פון אונזער תורה, זאָל באהערשען די וועלט צו־ליב דער וועלט׳ס גליק. אָט דאָס איז אונזער „אתה בחרתנו״.

2. **דער איד ברייננגט ליכטיגקייט.** — אין דער מאָטאָ פון אָט דעם קאפיטעל האָב איך געבראכט די ווערטער פון אונזער נביא ישעיה, וואו ער זאָגט: „פינסטערניש בארעקט די ערד... און אויף דיר שטראַלט גאָט... און פעלקער וועלען נאָכגיין דיין

1) דר. ש. ברנפלד, דעת אלהים, פתיחה, ע. 14.
״ פראָפ. מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח״ב, 65, 66.
2) ישעיה מט. 1.

ליכט". ווען איך לייען אָט די ווערטער, דערמאַן איך זיך וואָס דער איד האָט אויפגעטאָן פאַר דער מענשהייט.

א איינציגער איז געווען אברהם אבינו, ווען ער האָט גערע־וואָלטירט געגען געצענדינסט, און האָט דעם ערשטען געטליכען שטראַל אריינגעבראכט אין דער וועלט. אליין איז משה רבנו גע־שטאַנען אויפ'ן בארג סיני אין דער ווילדערניש, וואו ער האָט אנטפּלעקט די אייביגע געטליכע ליכטיגקייט, פון וועלכער עס האָ־בען אָנגעפאַנגען צעשפּרייטען זיך אומענדליכע שטראַלען. שפּע־טער קומען אונזערע נביאים, די גרויסע אומדערשראָקענע פּאַקעל־טרעגער פון דער מענשהייט, און זיי האָבען אריינגעבראכט אין דער וועלט א שטראַלענדע זון־ליכטיגקייט, וועלכע האָט גענומען באַ־לייכטען דעם מענשען'ס אומבאוואוסטען דונקעלען לעבענס־וועג, און וועלכע וואַרימט מיט א זיסער מילדער וואַרימקייט דעם מענ־שענ'ס נשמה.

און שפּעטער זיינען אידישע קינדער געוואָרען די שלוחים, די וועלט־אַפּאָסטאָלען, צו אריינברייגנען ליכטיגקייט אין דער באַר־באַרישער וועלט. זייער לעבען האָבען זיי איינגעשטעלט אין גע־פאַר צווישען די גרויזאַמע נאציאָנען צו לערנען זיי דעם גלויבען אין גאָט. צו גרוים איז אָבער געווען די פינסטערניש, און צו שוואַך איז געווען די זעהונגס־קראַפט פון דער מענשהייט, אז מען זאָל זיי מיט אמאָל קאָנען ווייזען די ריינע שטאַרקע ליכטיגקייט פון גאָט, און מען האָט די געטליכע ליכטיגקייט געמוזט פאַרשטעלען מיט א מענשליכען וועזען, אויף וועלכען עס זאָלען פאַלען די הימעלשע שטראַלען, און ארום אים זאָל זיך צעשפּרייטען דאָס ליכט. פון וועלכען די פעלקער זאָלען דערווייל קאָנען געניסען ביז זיי וועלען זיך צוגעוואוינען, און דאַן וועלען זיי קאָנען געניסען פון דעם ריינעם גלויבען אין איין גאָט.

און שפּעטער, ווען דער איד איז שוין פאַרטריבען געוואָרען פון זיין היים, וואַנדערענדיג איבער דער וועלט, ווי א שעפעלע צווישען ווילדע חיות, האָט ער זיין פאַקעל ניט ארויסגעלאָזט פון זיין פאַרוואונדעטער האַנט. דער איד, דער אייביגער פאַרוואָגעל־טער וואַנדערער, האָט מיט זיין ליכט געזוכט ניט נאָר צו באַלייכ־טען זיין ווייסטען פינסטערער וועג, נאָר ער האָט אויך באַלייכט דעם וועג פון אנדערע. אין מיטעלאַלטער, ווען די וועלט איז געווען פאַרזונקען אין פינסטערניש, ווען די קריסטליכע גייסטליכע האָבען

ניט צוגעלאָזען קיין וויסענשאפט, ווען דער גרעסטער טייל פון די גייסטליכע אליין האָבען ניט געקאָנט לעזען און שרייבען, 3) איז דאָס אידישע פאָלק דאן געווען אומעטום דאָס קולטורעלסטע צוויי־שען אלע פעלקער, און האָט צוגעטראָגען צו דער וועלט דאָס בעסטע, וואָס די מענשהייט האָט געשאפען. ניט נאָר אונזער תנ״ך האָט ארייגעבראכט ליכט און פרייד אין די הערצער פון דער בע־סערער מענשהייט, ניט נאָר אונזער תהלים האָבען מיר זיי געגעבען צו זייער גאָטעס דינסט, ניט נאָר זיינע אייגענע שאפונגען האָט דער איד פארשפרייט אין אלע שפראכען, נאָר ער האָט אויך די בעסטע שאפונגען פון אנדערע פעלקער געהאָלפען אריינצוברייגען אין דער וועלט. דער איד האָט געהאָלפען פארשפרייטען אין דער וועלט די גריכישע און די אראבישע פילאָזאָפיע.

ווען מיר לעזען די אידישע געשיכטע, טרעפען מיר דעם אידען אויף אלע געביטען פון מענשליכען פראָגרעס. מיר האָבען געהאט גרויסע פילאָזאָפען, פּאָעטען, דאָקטוירים, מאטעמאטיקער, און די גרעסטע בעסטע שטאטסמענער אין די קעניגליכע הויפען. או־מעטום איז דער איד געווען פון די ערשטע אריינצוטראָגען נייע אידעען, נייע לעבענסארטען ווי אזוי אויסצובעסערען דעם מענ־שענ׳ס לעבען, 4).

3. אייניגע מיינונגען פון קריסטען. — דער אמעריקאנער געלערטער העגרי דזשאָרדזש זאָגט: „דאָס אידישע פאָלק איז א מערקווירדיג פאָלק, וועלכעס האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין גרויסע מעכטיגע רעגירונג, און דאָך האָט ער געהאט און האָט א שטארקען איינפלוס אויף דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט״.

דער ענגלישער דיכטער און דיינקער ארנאָלד מאטיו זאָגט: „העברייאיזם רעגירט אויף דריי פערטעל פון אונזער אויפפירונג אין לעבען״. דער אמעריקאנער עקס־פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן זאָגט: „סיי אין דער ספּערע פון פּריוואטען לעבען און סיי אין דער פארוואלטונג פון דעם שטאאט, קאָן מען גרינג אנטדעקען מיט ווי־פיל אויסער רעליגיאָן מיר זיינען פארפליכטעט צום אידען, 5)״.

דער היסטאָריקער דזש. באטספאָרד אין זיין געשיכטע פון דער אלטער וועלט, וואו ער רעדט וועגען דעם אידישען פאָלק, פאר־ענדיגט ער מיט פאָלגענדע ווערטער: „רעליגיאָן און מאָראל גע־

3) דר. מ. גידעמאן, התורה והחיים, ח״ב, עמוד 3־4.
4) Dr. A. Isaacs, What is Judaism, pp. 98-102.
5) Dr. J. Jacobs, Jewish Contributions to Civilization, pp. 64-65.

זעצען, די וויכטיגסטע עלעמענטען פון אונזער ציוויליזאציע זיינען איבערהויפט א בייטראג פון די אידען, 6)"

דער אמעריקאנער קריסטליכער גייסטליכער מעדיסאָן פּיטערס זאָגט: „אָבוואָל די אידען זיינען געבליבען אָפּגעזונדערט מיט זייער גלויבען און מיט זייערע שטרעבונגען, דאָך האָבען זיי גענר־מען אן אקטיווען אנטייל אין דעם פּאָליטישען, סאָציאלען און גייס־טיגען לעבען פון די פעלקער, צווישען וועלכע זיי האָבען געלעבט... געטריי און ערנסט האָבען זיי געאַרבייט פאר די אלגעמיינע אינ־טערעסען פון די אלע, מיט וועמען זיי זיינען געקומען אין בארי־רונג... וואָס די וועלט איז שולדיג דעם אידען איז ניט קיין קליי־ניגקייט. ווען מען זאָל ארויסנעמען פון דער היינטיגער וועלט אלעס, וואָס דער איד האָט בייגעטראָגען צו דער ציוויליזאציע, צום פּראָגרעס און אויפקלערונג, דאן וואָלטען ארויספאלען די שענסטע פּערל פון דער ליטעראטור, און עס וואָלט פיל פעלען אין דער ווי־סענשאפט, 7)".

---

6) Dr. G. W. Botsford, A History of the Ancient World, p. 46.
7) Dr. M. C. Peters, Justice to the Jew, pp. 107-109.

## קאפיטעל 19

# די באדייטונג פון ראש השנה

דער אידישער ניי־יאָר. — ראש השנה דער יום הדין. — ראש השנה אַלס אַ נאַציאָנאלער יום טוב.

1. **דער אידישער ניי־יאָר.** — אין דער תורה ווערט געזאָגט: „דעם ערשטען טאָג אין זיבעטען מאָנאט זאָל זיין אַ רוהטאָג, און צום אָנדיינקען זאָל מען בלאָזען שופר, 1)". וואָס פאר אַ באדייטונג דער יום טוב האָט געהאט ווייס מען ניט. נאָר מיט פיל יאָרען שפּעטער האָבען די אידישע חכמים אַ נאָמען געגעבען דעם יום טוב „ראש השנה", דאָס מיינט, דער אָנפאנג פון יאָר. ביז יענער צייט האָבען אידען ניט געהאט קיין באשטימטען מאָנאט פאר דעם אָנפאנג פון דעם יאָר. אין דער תורה ווערט דער חודש ניסן גערעכענט אַלס דער ערשטער מאָנאט, ווייל אין ניסן זיינען די אידען ארויס פון מצרים; און אזוי זיינען די מאָנאטען פארבליבען ניט געענדערט, און אונזער ניי־יאָר פאנגט זיך אָן ניט פון ערשטען מאָנאט, נאָר פון דעם זיבעטען מאָנאט, תשרי.

פארוואָס האָבען די חכמים באשטימט דעם זיבעטען מאָנאט אַלס דעם אָנפאנג פון יאָר גיבען זיי אָן פארשידענע אורזאכען. היינטיגע געלערטע ווילען האָבען, אז דאָס קומט דערפון, וואָס מען האָט פאַרהייליגט די צאָל זיבען. דער זיבעטער טאָג פון וואָך איז שבת, זיבען טעג זיינען די ימים טובים פּסח און סוכות, זיבען וואָכען איז צווישען פּסח און שבועות, דער זיבעטער יאָר איז שמיטה, נאָך זיבען שמיטות קומט יובל, דעריבער האָט מען ראש השנה געמאכט אין דעם זיבעטען מאָנאט.

אייניגע זאָגען, אז מען האָט געמאכט ראש השנה אין דעם מאָנאט תשרי אַלס אַן אָנדיינקען ווען די אידען האָבען זיך אומגעקערט פון גלות בבל צוריק קיין ארץ ישראל, 2).

2. **ראש השנה דער יום הדין.** — נאָך דער לערע פון תלמוד איז ראש השנה אַ יום הדין. אַ טאָג פון געריכט און אורטייל, ווען גאָט משפּט דעם מענשען נאָך זיין אויפפירונג נאָך. דעם

1) ויקרא, כג, כד.
2) רי"בל, בית יהודה, ח"א, 73. עיין עזרא, ג, א"ו.

אידען׳ס גלויבען איז, אז פאר אלע זיינע אויפפירונגען איז ער פאר־אנטוואָרטליך פאר גאָט; און דער איד גלויבט, אז אפילו דער זינ־דיגער מענש האָט אין זיך א געטליכען פונק, אז דער מענש מיט אלע זיינע שוואכקייטען און שלעכטע נייגונגען האָט אין זיך א גייסטיגע קראפט דערהויבען זיך צו דאָס העכסטע.

און ווען דער מענש וויל ווערען בעסער, דאַרף ער ניט האָבען קיין גייסטליכע פארמיטלער צווישען אים און גאָט. ער אליין קאָן זיך ווענדען צו גאָט מיט א תפלה; און, אויב ער איז ערנסט און זיינע געדאנקען און זיין הארץ זיינען ריין, וועט גאָט געוויס פאר־נעמען זיין געבעט, און העלפען אים צו רייניגען זיך פון זיינע זינד.

דער איד ווייס, אז ער דאַרף יעדען טאָג אָפּגעבען זיך א רע־כענונג פון זיין אויפפירונג, און ער דאַרף אימער זעהן אויסבעסערען זיינע פעלערען; און איין מאָל אין יאָר דאַרף ער אינגאנצען אויס־טאָן זיך פון דעם וואָכעדיגען אלטעגליכען לעבען, און אויפהויבען זיך העכער פון דער מאטעריאליסטישער וועלט; און דער איין מאָל איז באשטימט געוואָרען, אז דאָס זאָל זיין ראש השנה.

דרייסיג טעג פאר ראש השנה פאנגט שוין אָן דער איד צו־גרייטען זיך צום יום הדין. פון ראש חודש אלול פאנגט מען אָן צו בלאָזען שופר יעדען טאָג, אום צו וועקען דעם מענשען׳ס פאר־שלאָפענעם געוויסען. די לעצטע וואָך פאר ראש השנה געהט מען יעדע נאכט אין שול זאָגען סליחות, די סליחות, וועלכע זיינען גע־שריבען מיט אידישע טרערען און בלוט. אין דער שטילקייט פון דער נאכט צעשפרייט זיך א שרעקליכער וועה־געשריי פון דעם אייביגען וואנדערער, דאָס איז א שטורעמדיגער אויסגוס פון א פאָלקס צער.

און אָט קומט ראש השנה. פון אלע שולען טראָגען זיך קלאנ־גען פון אומעטיגע זיסע מעלאָדיען אויסגעמישט מיט הארץ־רייסענ־דע זיפצען און טרערען גיסען זיך גאנצע קוואלען. דאָס אידישע פאָלק טוט תפלה. יעדעס אידיש קינד איז דורכגעדרונגען מיט א טיפען גלויבען, אז ער ווערט היינט גע׳משפּט פאר זיינע טאטען, אז ער דאַרף אָפּגעבען א רעכענונג פון אלע זיינע מעשים פון א גאנץ יאָר; און ער פילט, אז ער קאָן ניט פארלייקענען קיין זאך, ווייל דער ריכטער איז גאָט אליין, וועלכער ווייס דעם מענשען׳ס געדאנקען; און ער איז זיכער, אז יעדער מענש ווערט גע׳משפּט מיט גערעכטיגקייט, און גאָט שפּרעכט אויס יעדען׳ס אורטייל,

וואס מיט אים וועט געשעהען אין דעם נעקסטען יאר; און די גע־שעהענישען קומען אזוי אומערווארטעט, אז דער מענש איז קיינ־מאל ניט זיכער מיט זיין לעבען אין דעם נעקסטען מאמענט. יעדער איינער דערפילט ווי שוואך און קליינליך ער איז דא אויף דער וועלט, אז זיין לעבען איז נאר ווי א חלום, ווי א טרוים וואס פליט דורך; און דעם אידען'ס לעבען איז דאך נאך מער אומזיכער; ער איז שוואך אלס מענש, און איז נאך שוואכער אלס איד.

שטעלט זיך דער איד פאר גאט און גיסט אויס זיין הארץ אין הארציגע תפלות. זיין נשמה ווערט פול מיט יענעם טיפען גלויבען און האפען, וועלכע מיר רופען „בטחון". דאס איז ניט דער געוויינ־ליכער האפען, נאר דאס מיינט פארטרויען און פארזיכערען זיך. אזא גלויבען און אזא האפען זיינען וואונדערבארע גייסטיגע קרעפ־טען, וועלכע שטארקען דעם שוואכסטען.

3. **ראש השנה אלס נאציאנאלער יום טוב.** — ראש השנה איז ניט נאר א רעליגיעזער יום טוב, נאר ער האט אויך א גרויסע באדייטונג אלס א נאציאנאלער יום טוב. ראש השנה האט אימער צוזאמענגעבראכט אלע אידען. אלע אינאיינעם האבען בא־דויערט דעם אידישען ביטערען שיקזאל אין גלות; און אלע צו־זאמען האבען אויסעדריקט זייער האפענונג אויף א בעסערער צו־קונפט. דאס האט פארשטארקט דעם צוזאמענבונד און דערוועקט אלגעמיינע שטרעבונגען און האפענונגען.

יעדער איד, וועלכער האט געהאט אן אמת'ע דערציאונג, וועט זיין גאנצען לעבען, ווי פריי ער זאל ניט ווערען, דערפילען ראש השנה א בייגקעניש. עס וועט אים ציען צו זיינע ברידער, וואו ער זאל קאנען ארויסוואפען פון זיך די אלטעגליכע קאפ־דרייעניש, און צוזאמען מיט זיינע ברידער און שוועסטער אריינטראגען א שטראל ליכטיגקייט אין זיין אידישער נשמה.

## קאַפּיטעל 20

# תפלה (געבעט)

וואָס איז תפלה פאַר דעם מענשען. — מיין ערשטע האַרציגע תפלה. — מיין תפלה אין צייט פון געפאַר. — מיין לויב געזאַנג צום באַשעפער. — תפלות ביי די אַלטע פעלקער. — די ערשטע תפלות ביי אידען. — באַשטימטע תפלות. — דער סדור מיט די תפלות. — בר מצוה, תפלין און טלית.

מיינע ליבע אייניקלאַך, ווען איר קומט אַריין אין אונזערע שולען ראש השנה און יום כפור, זעהט איר ווי מען דאַווענט זעהר פיל, און איך וואָלט וועלען, אַז איר זאָלט האָבען אַ ריכטיגען באַגריף וועגען דאַוונען, וואָס מיינען די ווערטער „תפלה טאָן", דעריבער וועל איך ריידען וועגען תפלה אין אַלגעמיין.

1. וואָס איז תפלה פאַר דעם מענשען. — די גרויסע דיינקער און באַגאַבטע דיכטער דאַרפען ניט, פיליי cht, קיינע צוגעשריבענע תפלות, און קיין באַשטימטע ציים תפלה צו טאָן, ווייל זייער גאַנצער לעבען איז אַ גייסטיגער, און זייער גייסט איז אַ שאַפענדער. דער דיינקער געפינט אַ פילאָזאָפישען ענטפער אויף די פּראָבלעמען אין לעבען; ער ווערט ניט פאַרצווייפעלט אין גרויסען אומגליק, ער געפינט אַ טרייסט אין זיין טיפער קאָפּ־אַרבייט; ווען ביי אים ווערט פאַרניכטעט איין וועלט, קאָן זיין שאַרפער מח שאַפען פאַר אים אַ נייע וועלט. דאָס זעלבע איז מיט דעם גרויסען דיכטער. מיט זיין אַרט דיינקען, מיט זיין ברייטער נשמה, מיט זיינע טיפע געפילען קאָן ער זיך אויפהויבען העכער פון דעם ערדישען לעבען, און לאָזען זיין נשמה שוועבען אין העכערע און שענערע וועלטען. אָבער דער געוויינליכער מענש האָט דאָך אויך אַ נשמה, וועלכע פאָדערט אַ גייסטיגע שפּייז, וועלכע וועקט אין דעם מענשען אַ פאַרלאַנג, אַז ער זאָל זיך אָפּרייסען פון דעם אַלטעגליכען מאַטעריעלען לעבען, און איבערטראָגען זיך אין אַ העכערער גייסטיגער וועלט; און די תפלות אין באַשטימטע צייטען זיינען די אַלטעגליכע גייסטיגע שפּייז, וועלכע שטאַרקט אונזער גייסט, און האַלט אין אונז דעם געטליכען פונק, אַז ער זאָל ניט אויסגע-

לאָשען ווערען, און מיר זאָלען ניט פארזונקען ווערען אין גאנצען אין גראָבען מאטעריאליזם.

און ווען דער געוויינליכער מענש זעהט פאר זיך א נעפאר, און ער ווערט פארצווייפעלט, ער דערפילט זיין שוואכקייט און הילפלאָזיגקייט, ווייל ער האָבען פאר ווענען אויסצוגיסען זיין הארץ, אויף וועמען ער זאָל קאָנען פארטרויען זיך; און ער געפינט עס אין דער תפלה, אין זיין געבעט צו גאָט. ער ווערט שטארקער, מו־טיגער און קאָן פאָרטזעצען דעם קאמף פאר זיין עקזיסטענץ.

און אָפט טרעפט, אז ביי דעם מענשען דערוועקט זיך זיין גע־וויסענסביסען, ער האָט חרטה אויף זיין שלעכטער אויפפירונג, דאן דארף ער האָבען פאר וועמען צו אנטשולדיגען זיך, צו בעטען פאר־געבונג, און צוזאָגען, אז ער וועט בעסער ווערען, און דאָס אלעס געפינט דער מענש אין די תפלות.

2. מיין ערשטע האַרציגע תפלה. — ווען איך בין אלט געווען פיר יאָר, פלעגט מיין מאמע אין דער פרי זאָגען מיט מיר „מודה אני" און „תורה צוה לנו משה". צו זיבען יאָר האָב איך שוין געדאַווענט דריי מאָל אין טאָג. צו צוועלף יאָר פלעג איך שוין אמאָל באגייסטערט ווערען פון מיין דאַווענען, ווען איך פלעג זיך צוהערען צו די באגייסטערטע תפלות פון מיין טאטען. אָבער מיין אמת'ע, טיפע, האַרציגע תפלה האָב איך דעם ערשטען מאָל דערפילט, ווען איך בין אלט געווען פופצען יאָר. שפעט ביי דער נאכט בין איך איינער אליין געזעסען אין בית המדרש און געלע־רענט גמרא. בין איך געקומען צו א שווערען ענין, און האָב ניט געקאָנט באגרייפען די טיפזיניגע ארגומענטען פון אונזערע חכמים. האָב איך זיך דערמאָנט, אז אין תלמוד איז געשריבען: „ווען איי־נער זאָגט: „איך האָב זיך געמאטערט און ניט געפונען, זאָלסטו אים ניט גלויבען", ווייל די חכמים האָבען געגלויבט, אז ווען א מענש האָרעוועט און מאטערט זיך צו דערגרייכען עפעס, איבער־הויפט א גייסטיגע זאך, מוז ער דאָס דערגרייכען. האָב איך אָנ־געשטריינגט אינגאנצען מיין יונגען מח, איך האָב קאָנצענטרירט אלע מיינע פייאיגקייטען אויף יעדען אויסדרוק, אויף יעדען וואָרט; איך האָב זיך געמאטערט א לאנגע צייט, און, צום באדויערען, גאָר ניט דערגרייכט. עס האָט מיר נאָר אָנגעפאנגען שווינדלען אין קאָפּ, מיינע אויגען זיינען טונקעל געוואָרען, און אויפ'ן הארצען האָט זיך געלייגט ווי א שווערער שטיין. עס פארדריסט, עס

קריינקט מיך, און איך פרעג זיך אליין: „איז מיין פארשטאנד אזוי שוואך? אָדער פילייכט איז מיין נשמה פארגרעבט, און קאָן ניט באגרייפען קיין העכערס?". איך דערפיל זיך נידערגעשלאָגען און אראָפּגעפאלען אין מיינע אייגענע אויגען. פלוצים קומט מיר ארויף א געדאנק, איך זאָל גאָט בעטען, אז ער זאָל מיר העלפען. איך שטעל זיך מיט'ן פנים צום וואנט נעבען אָרון קודש, און איך פאנג אָן צו זאָגען מיט גרויס כונה אונזער אלטעגליכע תפלה „אהבה רבה". איך זאָג: „אָבינו אָב הרחמן", און טרערען גיסען זיך פון מיינע אויגען. איך בעט זיך ביי גאָט: „אונזער פאָטער, דער בארמהארציגער פאָטער, דערבארם זיך איבער אונז, און גיב אריין אין אונזער הארץ צו פארשטיין, צו קליגען זיך, צו באגרייפען, צו לערנען... אלע ווערטער פון דער לערע פון דיין תורה"... איך חזר איבער די לעצטע ווערטער איינינע מאָל, און איך פאנג אָן צו פילען ווי מיר ווערט גרינגער אויפ'ן הארצען, ליכטיגער אין די אויגען, און מיין מח ווערט קלערער. איך זעץ זיך צוריק צו דער גמרא רואיג, און פאנג אָן דעם ענין פון אָנפאנג. ניט נאָר ווערטער זעה איך פאר זיך, נאָר פאר מיינע אויגען שטייען די חכמים, וועלכע דיסקוטירען דעם ענין. זייערע געדאנקען ווערען פאר מיר קלאָר, און זייערע ארגומענטען פארשטיי איך דייטליך. איך באגרייף, איך פארשטיי, און פיל זיך גליקליך. גאָט האָט מיר געהאָלפען.

3. מיין תפלה אין א צייט פון געפאַר. — ווען איך בין אלט געווען זיבעצען יאָר, האָב איך זיך געלאָזען געהן אין א וויי־טען וועג, וואו איך האָב געהאָפט צו געפינען מיין גליק אין לעבען. קיין געלט צו פאָרען האָב איך ניט געהאט, האָב איך געמוזט געהן צופוס. געווען איז דאָס ווינטער מיט שטארקע פרעסט און גרויסע שנייען. מיינע אלטע אָרימע קליידער האָבען מיך ניט גענוג גע־ווארימט; דערפאר אָבער האָבען מיר גוט געדינט מיינע יונגע פיס: איך האָב געקאָנט לויפען און דערווארימען זיך. איינמאָל נאָך האלבען טאָג, ווען איך בין שוין גוט מיר געווען, האָט אָנגע־הויבען צו בלאָזען א שטארקער ווינט, און עס האָט גענומען שיטען א געדיכטער שניי. דער ווינט ווערט אלץ שטארקער, בלאָזט פון אלע זייטען, דרייט זיך און ווילדעוועט אָהן אָן אָפּהאלט; ער כאפּט אויף דעם פאלענדען שניי, און שמייסט מיר אין פנים און שטעכט ווי מיט נאָדלען. צוויי ווינטען פון פארשידענע ריכטונגען טראָגען

זיך איינער געגען דעם אנדערען מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ; מיט אַ ווילדען ברומען פאלען זיי ארויף איינער אויפ׳ן צווייטען, און איך בלייב צווישען זיי אַ צונויפגעדריקטער, און קאָן ניט אָפּ־כאפּען דעם אָטעם. אַ שרעקליכע קעלט כאפּט ארום מיין גאנצען קערפּער און דרינגט אריין אין מיינע אינגעווייד. איך וויל לויפען און דערוואַרימען זיך, קאָן איך ניט, דער שניי איז צו טיף, און דער ווינט שטופּט מיך צוריק. איך טרייסעל זיך, איך וואקעל זיך, מיינע פּיס ברעכען זיך אונטער. אייניגע טריט ווייטער פון מיר זעה איך גאָר ניט דורך דעם געדיכטען שניי. די גאנצע וועלט איז פאר מיר איצט נאָר איין שרעקליכער שניי־שטורם. איך זעה גאָר ניט, נאָר איך הער אַ משונה׳דיגען פּייפען און ווילדע שטורעמדיגע קולות. אָט קלינגען אין מיינע אויערען קלויסטער־קלאנגען און אָט הער איך ווי וועלף וואָיען און הינט בילען. איך ווער ווי פאַר־שכור׳ט, עס ציט מיך צום שלאָף, מיינע אויגען הויבען אָן צו קלע־פּען זיך... פּלוצלינג דערמאָן איך זיך, וואָס איך האָב געהערט דער־ציילענדיג, אז אין אזעלכע פעלע ווערט דער מענש איינגעשלאָפען מיט אַ זיסען שלאָף, און אזוי ווערט ער פארפראָרען צום טויט. איך באגרייף אינגאנצען די געפאר; איך זעה דעם מלאך המות פאר מיינע אויגען. אָט דאָ אויפ׳ן שניי וועל איך איינשלאָפען מיין אייביגען שלאָף. ליבע, טייערע מאמע מיינע, טו איך אַ טראַכט, דו וועסט דאָך גאָר ניט וויסען, אז דיין קינד, דיין בלוט און פלייש, וועט זיין אַ געשמאקער מאָלצייט פאר הונגעריגע וועלף... ביי דעם געדאנק האָבען זיך פון מיינע אויגען אַ גאָס גע־טאָן אַ שטראָם טרערען, און איך האָב אָנגעפאנגען צו דאווענען מנחה. איך זאָג: „נאָענט איז דער אייביגער צו אלע, וואָס רופען אים, צו אלע, וואָס רופען אים מיט ווארהייט“... מיין עלענדקייט ווערט פארשוואונדען, איך דערפיל, אז איך האָב דעם אלמאכטיגען נאָענט צו מיר. איך זאָג ווייטער: „דער אייביגער היט די אלע, וואָס ליבען אים“... און איך גלויב, אז ער וועט מיך היטען און באשיצען. איך דאווען ווייטער, און פיל ווי יעדעס וואָרט שטארקט מיך, ערמוטיגט מיך און ווארימט מיך. איך ווער ווי ניי־געבאָרען. מיט פרישע קרעפטען פול מיט מוט און שטארקען האָפען זעץ איך פאָר מיין וועג, זאָגענדיג תהלים; און שפּעט אין אָוונט בין איך געקומען צו אַ שטעטעל.

4. די נאַטור רופט אַרויס אַ לויב געזאַנג צו גאָט. —

גאַנצע וועלטען — גיסט,
גיסט אין מיר אריין
יעדער שטילער בלאָז,
יעדער זונענשטראַל;
מיט דעם פולען מויל
טרינק איך לופט און שיין,
און אין האַרצען טיף
עפענט זיך אַ קוואַל —

(ח. נ. ביאַליק, אויף דעם הויכען באַרג.)

אַט די האַרציגע שיינע ווערטער פון אונזער גרויסען פּאָעט דערמאַן איך זיך זעהר אָפט, ווען איך אַנטלויף פון דער שטאָט מיט איר טומעל. אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגען, פאַרקלייב איך זיך ווייט צווישען פעלדער און וועלדער; איך דערזעה ווי די זון קומט אַרויס מיט איר גלאַנץ און פּראַכט; אירע ערשטע דערפרישענדע שטראַלען פאַלען אויף די בלימעלאַך באַדעקטע מיט טוי, און די שיינע בלימעלאַך צעעפענען זייערע מיילעכלאַך, ווייזט מיר אויס, אַז זיי פאַנגען דאָס אָן צו זינגען שירה צו דעם באַשעפער פון אַט דער שיינער וועלט; און פון צווישען די גרינע צווייגען פון בליענדע בוימער צעגיסט זיך אַ גאַנצער כאָר פון פאַרשידענע שטימען פון אַלערליי פייגעלאַך, וועלכע זינגען זייער לויב־געזאַנג צו גאָט; אַט דאַן ווערט מיין נשמה אָנגעפילט מיט פרייד און צערטליכקייט. איך ווער צונויפגעגאָסען מיט דער גאַנצער נאַטור; איך פיל זיך אַלס אַ טייל פון דער גרויסער שאַפונג; איך זעה די שיינע האַר־מאָני אין אַלץ; איך קוק אויף דעם לויטערען הימעל, און פיל זיך ווי אַ גליקליכער חתן, וואָס שטייט אונטער דער חופה. מיין אויס־געמאַטערטע נשמה הויבט זיך צו העכערע ספערען; און פון מיין טיפען האַרצען גיסט זיך מיין תפלה אין די ווערטער פון תהלים: „השמים מספרים כבוד אל" — די הימלען דערציילען דעם כבוד פון גאָט.

און אַמאָל פאַר־נאַכט, ווען איך שטיי נעבען ברעג ים און קוק זיך צו פון וויטען וואו די הימלען קושען זיך מיט'ן ים; און די זון ווי אַ גרויסער פייער־קוגעל פאַנגט אָן מאַיעסטעטיש אַראָפּ־לאָזען זיך צום וואַסער, אָט איז זי שוין אויפ'ן וואַסער און זי לאָזט זיך אַרונטער אַלץ טיפער און טיפער, ביז זי ווערט אינגאַנצען

פארשוואונדען; דער ים פאנגט אָן צו שטורעמען און ברויזען; כוואליעס ווי הויכע בערג פליען האסטיג און שפרינגען איינע אי־בער די אנדערע; און מיך באפאלט אן ערפורכט. איך דערפיל זיך קליין און שוואך, אָבער ניט פרעמד, איך בין א קליינער טייל פון אָט דער שטארקער שיינער וועלט, וועלכע ווערט געקאָנטראָלירט פון איין אומבאגרייפליכער אלמאכטיגער קראפט; און מיט גרויס הכנעה, מיט אן ערנסטער אונטערטעניגקייט, בויג איך איין מיין גרויען קאָפּ פאר דעם גרויסען באשעפער, און איך פאנג אָן צו זאָ־גען דעם 104טען קאפיטעל פון תהלים: „ברכי נפשי את ה'". — אָ, מיין זעלע, לויב גאָט... אָט דאָס איז ביי מיר איינע פון מיינע געשמאקסטע תפלות.

5. **תפלות ביי די אלטע פעלקער.** — אין פאָרהיסטאָרישע צייטען, מיט טויזענטער יאָרען צוריק, האָבען די אריער, אָדער ווי מען רופט זיי די אינדיער פון אָסט אינדיען, אָנגעשריבען ביכער, און זיי א נאָמען געגעבען „וועדען", דאָס הייסט, ביכער פון הייליגער וויסענשאפט. און אין די ביכער זיינען פארשריבען לידער און געבעט. דאָס זיינען די תפלות, וואָס דער אינדיער האָט גע־בעטען זיינע פיל געטער, פאר וועלכע ער האָט מורא געהאט, יעדע נאַטירליכע ערשיינונג האָט ער אָנגענומען פאר א באזונדער גאָט, פאר זיי האָט ער געציטערט, און האָט צו זיי קרבנות געבראכט און תפלה געטאָן. עס זיינען פאראן תפלות צו דער זון, צום ווינט, צום בליץ און צום דונער, און דאָס גלייכען, 1).

אין אלגעמיין איז דערוויזען געוואָרען, אז ביי די ערשטע מענשען האָט זיך די תפלה אָנגעפאנגען פון מורא. זיי האָבען נאָר געבעטען זייערע געטער, אז זיי זאָלען קיין שלעכטס ניט טאָן, 2).

6. **די ערשטע תפלות ביי אידען.** — דעם אידען'ס תפלות, וואָס מיר געפינען אין תנ"ך, זיינען שוין געווענדעט צו דעם איינ־צעלנעם גאָט; און זיי דריקען אויס ניט געפילען פון שרעק, נאָר א געפיל פון פולען צוטרויען אין דער גערעכטיגקייט פון גאָט.

אברהם אָבינו קומט בעטען גאָט ניט פאר זיך, נאָר פאר די זינדיגע מענשען פון סדום; און דאָס איז ניט א געבעט, ווי דער שוואכער בעט געוויינליך דעם שטאַרקען; נאָר דאָס איז א פאָדע־רונג פון גערעכטיגקייט. אברהם טענה'ט צו גאָט: „דען ווע'סטו

1) די וועלט געשיכטע, פארלאג אחיאסף, באנד 1, ז. 68.
2) ליפערט, תולדות השלמת האדם, תרגום ד. פרישמאן, ח"א, ע. 68.

פאַרניכטען דעם גערעכטען צוזאַמען מיט דעם בייזען?... וועט דען דער ריכטער פון דער גאַנצער וועלט ניט טאָן קיין גערעכטיג־קייט? 3)". און ווען יעקב אָבינו בעט גאָט, אז ער זאָל אים רעט־טען פון די הענט פון עשו'ען באַנוגענט ער זיך ניט מיט בעטען אַליין, נאָר ער מאָנט: „דו האָסט דאָך מיר געזאָגט, איך וועל דיר גוטס טאָן, 4)". און ווען משה רבנו בעט גאָט פאַר די אידען, ווען זיי האָבען געזינדיגט, קומט ער מיט טענות: „וואָרום גאָט זאָל דיין צאָרן ברענען איבער דיין פאָלק?... וואָרום זאָלען די מצרים זאָגען: צום אומגליק האָט ער זיי אַרויסגעפירט... געדיינק, וואָס דו האָסט געשוואָרען צו אונזערע עלטערען, 5)". און ווען משה בעט פאַר זיין שוועסטער מרים, איז אין גאַנצען זיין תפלה באַשטאַנען נאָר פון פינף ווערטער: „אל נא רפא נא לה" — איך בעט דיך גאָט הייל זי אויס, 6)". און חנה'ס שיינע תפלה איז גאָר ניט קיין גע־בעט, נאָר דאָס איז א טיפער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און א שיינער לויב־געזאַנג צו גאָט, 7). פון שלמה המלך האָבען מיר זיין תפלה, ווען ער האָט דעם בית המקדש אויסגעבויט; און ער בעט גאָט ניט נאָר פאַר זיך און פאַר זיין פאָלק, נאָר ער בעט, אז גאָט זאָל צוהערען די געבעט אויך פון אַנדערע פעלקער, וואָס וועלען קומען בעטען אים, 8).

די גרעסטע זאַמלונג פון תפלות אין תנ"ך קומט אין תהלים, און די מערסטע פון זיי קומען פון אונזער קעניג־פּאָעט דוד. די תפלות אין תהלים זיינען רייך אין די העכסטע און טיפסטע גע־דאַנקען פון גאָטהייט און מאָראַל, און שיין זיינען זיי מיט זייערע פּאָעטישע פיל־פאַרביגע קינסטלערישע בילדער. די קריסטליכע וועלט האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצען דעם תהלים, און האָט אים אַריינגענומען אַלס א טייל פון גאָטעס דינסט.

7. **באַשטימטע תפלות ביי אידען.** — באַשטימטע תפלות פאַר דעם גאַנצען אידישען פאָלק האָבען מיר ניט געהאַט ביז דער צייט פון צווייטען בית המקדש. דאַן האָבען אונזערע חכמים איינ־געפירט תפלות אָנשטאָט קרבנות. און זיי האָבען דערקלערט, אז דער איד קאָן דינען גאָט אָהן א גייסטליכען פאַרמיטלער, און אין יעדען פּלאַץ וועט גאָט צוהערען דעם מענשען, ניט דווקא אין בית המקדש.

3) בראשית, יח, כג־כה.
4) שם, לב, י־יג.
5) שמות, לב, יא־יד. 6) במדבר, יב, יג.
7) שמואל א, ב, א־י. 8) מלכים א, ח, מא־מג.

פראָפעסאָר חיים שטיינטאַל האָט געזאָגט: „די אַלטע תפלות, וועלכע ציען זיך דורך אונזער גאַנצער געשיכטע, אין וועלכע אונזערע אור־עלטערען האָבען אויסגעגאָסען זייער האַרץ פאַר גאָט, דערוועקען אין אונז און גיסען צוזאַמען אונזערע פערזענליכע רעליגיעזע געפילען מיט די רעליגיעזע געפילען, וואָס ציען זיך פון פיל דורות, 9)״.

8. דער סידור מיט אונזערע תפלות. — דאָס וואָרט „תפלה״ ווערט געוויינליך איבערגעזעצט „געבעט״, און דער סידור הייסט „געבעט־בוך״. באמת אָבער האָט דאָס וואָרט תפלה מער באדייטונגען. ערשטענס, מיינט עס בעטען נאָר אַזאַ געבעט, וואָס איז געווענדעט צו גאָט, צווייטענס, מיינט עס אורטיילען, און דריטענס, האָט דאָס וואָרט די באדייטונג פון טראַכטען, פון פאַרטיפען זיך אין געדאַנקען, 10).

און באטראַכטענדיג דעם אינהאַלט פון אונזער סידור זעהען מיר, אַז ער ענטהאַלט אין זיך פיל מער איידער געבעט. ערשטענס, קומען שיינע לויב־געזאַנגען ווי „אדון עולם״, „יגדל אלהים״ און ד. ג., אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט דער פילאָזאָפישער געדאַנק פון דעם מאָנאָטעאיזם, פון דעם ריינעם גלויבען אין איינאיינציגען גאָט. דעם צווייטען פּלאַץ פאַרנעמען די תפלות, וועלכע דריקען אויס טיפע דאַנקבאַרקייט צו גאָט פאַר זיינע חסדים, וואָס ער טוט מיט דעם מענשען; און איבערהויפּט מיט אונז אידען, וואָס אונזער גאַנצע עקזיסטענץ אין דעם לאַנגען גלות־לעבען איז איין גרויסער וואונדער. דריטענס, קומען די געבעטען; און דער איד בעט ניט פאַר זיך אליין, נאָר ער בעט פאַר דעם גאַנצען פאָלק, און פיל תפלות זיינען פאַר דער גאַנצער מענשהייט. און ווען דער איד בעט פאַר זיך אַליין, בעט ער אַממיינסטען גייסטיגע הילף, אַז גאָט זאָל אים העלפען צו גיין אין אַ גוטען וועג און ער זאָל אים פארהיטען פון פאַרפירענעס. פערטענס, קומען שיינע תפלות, אין וועלכע עס ווערט באזונגען די שיינקייט און האַרמאָניע פון דער גאַנצער נאַטור אונטער דער פירערשאַפט פון דעם אלהעכסטען באשעפער. פינפטענס, קומען תפלות, אין וועלכע דער מענש ברייגנט זיך אליין צום געריכט, ער אנערקענט זיינע פעלערען און פאַרזיכערט, אַז ער וועט בעסער ווערען, און בעט פאַר־

9) דר. ש. ברנפלד, זכרון לחכם, השלוח, כרך ה, עמוד 423.
10) הקדמה לספר תהלים, מאת ר׳ יואל בריל, עמוד 25.

געבונג. אויסער די אלע דערמאנטע תפלות אנטהאלט אונזער סידור באלערונגען וועגען די באציאונגען פון גאָט צום מענשען, פון מענשען צו גאָט, און פון איין מענשען צום צווייטען.

ווער עס פארשטייט און פילט אונזערע תפלות, מוז ער צו־געבען, אז אונזערע תפלות זיינען א פּראָדוקט פון דיינקער און פון דיכטער. דאָ געפינען מיר די פילזאָפיע פון לעבען, און די פּאָ־עזיע פון דער וועלט. מיר געפינען דאָ שפּייז פאר אונזער געדאנק און פאר אונזערע געפילען. דאָס איז א זעלטענע זאמלונג פון גייסטיגע שפּייז פאר דעם אלטעגליכען געברויך אונטער אלע אומ־שטענדען פאר יעדען איינעם נאָך זיין באגריף. דער איינפאכער איד, וועלכער פארשטייט ניט די טיפע באדייטונג פון אלע תפלות, ווייס אָבער איין זאך, אז ער האָט א גאָט, וועלכער הערט צו זיינע תפלות; און דאָס גיט דעם מענשען מוט און שטארקייט צו האָ־פען און צו איבערלעבען אלע שוועריגקייטען.

די געלערענטע רעליגיעזע אידען, און איבערהויפּט די גרויסע חסידים, זוכען אין די תפלות נאָר א רפואה פאר זייערע נשמות. זיי זאָגען, אז תפלה דארף האָבען התעוררות הלב, די אויפוואכונג פון הארצען, וועלכע פירט דעם מענשען צו התלהבות, צו א פלאַ־מענדער באגייסטערונג, פון וועלכער די נשמה הויבט זיך אויף צו העכערע וועלטען, און דאן פאנגט זיך ערשט אָן די אמת'ע השתפכות הנפש, וואו די נשמה צעשפּרייט זיך אין דער אומענדליכקייט פון דער וועלט, און זי, די נשמה, קומט צו התדבקות, זי ווערט פאר־אייניגט מיט דער גאָטהייט.

און אמאָל זעהען מיר אין שול אונזערע גרויסע דיינקער און באגאבטע דיכטער, ווי זיי שטייען מיט ערפורכט, מיט הכנעה, פארטיפט אין אונזערע תפלות. מעגליך, אז זיי זיינען אריין אין אן עקסטאז אזוי ווי די חסידים, נאָר ביי זיי קומט עס פון אן אנ־דער באגריף, פון אן אנדער וועלט־אנשויאונג; אָבער דער צוועק איז דער זעלבער.

9. **בר מצוה, תפלין און טלית. — א אידישער אינגעל,** ווען ער ווערט אלט דרייצען יאָר, הייסט זיין דרייצענטער געבורטס־טאָג „בר מצוה טאָג", ווייל אין דעם טאָג נעמט ער אויף זיך די פליכט אָפּצוהיטען אלע מצוות גלייך מיט אלע אידען; און ער פאנגט אָן צו לעגען תפלין אין דער צייט פון דאווענען אין דער פרי אין די וואָכעדיגע טעג. אין די תפלין ליגען געשריבען אויף פּאר־

מענט די פרשיות פו דער תורה: „שמע ישראל" און „ואהבת", 11) „והיה אם שמוע, 12) און „קדש לי כל בכור", 13). איינע פון די תפלין לעגט מען אויפ'ן האנט געגען הארץ, און איינע לעגט מען אויפ'ן קאָפּ איבער'ן שטערן. דער צוועק דערפון איז, אז די תפלין זאָלען ווירקען אויף אונזער הארץ און אויף אונזער קאָפּ; אַז זיי זאָלען וועקען אונזערע געפילען און אונזער פארשטאנד אויפצופירען זיך ווי אונזער תורה לערנט אונז. צו גלויבען אין דעם איינציגען גאָט, ליב האָבען גאָט מיט אינגאנצען אונזער הארצען און נשמה, פאָלגען אים צו גיין אין דעם רעכטען וועג און צו געדיינקען, אז דער גאָט, וואָס האָט אונז אויסגעלייזט פון מצרים, וועט אויך אויסלייזען אונז פון איצטיגען גלות, און ברייני־גען אונז צוריק אין אונזער לאנד, אין ארץ ישראל. דער אמת'ער, ערנסטער, פרומער איד, ווען ער טוט אָן די תפלין, ווארפט ער פון זיך אראָפּ די קערפערליכקייט, און דערהויבט זיך צו א גייסטיגען, נשמה'דיגען, הייליגען צושטאנד.

אויסער די תפלין טוען מיר אָן צום דאווגען א טלית. די פיר ציצית אויפ'ן טלית. ווי די תורה האָט געזאָגט, 14) זיינען צוליב דעם, אַז מיר זאָלען קוקען אויף זיי און דערמאנען זיך אלע גאָט'ס געבאָט. און דער טלית אליין איז אונזער נאציאָנאלער פלאג, וועלכער עראינערט אונז אונזער פארגאנגענהייט, און וועקט אין אונז האָפענונג אויף אונזער צוקונפט. ווען אַ אינגעלע פלעגט קומען דעם ערשטען מאָל אין חדר, האָט מען אים איינגעוויקעלט אין א טלית, און ער האָט גענומען נאָכזאָגען „א" „ב"; און נאכ־הער זיין גאנצען לעבען האָט דער איד געהאלטען זיין טלית מיט הייסער ליבע און מיט הייליגער אכטונג. ווען דער גלות איד האָט זיך איינגעוויקעלט אין טלית, און געשטעלט זיך תפלה טאָן, האָט אָט דער גלות־פלאג געשאפען פאר דעם אידען זיין אייגענע קעניג־רייך, א קעניגרייך ניט פון איין לאנד, נאָר א קעניגרייך פון דער גאנצער וועלט מיט איין גרויסען הערשער, גאָט אליין.

---

11) דברים, ו, ד־ט.
12) דברים, יא, יג־כא. 13) שמות, יג, א־טז.
14) במדבר, טו, לז־מא.

## קאַפּיטעל 21

# גאָטעס־דינסט ראש השנה

די תפלות פון ראש השנה. — אידישע געזאַנג. — שופר בלאָזען.

1. די תפלות פון ראש השנה. — שיין און ערהאבען זיי־נען די תפלות פון ראש השנה. שיין זיינען זיי מיט זייער שפּראַך, מיט זייער פּאָעטיש־רעליגיעזען אינהאַלט, וועלכע רופען אַרויס די שענסטע געפילען און שטימונגען; און ערהאבען זיינען די תפלות מיט זייער מאָראַלישען אינהאַלט. די שענסטע פונדאַמענטאַלע רעליגיעזע אידעען זיינען פאַרוויקעלט אין דעם אידענ'ס תפלות פון ראש השנה. אין די תפלות ווערט געזאָגט, אַז גאָט איז דער איינציגער הערשער איבער דער גאַנצער מענשהייט; און די צייט וועט קומען, ווען אַלע מענשען וועלען פאַרשטיין, אַז אַלע זיינען גלייכע קינדער פון איין גאָט, און זיי דאַרפען צווישען זיך לעבען ווי אמת'ע געטרייע ברידער. און ווי שיין זיינען יענע תפלות, וואו דער איד רעדט וועגען דער שלעכטסקייט פון מענשען, פון וועלכער מיר אידען ליידען מער פון אַלעמען. ליידענדיג שרעקליכע פאַר־פאָלגונגען פון דער גאַנצער וועלט, האָט דער איד ניט געבעטען ביי גאָט ראַכע פון זיינע פאַרפאָלגער; ער בעט נאָר „וכל הרשעה כולה כעשן תכלה" — דאָס שלעכטס פון דער וועלט זאָל פאַרשוואונדען ווערען ווי אַ רויך —, אָבער ער בעט ניט, אַז די שלעכטע מענשען זאָלען פאַרניכטעט ווערען. אַזאַ מענשען־ליבע האָט געקאָנט אַנט־וויקלען זיך נאָר ביי אַ פאָלק אין וועמעס אָדערען עס פליסט דאָס בלוט פון אונזערע פּראָפעטען, וועלכע האָבען איינגעפלאַנצט אין אונז ליבע צו מענשען, און אַ גלויבען אין אַ בעסערער צוקונפט, ווען בייזקייט און שלעכטס וועלען פאַרשוואונדען ווערען.

דער אידישער געזאַנג. — ניט נאָר דער אינהאַלט פון די תפלות ראש השנה און יום כפור איז שיין און ערהאבען, נאָר אויך די נגינה פון די תפלות איז וואונדערבאַר שיין. ווען איך הער דעם געזאַנג פון די תפלות ראש השנה און יום כפור, ווערט מיין נשמה אָנגעפילט מיט קולות, וועלכע פליסען זייט טויזענטער יאָרען פון מיליאָנען אידישע הערצער. דאָס זיינען ניט קיין מעלאָדיען פאַר־פאַסטע פון קינסטלער, נאָר דאָס איז אַ נאַטירליכע גייסטיגע שאַ־

פונג פון א גאנצען פאָלק ; דאָס איז א טיפער אויסדרוק פון שרעק־
ליכע ליידען און פון שטארקע האָפענונגען. אָבוואָל דאָס זינגען
איז פול מיט געבעט, דאָך איז דאָס א געזאנג ניט פון א בעטלער,
נאָר פון א געפאלענעם פרינץ, וועלכער האָט ניט פארלאָרען זיין
זעלבסטווירדע, און איז געקומען צו זיין פאָטער. ער בעט, אָבער
ער בעטעלט ניט ; ער פאָדערט, ער דערמאָנט דעם פאָטער זיינע
צוזאָגען, און ער מאָנט גערעכטיגקייט.

3. שופר בלאָזען. — אָט פאנגט זיך אָן דאָס שופר בלאָזען.
אין א האָרן פון א רעם בלאָזט מען איינפאכע ניט מוזיקאלישע
טענער ; דאכט זיך, אז זיי האָבען ניט קיין אינהאלט, און ווי
שטארק און טיף זיי דרינגען אריין אין דעם אידענ׳ס נשמה. יעדער
טאָן איז א סימבאָל, אן עראינערונג, א סיגנאל צום אידענ׳ס באַ־
וואוסטזיין. דאָס דערמאָנט אים דער שופר, וואָס אונזערע על־
טערען האָבען געהערט נעבען בארג סיני, ווען זיי האָבען די תורה
גענומען. דער שופר דערמאָנט דעם אידען די נבואה פון ישעיה
הנביא, וואו ער שטעלט פאָר די הערליכע וואונדערשיינע צוקונפט,
ווען די דערלייזונג פון דעם אידען וועט קומען „והיה ביום ההוא
יתקע בשופר גדול, (ישעיה כ״ז, י״ג).

## קאַפּיטעל 22

# יום כפור

דעם מענשענ׳ס זינד. — אונזער חרטה. — תשובה. — זינד געגען מענ־
שען. — א טאָג פון פארגעבען. — די עבודה. — עשרה הרוגי
מלכות. — נעילה.

1. דעם מענשענ׳ס זינד. — אין תנ״ך שטייט געשריבען :
„כי אָדם אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא״1), דאָס מיינט,
עס איז נישטאָ קיין מענש א צדיק אין דער וועלט, וועלכער טוט
נאָר גוטעס און זאָל ניט זינדיגען.

די גרעסטע פילאָסאָפען און פסיכאָלאָגען זאָגען, אז אין יעדען
מענשען זיינען פאראן צוויי אנטקעגענגעזעצטע נייגונגען : איין
נייגונג דיקטירט דעם מענשען צו טאָן גוטעס, און די צווייטע ניי־
גונג שלעפט דעם מענשען צו טאָן שלעכטעס. די ערשטע נייגונג

1) קהלת, ז, ב.

האָט אַ קראַפט אויפצוהויבען דעם מענשען צו דאָס העכסטע און שענסטע, און די צווייטע נייגונג קאָן דעם מענשען פארשלעפען אין דעם טיפסטען אָפגרונד פון זינד און שמוץ.

ביי אידען האָט מען די צוויי נייגונגען געגעבען נעמען: דער יצר טוב און דער יצר הרע. און דער איד ווייס, אַז אַט די צוויי פיינדליכע עלעמענטען אין אונזער נאַטור פירען צווישען זיך איי־מער אַ שטאַרקען קאַמף; און, אַז דעם מענשען׳ס אויפגאַבע איז אָנצואווענדען אַלע זיינע גייסטיגע קרעפטען צו העלפען דעם יצר טוב, אַז ער זאָל באַקעמפען דעם יצר הרע; אַז ער, דער יצר טוב, זאָל ארויס דער זיגער, און ער זאָל קאָנען פירען אונז אין דעם גוטען וועג צו טאָן גוטעס און גערעכטיגקייט.

צום באַדויערען איז דער מענש שוואַך, און פאַלט אריין אין דעם נעץ, וואָס דער יצר הרע פארשפּרייט; און מיר אַלע זינ־דיגען, ווער מער און ווער ווייניגער.

2. אונזער חרטה. — ווי פאַרדאַרבען דער מענש זאָל ניט זיין, דערוועקט זיך אין אים אַמאָל זיין געוויסען, און ער האָט חרטה וואָס ער האָט געזינדיגט; ער שעמט זיך אליין פאַר זיינע טאַטען; ער דערפילט אויף זיך אַ שווערע לאַסט פון זיינע זינד; און, ווען ער זאָל ניט האָבען דעם גלויבען, אַז זיינע זינד קאָנען פארגעבען ווערען, אויב ער וועט בעסער ווערען, דאַן וואָלטען זיינע זינד פאַר־פאָלגען אים; ווי אַ געדיכטער וואָלקען וואָלט פאַרצויגען ווערען איבער אים און וואָלט פאַרפינסטערען זיין נשמה. דעריבער איז געקומען אונזער תורה און האָט געזאָגט: „אין דעם צענטען טאָג פון זיבעטען מאָנאַט זאָלט איר פאַסטען... דען אין דיזען טאָג וועט ער (גאָט) פארגעבען אייך אום צו ריינינגען אייך. פון אַלע אייערע זינד זאָלט איר פאַר דעם אייביגען ריין ווערען, 2)“.

3. תשובה טאָן. — מיר זאָלען אָבער ניט מיינען, אַז יום כפּור אליין איז גענוג אָפּצוּוואַשען זיך ריין פון אונזערע זינד. אונזערע חכמים האָבען געזאָגט, אַז יום כפּור ווערען די זינד פאַר־געבען נאָר דאַן, ווען מיר טוען תשובה. דאָס וואָרט תשובה מיינט אומקערען זיך, אַז דער מענש זאָל זיך אומקערען אויפ׳ן גוטען וועג. דער גרויסער תלמודיסט און פילאָזאָף דער רמב״ם פרעגט: „וואָס הייסט תשובה“? און ער ענטפער: „תשובה מיינט, ווען דער זינ־

2) ויקרא, טז, כט־ל.

דיגער פארלאָזט זיינע זינד, ער וואַרפט זיי אַרויס פון זיין געדאנק, און באַשליסט אין האַרצען, אַז ער זאָל דאָס מער ניט טאָן, 3)".

דער ערנסטער, אמת'ער פרומער איד וואַרט ניט אויף יום כפור; ער מאכט אַלע טאָג זיין חשבון הנפש, אַ רעכענונג פון זיין לעבען, אויב זיין אויפפירונג שטימט מיט די פאָדערונגען פון גאָט, מיט די פּרינציפּען פון דער תורה; און ווען ער טוט אַן אומרעכט, האָט ער באַלד חרטה, און ער טוט תשובה. פאַר אַזאַ אידען בלייבט יום כפור נאָר אונטערצופירען זיין באַלאַנס; אָבער פאַר דעם גרעסטען טייל מענשען האָט מען געמוזט באַשטימען אַ טאָג, אַמ־ווייניגסטען איין טאָג אין יאָר, ווען זיי זאָלען מאכען זייער חשבון הנפש, ווען זיי דאַרפען תשובה טאָן; און דער טאָג איז באַשטימט געוואָרען דער צענטער טאָג אין תשרי, וועלכער הייסט יום כפור, און וועלכער איז געוואָרען דער הייליגסטער פון אַלע ימים טובים, ווען דער איד רייסט זיך אָפּ פון דער טומעלדיגער וועלט, וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם אַלטעגליכען לע־בען; ער זאָגט זיך אָפּ פון אַלע קערפּערליכע באַדערפעניששען און פאַרגניגענס, און גיט זיך אָפּ אינגאַנצען צו זיין נשמה. ער שטעלט זיך תפלה טאָן; ער פילט די שווערינקייט פון זיינע זינד; ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ פון שאַנדע, און קלאַפּט זיך אין האַרצען פון חרטה; ער איז זיך מודה אויף אַלע זיינע פעלערען; מיט טרע־רען אין די אויגען בעט ער, אַז גאָט זאָל אים פאַרגעבען, און ער זאָגט צו, אַז ער וועט שוין זיין גוט, און ער ווייס, אַז „ומודה ועוזב ירוחם, 4)" — דער וואָס איז מודה, ער אַנערקענט זיינע זינד און פאַרלאָזט זיי, וועט באַגנעדיגט ווערען. — ער ווייס, אַז ער שטייט פאַר אַ שטרייענגען ריכטער; אָבער ער פילט, אַז דאָס איז ניט קיין פרעמדער ריכטער, נאָר דער אייגענער פאָטער, וועלכער משפּט מיט פאָטער־ליבע, וועלכער האָט געזאָגט: „שובו אלי, ואשובה עליכם, 5)" — קערט צוריק צו מיר, וועל איך צו אייך מיך ווידער ווענדען.

4. **זינד געגען מענשען.** — אַלע אונזערע זינד קאָנען צע־טיילט ווערען אין צוויי גרופּען: אין איין גרופּע זיינען די זינד, וואָס דער מענש זינדיגט געגען גאָט, און די צווייטע גרופּע זיינען די זינד, וואָס מיר זינדיגען געגען מענשען. און אונזערע לערער,

3) רמב"ם, יד חזקה, הלכות תשובה, פרק ב, הלכה ב.
4) משלי כח, יג.
5) זכריה, א, ג.

די חכמי התלמוד האָבען געזאָגט, אז יום כפור קאָנען פארגעבען ווערען נאָר די זינד, וואָס צווישען מענש און גאָט; אָבער די זינד, וואָס צווישען מענש און מענש, וועלען יום כפור ניט פארגעבען ווערען, אויב מיר וועלען ניט באפרידיגען דעם מענשען, געגען וועלכע מיר האָבען געזינדיגט, 6); האָבען מיר ביי איינעם עפּעס צוגענומען, מוזען מיר דאָס אומקערען; האָבען מיר איינעם באַליידיגט, מוזען מיר בעטען אים, אז ער זאָל אונז פארגעבען; און נאָר דאַן, ווען מיר האָבען צופרידענגעשטעלט אונזער פריינד, וועט אויך גאָט פארגעבען אונז די אומגערעכטיגקייט; אָבער אזוי לאַנג ווי מיר האָבען זיך ניט ריין געוואשען פון די זינד געגען אונזערע מיט־מענשען, וועט יום כפור גאָר ניט העלפען. מיר קאָנען א גאַנצען טאָג קלאַפּען זיך אין הארצען „על חטא", און מיר וועלען ארויס דיזעלבע שולדיגע, אומגערעכטע און אומריינע, ווי מיר זיינען געווען פאר יום כפור. דער גאון מהר"ץ חיות זאָגט, אז געגען די זינד צווישען מענשען און גאָט, איז גאָט אליין אי דער אָנקלאָגער, אי דער ריכטער; דעריבער קאָן ער זיין א גוטער און מוחל זיין; אָבער אויף די זינד, וואָס זיינען באגאנגען געוואָרען געגען מענשען, איז גאָט נאָר דער ריכטער; און, אויב ער וועט זיין גוט צום אָנגעקלאָגטען, וועט עס זיין אן אומרעכט געגען אָנקלאָגער, 7). דערזעלבער געדאנק ווערט שיין ארויסגעזאָגט אין דער הפטרה, וואָס מען לייענט יום כפור. דאָס זיינען די ווערטער פון אונזער גרויסען נביא ישעיה. ער זאָגט: „איז דען אזא פאסטען האָב איך אויסגעקליבען? א טאָג וואָס דער מענש זאָל פּייניגען זיין לייב?... אָט דאָס ווילסטו רופען א וואָלגעפעליגער טאָג פאר גאָט? אין דער ווירקליכקייט אָבער וויל איך אזא פאסטען: עפען די קייטען פון בייזקייט, בינד פאנאנדער די בענדער פון אונטערדריקונג, לאָז אָפּ די פארקנעכטע צו לעבען פריי, יעדען יאָך זאָלט איר צעברעכען, צעטייל דיין ברויט און גיב דעם הונגעריגען, די אָרימע פארפאָלגטע נעם אריין אין דיין הויז, ווען דו דערזעהסט א נאקעטען זאָלסטו אים באקליידען... אָט דאַן, ווען דו וועסט רופען, וועט דיר גאָט ענטפערען, 8)".

5. **פאַרגעבען.** — אזוי ווי יום כפור איז א טאָג פון פארגעבען, פון מחילה; און מיר ווילען, אז גאָט זאָל אונז פארגעבען

---

6) יומא פרק ח, משנה ט.
7) פירוש מהר"ץ חיות, עין יעקב, ראש השנה, פרק א.
8) ישעיה, נח, ה'-י'.

אונזערע זינד, אזוי מוזען מיר פארגעבען די זינד פון די מענשען, וועלכע האָבען געזינדיגט געגען אונז; און ניט נאָר פארגעבען, נאָר טאקע פארגעסען, ארויסרייסען פון הארצען דעם האַס, וואָס מיר טראָגען אויף א מענשען. אונזער תורה לערענט אונז: „דו זאָלסט ניט האסען דיין ברודער אין דיין הארצען, 9). יעדערער פון אונז פילט, אז עס איז זעהר שלעכט צו האָבען פיינט און צו זיין פארהאסט; אָבער מיר דארפען פילען, אז עס איז נאָך פיל ערגער און שווערער צו זיין א פיינט און צו האסען. א האַס, וואָס מיר טראָגען אין אונזער הארצען, פארגיפטעט אונזער אייגענעם לעבען.

דער פילאָזאָף ברוך שפינאָזא זאָגט: „ליבע צו מענשען ברייננט אונז פרייד, און שנאה צו מענשען פארגרעסערט אין אונז דעם טרויער; דעריבער דארף דער מענש, וואָס האָט שכל, געוואוינען זיך צו ליב האָבען אלע מענשען... וואָס מער ליבע דער מענש באזיצט, אלץ ברייטער ווערט זיין וועלט.. און ער לעבט מיט דער גאנצער שאפונג, 10)". אויף די מענשען, וועלכע זינדיגען געגען אונז פערזענליך, אָדער זיי זיינען אין אלגעמיין פארברעכער, דארפען מיר ניט קוקען מיט פאראכטונג און האַס, נאָר מיט רחמנות. אויב מיר האָבען מיטלייד מיט א מענשען, וואָס ליידעט פון א קערפערליכען פעלער, פארוואָס זאָלען מיר ניט רחמנות האָבען אויף דעם מענשען, וועלכער האָט א גייסטיגען פעלער? מיר דארפען אימער געדיינקען די קלוגע ווערטער פון אונזערע חכמים: „והוי דן את כל האדם לכף זכות, 11)" — דאָס מיינט, אורטייל יעדען מענשען פון דער גוטער זייט; און נאָך טיפער איז דער געדאנק אין זייערע ווערטער: „ואל תדין את הברך עד שתגיע למקומו, 12)" — דו זאָלסט ניט פאראורטיילען דיין חבר ביז דו וועסט ניט זיין אויף זיין פלאַץ. דאָס מיינט, אז מיר קאָנען קיינמאָל ניט פאראורטיילען א מענשען, ווייל עס איז אוממעגליך פאר אונז צו זיין פונקט אויף יענעם פלאַץ, אונטער דיזעלבע אומשטענדען, מיט זיין ערציאונג, וואָס ער האָט געהאט, מיט זיין כאראקטער, מיט זיין טעמפעראמענט; און אזוי מוזען מיר קומען צום באשלוס, אז מיר טאָרען ניט אורטיילען א מענשען נאָך זיינע טאַטען, וואָס ער טוט, נאָר מיר דארפען אורטיילען נאָך די אורזאכען, וואָס האָבען געבראכט דערצו. פילע מענשען זינדיגען ניט פון

9) ויקרא, יט, טז.
10) הלל צייטלין, ברוך שפינוזה, ע. 118.
11) פרקי אבות, פרק א׳, משנה ו. 12) שם, פרק ב׳, משנה ה.

שלעכטסקייט, נאָר ווייל זיי זיינען נאַריש און קורצזיכטיג. איבער־הויפּט דאַרפען מיר געדיינקען, אז די מערסטע פאַרברעכענס ווע־רען געטאָן אונטער שלעכט־ווירקענדע אומשטענדען. אין היינ־טיגער געזעלשאַפט ווערט דעם מענשען'ס פּערזענליכקייט באַ־צוואונגען, זיין נשמה ערנידעריגט און זיין כאראַקטער צעבראָכען, דעריבער איז אונזער פליכט צו פאַרגעבען.

6. די עבודה. — די מערסטע תפלות פון יום כפור זיינען דיזעלבע שיינע תפלות, וואָס ראש השנה. נאָר איינינגע זיינען פאַר־פאַסט ספּעציעל צוליב יום כפור. אין אונזערע יום כפור'דיגע תפלות זיינען אויך צוזאַמענגעבונדען אונזער פאַרגאַנגענהייט, די געגענוואַרט און אונזער צוקונפט.

ווי שיין איז די „עבודה". דאָס איז די יום כפור'דיגע גאָטס־דינסט, וואָס דער כהן גדול האָט אָפּגעריכט אין בית המקדש. פון פילע לאַנגע תפלות האָט מען דאַן נאָך ניט געוואוסט. אין קורצע זאַצען פון איינינגע ווערטער האָט דער כהן גדול אויסגעדריקט זיין געבעט. קורץ איז געווען זיין תפלה, אָבער איינדרוקספאָל. איינ־ציגע ווערטער, אָבער יעדעס וואָרט האָט זיך צעטראָגען ווי אַ דונער, און האָט אויפגעטרייסעלט די נשמה פון פאָלק. ווען מען האָט דערהערט גאָטס נאָמען דייטליך אַרויסגערעדט פון כהן גדול'ס מויל זיינען אַלע געפאַלען מיט זייערע פּנים'ער צו דער ערד. זיי האָ־בען דערפילט, אז גאָט איז נאָענט צו זיי.

ווען איך הער די עבודה, איבערהויפּט, פון אַ גוטען האַרציגען חזן, טראָג איך זיך איבער אינגאַנצען צו יענער ווייטער פאַרגאַנ־גענהייט, ווען מיר זיינען געזעסען אין אונזער אייגען לאַנד. עס שטעלט זיך מיר פאָר דער בית המקדש, וועלכער איז געווען די שענסטע געביידע אין דער וועלט; איך זעה פאָר זיך דאָס הער־ליכע בילד פון כהן גדול מיט דעם גרויסען עולם; איך דערפיל זייער באַגייסטערונג; מיין האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט אַ טיפער שמערצליכער בייַנקעניש, איך בייַנק נאָך אונזער אַלטע היים, און איך וויין ווי אַ קינד, וואָס בייַנקט נאָך זיין ליבער מוטער.

7. עשרה הרוגי מלכות. — מיר זאָגען אַ שטיק מחזור, וואָס דאָס איז ניט קיין תפלה, נאָר דאָס איז אַ בלאַט פון אונזער געשיכטע, וואָס איז געשריבען מיט אונזער בלוט. עס ווערט דער־ציילט וועגען צעהן גרויסע געלערטע אידען, וועלכע זיינען געטויט געוואָרען פון דער רוימישער גרויזאַמער רעגירונג. דעם גרויסען גע־

לערענטען און גייסטרייכען רבי עקיבא, מיט וועלכען די גאנצע מענשהייט האט געמעגט זיין שטאלץ, איז פאראורטיילט געווארען צום טויט. מיט אייזערנע קאמען האט מען פון אים לעבעדיגער־הייט געריסען שטיקער פלייש, און זיין הייליגע נשמה האט זיך גע־שיידט פון קערפער, ווען ער האט אויסגעשריען: „שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד״. רבי ישמעאל איז צום אומגליק געווען זעהר א שיינער, האט דעם רוימישען קייסער׳ס טאכטער געבעטען, אז מען זאל פון דעם שיינעם פנים לעבעדיגערהייט אראפשינדען די הויט; און דער פרינצעסינס פארלאנג איז געטאן געווארען. דעם אלטען רבי חנניא בן תרדיון, האט מען געהייסען לעבעדיגערהייט פארברענען; און די רוימישע טייוואלים אין מענשען געשטאלט האבען אויף דעם אלטענ׳ס ברוסט ארויפגעלעגט נאסע וואל, אום דאס ברענען זאל זיין לאנגזאמער, און די מאטערנישען זאלען זיין די שרעקליכסטע.

מען לייענט אט די שוידערליכסטע שטיק געשיכטע, און די הערצער ווערען צעריסען אויף שטיקער, דערמאנענדיג זיך אויף די מיליאנען אידישע מארטירער פון דאן ביז היינטיגען טאג.

8. נעילה. — פיל מאל איז מיר אויסגעקומען צו שיידען זיך מיט מיינע ליבע. ווען איך בין נאך א קינד געווען, האב איך גע־דארפט פארלאזען מיין היים און גיין לערנען אין א ישיבה. איך געדיינק דעם לעצטען מאמענט, ווען מיין זעליגע מוטער האט מיך צוגעדריקט צו איר ברוסט, געקושט און נאס געמאכט מיין געזיכט מיט אירע הייסע מוטערליכע טרערען, און מיין קינדערש הארץ האט שטארק געקלאפט, און מיין קערפער האט געציטערט ווי א יונג בוימעלע אונטער א שטארקען שטורם. נאך א קוש, נאך א ברכה, און מיר האבען זיך צעשייד...

מיט אייניגע יארען שפעטער האב איך געדארפט פארען זוכען פרנסה, און איבערלאזען א זיסע היים מיט א ליבער פרוי מיט טייערע קינדערלאך. א גאנצען טאג האט מען זיך געזעגענט, גע־רעדט און געוויינט; און ווען עס איז געקומען דער לעצטער מא־מענט, האבען זיך אפגעזוכט נייע רייד. מיין צונג רירט זיך שוין פון ארט, און עס ווילט זיך אויסריידען נאך א ווארט, נאך אמאל א קוק טאן, און אויסשרייען דעם לעצטען „זייט געזונט!״...

יום כפור צו נעילה דערוועקען זיך אין מיר אויך דיזעלבע גע־פילען פון שיידען זיך, און זעגענען זיך אין דעם לעצטען מאמענט.

א גאנצען מעת לעת תפלה געטאָן, אויסגערעדט דאָס הארץ, און אַט קומט דער לעצטער מאָמענט, איך דארף זיך שיידען מיט דער הייליגער שטימונג, איך דארף פארלאָזען די גייסטיגע ספערע, און אריינוואַרפען זיך צוריק אין דעם שטורעמדיגען ים פון לעבען. דאָס הארץ פאנגט אָן צאַפּלען זיך, עס ווילט זיך נאָך עפּעס זאָגען...

אלע אין שול יונג און אלט שטייען שטיל מיט א טיפער ערנסטקייט; און דער חזן פאנגט אָן צו זינגען דעם קדיש פון נעילה. די לעצטע שטארלען פון דער זון דרינגען אריין דורך די פענסטער און באלייכטען די בלייכע פּנים'ער פון די מענשען, וואָס פאסטען שוין א מעת לעת. דער חזן זינגט, און די אומעטיגע הארציגע טענער פון דעם קדיש־נגון פליסען אריין אין אונזערע הערצער, און הויבען אונזערע נשמות צו העכערע וועלטען, וואו דער גייסט פון דעם מענשען באהערשט דעם קערפּער, וואו די הימעלשע נשמה־שטראלען צעטרייבען די ערדישע לעבענס־וואָלקענס. מיט ערפורכט און ליבע פאנגען מיר אָן אויסצודריקען אונזערע געפילען. מיר זאָגען „אתה נותן יד לפושעים" — דו גאָט גיסט דיין האנט צו די פארברעכער, אז זיי זאָלען זיך צוריקקערען צו דיר, און דיין רעכטע האנט איז אויסגעשטרעקט אויפצונעמען די צוריקקערענדע, דו ווילסט דאָס צוריקקערען פון די זינדיגע, און דו ווילסט ניט זייער טויט.....

און מיר פארענדיגען די תפלות מיט אונזער געבעט און האָפענונג „לשנה הבאה בירושלים".

אַט אזוי פארברייגגט דער איד דעם טאָג יום כפור אין תפלה און אין תשובה. מיט הייסע טרערען האָט ער אראָפּגעשווייגקט דעם שטויב פון זיין נשמה און די שווערע שטיינער פון זיין הארצען; און ער קומט ארויס מיט א געלייטערטער נשמה און מיט א פרייליכען הארצען. ער ווערט דערמוטיגט און מיט גוטע האָפענונגען טרעט ער אריין אין דעם נייעם יאָר.

## קאפיטעל 23

# סוכות אין אונזער לאַנד

חג הסוכות. — חג האָסיף.

1. **חג הסוכות.** — די תורה זאָגט: „דעם פופצענטען טאָג אין זיבעטען מאָנאט איז דער יום טוב סוכות... זיבען טעג זאָלט איר זיצען אין געצעלטען... אום אייערע צוקינפטיגע דורות זאָלען וויסען, אז אין געצעלטען האָב איך געלאָזט זיצען די קינדער פון ישראל, ווען איך האָב זיי פון מצרים ארויסגעפירט, 1)" — דאָס הייסט, אז דער יום טוב סוכות איז אן אָנדיינקען, וואָס גאָט האָט אונז באפרייט פון קנעכטשאַפט, און גייענדיג דורכ'ן מדבר האָבען אונזערע עלטערען געוואוינט אין געצעלטען. פערציג יאָר האָבען זיי געוואנדערט אין דער ווילדערניש ביז זיי זיינען געקומען צו זייער לאנד. זיי האָבען פריער געמוזט איבערטראָגען אלע שוועריגקייטען ביז זיי האָבען באקומען זייער אייגען היים.

די סוכה דערמאָנט אונז, אז ווען מיר ווילען דערגרייכען א ציל, מוזען מיר האָבען געדולד, און ניט פארלירען קיין מוט. די מענשען, וועלכע האָבען דאן אין דער מדבר ניט געהאט קיין גע־דולד, האָבען געמוזט אויסשטאַרבען אין דער מדבר. און נאָר די יעניגע, וואָס זיינען געווען פול מיט האָפענונגען און מוט, האָבען אַלץ איבערגעטראָגען, און דערלעבט צו האָבען זייער אייגענע היים.

2. **חג האָסיף.** — דער יום טוב סוכות האָט נאָך א נאָמען און נאָך א באדייטונג. ער הייסט אויך „חג האָסיף", 2). די תורה זאָגט: „ווען איר וועט איינזאמלען די פרוכט פון אייער לאנד, זאָלט איר פייערען זיבען טעג... און איר זאָלט נעמען אן אתרוג, א לולב, א הדס און ערבות, און איר זאָלט זיך פרייען פאר גאָט, 3) דאָס הייסט, אז סוכות איז אויך געווען א פייערטאָג פון ערד־אר־בייטער, אזוי ווי אין אמעריקע „טהענקסגיווינג דעי". און די תורה האָט אָנגעזאָגט: „דו זאָלסט זיך פרייען מיט דיין יום טוב, דו און דיין זוהן, און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט, און דיין דינסט, און דער יתום, און די אלמנה, 4)". אָט אזוי האָט דאָס אידישע פאָלק

1) ויקרא, כג, לג־מד.
2) שמות, כג, טז.
3) ויקרא, כג, לט־מ.
4) דברים, טז, יד.

געפייערט זיין יום טוב סוכות, ווען ער איז אין זיין אייגען לאַנד געזעסען. דאָס לאַנד האָט מיט מילך און האָניג געפליסט; בערג און טאָלען זיינען געווען באַדעקט מיט פעלדער תבואה און מיט וויינגערטנער; און דער איד האָט זיין סוכה געמאַכט פון די צווייַגען פון אָליוו בוימער און פון מירטען בוימער. פון זיין אייגענעם גאָרטען האָט ער גענומען דעם שיינעם אתרוג, און מיט א פרייליכען הארצען האָט ער דערמאָנט זיין וואַנדערען אין דער מדבר.

מיט טויזענטער געסט פון דעם גאַנצען לאַנד זיינען די גאַסען פון ירושלים פול געווען. די יונגע כהנים האָבען זייערע הייליגע קליידער אין בוימאויל געטונקט און פאַקעלען געמאַכט צו באַלייכטען די גאַסען פאַר דעם פאָלק, וועלכע האָט ווי א פליסיגער קוואַל געשטראָמט צום בית המקדש, וואו די הייליגע געזאַנגען פון אונזער קעניג דוד'ס תהלים האָבען זיך צוזאַמענגעמישט מיט די זיסע טענער פון די האַרפען און פידלען, און האָבען טיף אריינגעדרונגען אין די הערצער פון דעם געזונטען, מונטערען און גליקליכען אידישען פאָלק.

## קאַפּיטעל 24

# סוכות אין גלות.

דער איד בלייבט איינגעשפּאַרט. — אונזער גלות סוכה.

און זי, די סוכה, חא־חא־חא!...
איך טו א בלאָז — איין אוינענבליק —
שוין, דוכט זיך, פאַלען גרייט,
זי בוינט זיך, וויגט זיך, טרייסלט זיך...
אָט קראַכט זי, אָט צושיט זי זיך...
און זעהסט? — זי שטעהט, זי שטעהט!...
(ש. פרוג, „אין סוכה".)

1. **דער איד בלייבט איינגעשפּאַרט.** — דער מעכטיגער רוים האָט דאָס אידישע לאַנד חרוב געמאַכט, און דאָס אידישע פאָלק פון זיין היים פאַרטריבען. פאַרשמאַכט פון הונגער און דורשט, באָרפוס און נאַקעט האָט מען דעם אידען געטריבען צווישען גרויזאַמע באַרבאַרישע פעלקער. און מען האָט צו אים געזאָגט: „אויב דו וועסט פאַרלאָזען דיין גאָט און דיין תורה, וועסטו גלייך מיט אונז געניסען פון לעבען; און, אויב דו וועסט בלייבען איינגעשפּאַרט, און האַלטען זיך ביי דיין גאָט און ביי דיין תורה, זאָלסטו וויסען, אז שווערד און פייער דערוואַרטען דיך". און דער איד איז

געבליבען איינגעשפּאַרט, פעסט געהאַלטען זיך ביי זיינע פּרינציפּען, ביי זיינע אידעאַלען, ביי זיין ריינעם גלויבען אין גאָט און ביי זיין הייליגער תורה. דער איד איז זיכער געווען, אז זיין גייסטיגער לעבען וועט אים געבען קרעפטען איבערצוטראָגען די קערפּערליכע ליידען; און אום צו דערפרישען די גייסטיגע קרעפטען האָט ער אָפּגעהיט זיין שבת און זיינע ימים טובים, מיט זייערע היסטאָרישע עראינערונגען און מיט זייערע איינדרוקספולע פּאָעטיש־רעליגיעזע טראַדיציאָנען.

2. **אונזער גלות סוכה.** — און דער איד האָט אויך אין גלות זיין סוכה געבויט, ניט פון אָליוו און מירטען ביימער, נאָר ווי אונזער פּאָעט פרוג זאָגט:

> א טיר, א לאָדען — אלץ געשלעפּט,
> צום בנין אלץ גענומען,
> די מולטער מיט דעם לאָקשענברעט
> איז אויך צונוץ געקומען.

און אָט די אָרימע גלות־סוכה האָט אין דעם אידען דערוועקט א נשמה'דיגע, וואַרימע, ערהאבענע שטימונג, און זיין הארץ איז פול געוואָרען מיט האָפענונג, אז דער גאָט, וואָס האָט זיין פאָלק ישראל דורכגעפירט בשלום דורך דעם שרעקליכען מדבר, און געבראכט צו זיין אייגען לאנד, וועט אויך איצט באשיצען זיין פאָלק, און ברייגגען צוריק צו זיין היים.

און ניט נאָר די עראינערונג פון חג הסוכות האָט דער איד געפייערט, נאָר אויך דעם יום טוב פון „חג האסיף". קלייבענדיג ברעקלאך פון פרעמדע טישען, האָט דער איד געפייערט א יום טוב פון איינזאמלען די פרוכט פון פעלד. און אתרוג האָט ער געקויפט פון פרעמדע גערטנער, וועלכע זיינען פרוכטבארער געוואָרען פון די איינגעזויגענע פארגאָסענע אידישע בלוט; און אָט דעם פרעמדען אתרוג האָט דער איד מיט ליבע געדריקט צו זיין צעווייטאָגטער ברוסט. דאָס האָט אים דערמאָנט דאָס לאנד, וואו אתרוגים וואקסען, און וואוהין גאָט האָט אים פארזיכערט צוריק צו ברייננגען.

אין די נייגצען הונדערט יאָר פון זיין גלות האָט דער איד געזעהן ווי די שטארקסטע פעסטונגען זיינען געפאלען, פּראכטפולע טעמפּלען און פּאלאצען זיינען פארניכטעט געוואָרען, און זיין קליינע אָרימע סוכה'לע איז גאנץ געבליבען.

## קאַפּיטעל 25

# שמחת תורה

די באַדייטונג פון שמחת תורה. — ווי אַזוי אידען פרייען זיך.

וואו א טראָפּען נאָל פאַרבאַרגען,
וואו א וועה און וואו א וואונד —
אויסגעטאַנצט מוז דאָס היינט ווערען
ביז צום סוף און ביז צום גרונד!
(ח. נ. ביאַליק, א פּרעהליכס.)

1. **די באַדייטונג פון שמחת תורה.** — די גאַנצע תורת משה — דער חומש — איז צעטיילט אויף פיר און פופציג סדרות. יעדען שבת לייענט מען א סדרה, און אמאָל צוויי סדרות. אין א יאָר צייט פאַרענדיגט מען די גאַנצע תורה. דער ערשטער טאָג נאָך סוכות איז באַשטימט געוואָרען צו פאַרענדיגען און אָנצופאַנגען די תורה. און אַזוי איז דאָס געוואָרען דער יום טוב „שמחת תורה", דאָס מיינט, די פרייד פון דער תורה. ווען דער איד דריקט אויס זיין פרייד וואָס ער האָט אַזאַ תורה, וועלכע האָט אים אימער באַשיצט נעגען דער גרויזאַמקייט פון דער וועלט. ניט נאָר די מצוות פון דער תורה און די מאָראַלע אויפפירונג האָבען באַשיצט דעם אידען אין די ערגסטע אומשטענדען, נאָר דאָס לערנען די תורה איז אויך געווען איינער פון די בעסטע מיטלען צו פאַרשטאַרקען דעם אידי־שען גייסט צו קאָנען איבערטראָגען אַלע פאַרפאָלגונגען. יעדער איד פון קליין ביז גרויס האָט אין דער תורה געפונען א גייסטיגע שפּייז נאָך זיין פאַרשטאַנד נאָך. דער אינגעלע, לערנענדיג די תורה, האָט אין יעדער פּאַסירונג אַנטייל גענומען. פאַר אים זיינען דאָס געווען ניט קיין איינפאַכע דערציילונגען, ער האָט געפילט א ליבע און אכטונג צו יעדען וואָרט; און יעדען נאָמען, וואָס ער דערמאַנט, ווערט נאָענט צו זיין קינדערשער נשמה. ווען מען טרייבט אַרויס אָדם׳ן און חוה׳ן פון גן עדן, דערוועקט זיך אין אים א גרויס רחמנות צו זיי; ווען מען פאַרקויפט יוסף׳ן, וויינט ער ביטער; ווען מרים פאַנגט אָן צו זינגען און טאַנצען, הויבען זיך ביי דעם אינגעלע זיינע קינדערשע פיסעלאַך. אַט אַזוי איז ער פון קינדווייז אָן באַצויבערט געוואָרען פון די מעשות אין דער תורה; און שפּעטער, אויב ער איז אויסגעוואַקסען א פּשוט׳ער איד, ניט

קיין לערנער, האָט ער אין דער תורה געפונען א קוואל פון ערנסטען גלויבען, פון ערמוטיגונג, פון טרייסט און האָפענונג; און, אויב ער איז אויסגעוואקסען א למדן, האָט יעדעס וואָרט אין דער תורה ארויסגערופען ביי איס די טיפזיניגע דערקלערונגען פון תלמוד און די שיינע געדאנקען פון מדרש, און פאר דעם אידישען פילאָזאָף איז די תורה געווען דער פונדאמענט, אויף וועלכען ער האָט גע־בויט זיינע פילאָזאָפישע טעאָריען. און דעריבער האָבען אַלע אידען צוזאמען געפרייט זיך אין דעם טאָג פון שמחת תורה.

**ווי אַזוי אידען פרייען זיך.** — אונזער גרויסער דיינקער און פּאָעט רבי יהודה הלוי האָט געזאָגט: „דערנעענטערען זיך צו גאָט קאָן מען דורך מורא, דורך ליבע און דורך פרייד. אונטערטעניג זיין אין א טאָג פון פאסטען קאָן ניט מער דערנעענטערען צו גאָט איידער פרייען זיך שבת און יום טוב, אויב די פרייד איז מיט כונה און מיט'ן גאנצען הארצען, 1).

ניט נאָר רבי יהודה הלוי, נאָר דאָס גאנצע אידישע פאָלק האָט פארשטאנען, אז דינען גאָט דאַרף מען ניט נאָר מיט פאסטען און קלאָגען, נאָר אויך מיט עסען און טרינקען און פרייליך זיין, אויב מען האָט דערביי א העכערע כונה צו וועקען אין אונז שענערע גע־פילען; און, אויב די פרייד קומט פון טיפען הארצען און פון א ריינער נשמה.

איך פּערזענליך האָב פון קינדווייז אָן גענומען אנטייל אין אַלע רעליגיעזע פליכטען. תשעה באָב בין איך גלייך מיט אַלע אַלטע אידען געזעסען אויף דער ערד, קינות געזאָגט, און מיט'ן גאנצען הארצען געקלאָגט אויף חורבן בית המקדש. יום כפּור האָב איך גלייך מיט אַלעמען געוויינט, געשלאָגען זיך אין הארצען „על חטא", און געבעטען גאָט, אז ער זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד. ווען איך בין אַלט געווען עלף יאָר האָט מען מיר געהייסען פאסטען א האלבען טאָג יום כפּור. דערפאר אָבער האָב איך פולען אנטייל גענומען אין דער פרייליכקייט פון שמחת תורה. צו הקפות האָב איך געטאנצט אין איינעם מיט אַלע אידען, איך האָב געזונגען גלייך מיט אַלעמען, און האָב געפילט, אז דאָס איז אויך מיין שמחה, איך האָב שוין אויך געלערענט די תורה.

איצט, ווען איך בין שוין אַלט געוואָרען, און האָב הינטער זיך צענדליגע יאָרען פון באאָבאכטונגען אין דער גרויסער וועלט, סיי

1) זעה דעת אלהים, פון דר. ש. ברנפלד, ז. 203.

אין דער אידישער און סיי אין דער ניט־אידישער; ווען איך בין שוין אָנגעזען געווען אויף פארשידענע שמחות, אונטערהאלטונ־גען און אמוזירונגען; ווען איך בין שוין געווען אין טעאַטערען, געהערט גוטע אָפּערעס, און שיינע קאָנצערטען פון מוזיק און פון זינגען; אָט איצט ערשט באוואונדער איך דעם אמאָליגען אידישען שמחת תורה. אין היינטיגע אמיוזמענטס זעה איך אַ פאָרשטעלונג אָדער אַ קאָנצערט, וואו איינער, אָדער אייניגע שפּילען, אָדער זינ־גען; און פון פּובליקום האָבען נאָר אייניגע מענשען אַן אמת'ן גייסטיגען פארגניגען פון דער קונסט, אָבער די מערסטע זיינען נאָר געקומען צוליב צייט פארטרייבען, זיי באגרייפען גאָר ניט די קונסט, זיי דרעמלען, אָדער זיי לאַכען וואו מען דאַרף וויינען.

שמחת תורה איז ניט געווען קיין פאָרשטעלונג דורכגעפירט פון איינצעלנע מענשען, נאָר דאָס איז געווען דער לעבען אליין, דורכגעפירט פון אלעמען צוזאמען. דאָס איז געווען אַ קאָנצערט פון אַ גאַנץ פאָלק. אָט זעה איך איצט פאַר זיך דעם אלטען רב, ווי ער זינגט הארציג „תורת ד' תמימה משיבת נפש, 2) און אלע זינגען מיט. ער פארענדיגט און זאָגט: „יע ברידער, גאָט'ס תורה איז אַ פולשטענדיגע, זי איז מחיה די נשמה". און אָט האָט לייבקע דער שניידער צעשפּרייט זיינע דאַרע הענט, און האָט אָנגעפאנגען צו זינגען „בך בטחו אבותינו בטחו ותפלטמו, 3)" און לייבקע וויל ווייזען, אז ער וויים וואָס ער זאָגט, זינגט ער די זעלבע ווערטער אין אידיש „אויף דיר, גאָטעניו, האָבען זיך פארטרויט אונזערע על־טערען, און דו, גאָטעניו, האָסט זיי געהאָלפען". ער זינגט מיט הארץ, מיט נשמה, און דער גאנצער עולם זינגט מיט אים. עס ווערט אַ ווײלע שטיל; און שלום, דער קאַלטער מתנגד, פאנגט אָן שטי־לערהייט צו זינגען „שור שנגח את הפרה". זיין לומדישע נשמה געפינט איר געזאַנג אין דער טרוקענער משנה. שפּרינגט אַרויס בנימין דער מלמד, אַ יונגער מאַן אַ ברען, אַ חסיד, און צעזינגט זיך מיט אַ ברענענדיגער התלהבות אַן אוקראַינער ליד, ווי אַ נאַקעטער זיצט אויף שטעכיגע גראָז און פארריכט זיינע אלטע קליידער. אין יעדען וואָרט פילט מען, אז בנימין האָט עפּעס אַן אנדער כונה, אַ טיפערע מיינונג, פון די איינפאַכע ווערטער וואָלט ער ניט ווערען אזוי באגייסטערט. פאַר אַן אָרימען מענשען וואָלט ער ניט אויס־

2) תהלים, יט, ח.
3) תהלים, כב, ה.

דריקען אזא טיפען הארציגען צער. איך פארשטיי, אז דער נאקע־טער אָרעמאַן איז ביי בנימינ׳ען דאָס פאָלק ישראל, וועלכער זיצט אויף דערנער און פאַרריכט די צעריסענע קליידער, ווי חסידים רו־פען עס „מתקן זיין די נשמה״. זינגט ער ווייטער די גויאישע, כאָכלישע ווערטער מיט דעם אומעטיגען אוקראַאינער נגון, און פאַר־ענדיגט יעדען פערז מיט א פריילינען אויסגעזאנג: „יחביאנו צל ידו תחת כנפי השכינה״.

יאָ, דאָס זיינען געווען פארשיידענע שטימען, פארשיידענע גע־זאנגען, פארשיידענע ווערטער, און דאָך האָט עס אלץ געהארמאָ־נירט, און צוזאמענגעגאָסען זיך אין איין שיינעם פאָלקס־געזאנג.

און ווען איך זעה איצט ווי אזוי מען טאנצט, זעה איך, אז דאָס זיינען נאָר קערפערליכע באוועגונגען, אויסגערעכענטע טריט, און זייער ענטוזיאזם איז נאָר א ליידענשאפטליכער, א תאוה׳דיגער; און איך דערמאָן זיך אויף יענעם שמחת תורה׳דיגען טאנצען. דאָרט האָבען געטאנצט די נשמות מער פון די קערפערס. מענשען האָבען פון זיך אראָפגעוואָרפען אין גאנצען דעם אלטעגליכען, וואָכעדיגען לעבען, אויפגעהויבען זיך אין א לויטערער געטליכער ספערע, און פארגעסען נויט און פארפאָלגונגען, ווייל זייער גאנצע נשמה איז איבערגעפילט געוואָרען מיט ליבע, מיט דער אייביגער היילינער ליבע, ליבע צו גאָט און ליבע צו אונזער שיינער תורה.

## קאַפּיטעל 26

# די חנוכה ליכטעלאך

**חנוכה מיט מיין זיידען. — חנוכה מיט מיינע אייניקלאך.**

פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט
און צוקונפט, אַלע דריי,
זיי זיינען שוועסטער לייבליכע
זיך בלייבען תמיד טריי —....
(יהואש „דער ליכט כאַר")

די ערשטע נאַכט חנוכה.

**1. חנוכה מיט מיין זיידען.** — מיין זיידע אלי, מיין מאַמע'ס טאַטע, איז אין יענער צייט אַלט געווען נאָענט פון נײַנציג יאָר. דאָס איז געווען חנוכה צו דער פינפטער ליכטעל. עס זיינען זיך צונויפגעקומען דעם זיידענ'ס זיהן מיט זייערע ווייבער, זיינע טעכטער מיט זייערע מענער, און פיל אייניקלאך און אור־אייניק־לאך. דער זיידע האָט אָנגעצונדען דעם „שמש"; ער האָט זיך אויסגעגלייכט, און מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום חנוכה לעמ־פּעל. איך האָב זיך צוגערוקט נאָענט, איך זאָל קאָנען קוקען אין זיין פּנים. אין שטוב איז שטיל געוואָרען. אַלע האָבען זיך צע־שטעלט ארום דעם זיידען מיט גרויס דרך ארץ. זיינע קינדער, אייניגע מים גרויע קעפּ, מיט זייערע אייניקלאך ארום זיי, זיינען געשטאַנען מיט ערפורכט ווי קליינע געהאָרזאַמע קינדער. מיט א ווייכען זיסען קלינגענדיגען קול האָט דער זיידע ארויסגעזונגען די ערשטע דריי ווערטער פון דער ברכה. זיין שטימע האָט זיך צע־שפּרייט איבער אַלע צימערען; און אין מיינע אויערען האָט אָפּ־געקלונגען פון אַלע ווינקעלאך אזוי ווי אן עכאָ אין וואַלד, ווען איך זינג דאָרטען. דער זיידע זאָגט ווייטער די ברכות אַלץ מיט מער וואַרימקייט און הארציגקייט. איך קוק אויף דער ליכטיגקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסען אויף זיין אַלטען פּנים, און איך דערמאָן זיך, ווען משה רבנו איז אראָפּגעקומען פון בארג סיני „קרן עור פּניו" — האָבען זיך פון זיין פּנים פאַרשפּרייט ליכטשטראַלען. דאָס איז א געטליכע ליכטיגקייט.

מיט גרויס כונה האָט דער זיידע געזאָגט „הנרות הללו" און „מעוז צור ישועתי". אַלע זיינען געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף איין פּלאַץ, און האָבען געשלונגען יעדעס וואָרט. ווען דער זיידע

האָט געענדיגט, האָבען אַלע צעזעצט זיך ארום טיש. מען האָט גענומען דערלאַנגען פעטע לאַטקעס, געבראָטענע גענז און גענזענע גריבענעס, וועלכע איך האָב זעהר שטארק ליב געהאַט. דער עולם עסט און טרינקט; מען גלייכוווערטעלט זיך, מען רעדט אַביסעל וועגען פּרנסה; און דער זיידע, וועלכער איז אימער געווען ליבליך און פריינדליך, האָט אויך אנטייל גענומען אין די געשפּרעכען. פּלוצלונג זאָגט דער זיידע: „קינדער, קומען צוזאַמען, עסען און טרינקען לכבוד חנוכה איז א גאַנץ שיינע זאַך; מיר דאַרפען אָבער ניט פאַרגעסען, אַז ווען אידען האָבען א מאָלצייט צוזאַמען, דאַרף מען הערען ביים טיש דברי תורה. אַלע זיינען שטיל געוואָרען; און דער זיידע ווענדעט זיך צו מיר און זאָגט: „דו, איסר, קום נאָר אַהער צו מיר".

איך בין דאַן אַלט געווען זיבען יאָר. איך בין שוין קלאָר געווען אין גאַנץ תורה און נביאים ראשונים, געלערענט שוין רש"י און אָנגעפאַנגען „לקח טוב". דער זיידע האָט מיך אוועקגעזעצט נעבען אים, האָט אַ גלעט געטאָן מיין באַק, און פרעגט מיך: „קאָנסטו אויסוויינינג על הנסים?". ענטפער איך אים „יע" — קאָנסטו פאַרטייטשען על הנסים? פרעגט מיך דער זיידע, קוקענדיג מיר אין די אויגען גוטמוטיג און ליבליך. —" דאַכט זיך, אַז איך וועל קאָנען, ענטפער איך אביסעל דערשראָקען.

איך פאַנג אָן גאַנץ שטיל צו זאָגען און פאַרטייטשען: „אין די טעג פון מתתיהו כהן גדול ... ווען עס איז אויפגעשטאַנען די שלעכטע קעניגרייך פון יון אויף דיין פאָלק ישראל צו מאַכען זיי פאַרגעסען דיין תורה, און צו מאַכען זיי איבערטרעטען דיינע געזעצען"... איך רייד, און אַלע הערען, ווער איך ביי זיך מוטיגער, און ווער אַליין באַגייסטערט פון די ווערטער. איך זאָג מיט האַרץ: „ואתה ברחמיך הרבים" — און דו, גאָט, מיט דיין גרויס רחמנות ביסטו געשטאַנען פאַר זיי אין דער צייט פון זייער צרה, דו האָסט געקריגט זייער קריג ... דו האָסט איבערגעגעבען די שטאַרקע אין דער האַנט פון די שוואַכע"... איך זאָג, און דער זיידע נעמט ניט אַראָפּ זיינע אויגען פון מיר. איך באַמערק ווי צוויי טרערען האָבען ארויסגעפּליסט פון זיינע אויגען, און אריינגעפאַלען אין זיין זילבערנער באָרד. מיין מאַמע קוקט אויף מיר און אויף איר טאַטען; איר פּנים שיינט פון נחת, און אירע אויגען גיסען שטראָמען טרערען, טרערען פון פרייד, פון גליקזעליגקייט.

ווען איך האָב געענדיגט, האָט דער זיידע ארויפגעלייגט זיינע

הענט אויף מיין קאָפּ, און געבענשט מיך, אזוי ווי ערב יום כפור פאר כל נדרי. דערנאָך האָט ער מיר א גוטען קוש געטאָן, און גע־געבען מיר חנוכה־געלט. די פעטערס מיט די מומעס האָבען אויך געגעבען מיר חנוכה געלט. דער זיידע האָט איבערגעציילט מיין פּאַרמעגען, און האָט געזאָגט מיט א שמייכעל: „כשר פאַרדינט, איצטער וועל איך דיר דערציילען, און דו וועסט מיר געבען חנוכה־געלט". און ער האָט גענומען זאָגען: „גרויס זיינען געוועןן די נסים אין דער מלחמה, אָבער דער גרעסטער נס איז געווען מיט דעם קריגעלע בוימעל נאָך דער מלחמה. די יונים, די רשעים, האָבען אומריין געמאכט אלץ אין בית המקדש; אפילו דעם בוימעל, וועל־כער האָט געדאַרפט אימער ברענען אין „נר תמיד", האָבען זיי מטמא געווען. די כהנים האָבען געפונען אין בית המקדש א באַ־האַלטענעם קליינעם קריגעלע מיט בוימעל, וואָס דער פיינט האָט ניט אומריין געמאכט. בוימעל איז דאָרט געווען נאָר פאר איין טאָג, און אנדער בוימעל האָט מען אזוי גיך ניט געקאָנט באַקומען אין דעם חרוב'ען לאַנד. האָט גאָט, ברוך הוא, א נס געטאָן, און דאָס ביסעלע בוימעל האָט געברענט אכט טעג; און אָט דערפאר איז ביי אונז חנוכה גאַנצע אכט טעג".

דער זיידע האָט אָנגעשפאַרט זיין קאָפּ אויףביידע הענט, צו־געמאכט די אויגען, א שטאַרקען זיפץ געטאָן, און געזאָגט: „אַי, ליכטיגקייט, ליכטיגקייט, כי נר מצוה ותורה אור, 1) יעדע מצוה איז א ליכט, און די תורה איז ליכטיגקייט".....

2. **חנוכה מיט מיינע אייניקלאך**. — מיינע אמעריקאַני־זירטע קינדער מיט זייערע אמעריקאנער קינדער זיינען געקומען צו מיר צו דער ערשטער חנוכה ליכט. אלע צימערען זיינען שטאַרק באַלויכטען מיט עלעקטרישע באַלייכטונג; און איך צינד מיר אָן מיין קלייניגקע חנוכה ליכטעלע, וועלכע ברייננגט אריין ליכטיגקייט און וואַרימקייט אין מיין נשמה. איך זינג מיר אָפּ „מעוז צור ישועתי", און טו א קוק אויף מיינע אייניקלאך. די קינדערלאך קוקען זיך אָן איינער דעם צווייטען און שטייען פאַרוואונדערט. מען האָט ערשט געפייערט אין סקול דעם קריסטליכען פייערטאָג „קריסטמעס", דעם געבורטסטאָג פון יעזוס'ען. האָבען זיי דאָרט געזעהן א „קריסטמעס טרי", א שיינעם גרינעם בוים באַפּוצט מיט פּראַכטפולע שיינע זאכען, מיט פיל עלעקטרישע לעמפּעלאך פון פאַרשיידענע קאָלירען; און אזעלכע בוימער האָבען זיי אויך גע־

1) משלי, ו, כג.

זעהן ביי זייערע אידישע פריינט אין דער היים. און זיי שטעהען און קוקען, און באוואונדערען דעם זיידען מיט זיין קליין ליכטעלע.

אין מיין גרויען קאָפּ שווימען ארויף די קינדערשע יאָרען. איך טראָג זיך אינגאנצען איבער אויף יענעם זייט ים. איך זעה פאר זיך יענעם חנוכה ביי מיין זיידען... ווי נאָענט איך בין געווען צו מיין זיידען, און ווי ווייט עס זיינען מיינע אייניקלאך פון מיר...

קומט צו מיר, מיינע ליבע, טייערע אייניקלאך, איך וועל אייך דערקלערען, וואָס דאָס קליין ליכטעלע דערציילט אונז. איר גע־דיינקט דאָך, וואָס איך האָב אייך דערציילט פסח וועגען יציאת מצרים, ווי אזוי גאָט האָט באפרייט זיין פאָלק ישראל; איר גע־דיינקט דאָך, וואָס איך האָב אייך דערציילט שבועות, ווי אזוי גאָט האָט אונז די תורה געגעבען, ווי אזוי מיר האָבען געלעבט אין אונזער לאַנד נאָענט צו ניין הונדערט יאָר; און אין יענער צייט האָבען מיר געהאט אונזערע נביאים, די פּראָפעטען, וועלכע זיינען פאראייביגט געוואָרען פאר דער גאנצער וועלט. איך האָב אייך דאָרט דערציילט פון דעם גרויסען פאָלקס־אומגליק, ווי די באבי־לאָנער האָבען אונז באזיגט, חרוב געמאכט אונזער בית המקדש, אלץ פארניכטעט, און אונז פארטריבען קיין בבל. איר געדיינקט דאָך די פרייד, ווען מיר האָבען זיך צוריקגעקערט צו אונזער היים, קיין ארץ ישראל; און דאן איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען אונזער תנ"ך, די גאנצע ביבעל, וועלכע איז טייער ביי אלע געציוויליזירטע פעלקער; דאן האָבען מיר געהאט אונזערע גרויסע גייסטיגע פירער, אונזערע חכמים, וועלכע האָבען פארפעסטיגט אונזער עקזיסטענץ דורך א ריינעם גלויבען מיט שיינע, קלוגע, גערעכטיגע געזעצען. אָט אין יענער צייט, מיט איינאונצוואנציג הונדערט יאָר צוריק, זיינען אויפגעשטאנען געגען אונז די גריכען, און האָבען געוואָלט אינגאנצען אָפּמעקען דעם נאָמען „איד"; און דאן האָט עס גע־טראָפען דער נס חנוכה, וועגען וועלכען איך וועל אייך דערציילען אין די נעקסטע קאפּיטלאך.

## קאַפּיטעל 27

# דער קאַמף צווישען העלעניזם און אידענטום

גריכענלאנד און די גריכישע קולטור. — ארויפגעצוואונגענע קולטור. — אַ קאַמף צווישען צוויי קולטורען. — די מאַקאַבעער און נס חנוכה. — חנוכה אין גלות.

אַ, איהר קליינע ליכטעלאך,
איהר דערצעהלט געשיכטעלאך,
מעשה'לאך אָהן אַ צאָהל.
איהר דערצעהלט פון בלוטיגקייט,
בריה'שאפט און מוטיגקייט,
וואונדער פון אַמאָל....

(מ. ראָזענפעלד, די חנוכה ליכטלאך.)

די צווייטע נאַכט חנוכה.

1. גריכענלאנד און די גריכישע קולטור. — גריכענלאנד פארנעמט דעם דרום־טייל פון דעם באלקאנישען האלב־אינזעל אין דרום אייראָפּע. אין דער קולטור־געשיכטע פון דער מענשהייט פארנעמט גריכענלאנד א גרויסען פּלאַץ. די שאפונגען פון גריכענלאנד שפּילען א גרויסע ראָל אין דער ציוויליזירטער וועלט. מיט ניין הונדערט יאָר פאר קריסטענטום האָבען זיך אין גריכענלאנד אנטוויקעלט צוויי שטאַרקע מלוכות: שפּארטא און אטהען. ביי די שפּארטער איז געווען דער הויפּט צוועק אין לעבען צו דערציען א שטאַרקען מיליטערישען פאָלק; אָבער דער שטאָט אַטהען האָט זיך מער אָפּגעגעבען מיט גייסטיגער אנטוויקלונג. מיט ניין הונדערט יאָר פ. ק. האָט אין גריכענלאנד געלעבט דער באוואוסטער פּאָעט האָמער, וועלכער האָט אין זיינע ווערק „איליאס" און „אָדיסעע" באשריבען מיט א טיפען פּאָעטישען גייסט דאָס גריכישע לעבען: זייער שטאַרקייט, זייער חכמה, און אלע מענשליכע געפילען. אין זעקסטען יאָרהונדערט פאר קריסטוסען האָט זיך אין גריכענלאנד שטארק אנטוויקעלט די לירישע פּאָעזיע. וואו דער פּאָעט גיסט אויס זיינע געפילען אין טיפער באגייסטערונג. דאן האָבען זיי אויך גענומען שאַפען דאָס דראַמע: טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. אויך האָט זיך ביי זיי שטארק אנטוויקעלט די שיינע קונסט, איבערהויפּט סקולפּטור. אין אלגעמיין האָט מען הויך געשאצט בילדונג, נאָר פאר דער פרוי איז בילדונג געווען א פארברעכען, די פרוי האָט געדארפט זיין נאָר פרום און גוט.

די רעליגיאָן פון די גריכען איז געווען געצענדינסט. אפילו אין דער צייט, ווען זיי זיינען שוין געשטאַנען אויף א הויכער שטופע פון קולטור, האָבען זיי נאָך אלץ געהאט זייערע געטער אין דעם געשטאלט פון מענשען; און אלע געטער זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי גרופען: איין גרופע האָט זיך געפונען אויף דעם בארג אָלימפּוס, א צווייטע גרופע זיינען די געטער, וואָס וואוינען אויף דער ערד, און א דריטע גרופע הערשט אויפ'ן וואַסער. און די גריכען האָבען פאַרגעשטעלט זייערע געטער, אז זיי באזיצען אלע מענשליכע געפילען און נייגונגען, און דער גריך האָט געפילט, אז אום צו געפעלען זיין די געטער, דארף מען טאָן וואָס די געטער אליין האָבען ליב צו טאָן, דעריבער איז זייער גאָטעסדינסט באשטאנען אין עסען, טרינקען, ארויסווייזען קערפּערליכע שיינקייט און שטארקייט און דאָס האָט געפירט צו שרעקליכער אויסגעלאסענקייט.

פילאָזאָפיע ביי די גריכען האָט זיך שטארק אנטוויקעלט אין דעם זעקסטען יאָרהונדערט פ. ק. סאָקראַטוס (געבאָרען 469) איז געווען דער ערשטער גרויסער פילאָזאָף. ער האָט געזאָגט, אז נאָר פילאָזאָפיע קאָן ווייזען דעם מענשען דעם וועג אין לעבען. אז דאָס דיינקען איז דער עיקר פאר דעם מענשען. פלאַטאָן (געבאָרען 427 פ. ק.) איז געווען דער צווייטער גרויסער פילאָזאָף. זיינע ווערק זיינען פול מיט טיפען פילאָזאָפישען אינהאלט און זיין שפּראך איז פּאָעטיש. אין זיין בארימטען ווערק „רעפּאָבליק" זאָגט ער, אז אלע מענשען דארפען איינגעטיילט ווערען אין דריי קלאסען: צום ערשטען קלאס באלאנגען אלע געבילדעטע מענשען, וועלכע דארפען רעגירען, און זייער מאכט דארף זיין אומבאגרעניצט; צום צווייטען קלאס באלאנגט די מיליטער; און צום דריטען קלאס באלאנגט דאָס גאנצע פאָלק, וועלכע דארף ארבייטען און געבען די ערשטע צוויי קלאסען אלץ וואָס זיי דארפען צום לעבען. אויך זאָגט ער, אז די העכערע קלאסען דארפען ניט זיין פארבונדען מיט קיין פאמיליע, די פרויען דארפען געהערען צו אלעמען צוזאמען, און די קינדער זאָלען באלאנגען צו דער רעגירונג.

דער דריטער גרויסער פילאָזאָף איז געווען אריסטאָטעל (געבאָרען 384 פ. ק.). גרויס איז ער געווען אין זיין פילאָזאָפיע, און דאָך זאָגט ער, אז קנעכטשאפט איז א נויטווענדיגקייט פאר דער מענשהייט, עס מוזען זיין הארען און קנעכט, און דער מאַן מוז געוועל־

טיגען איבער דער פרוי, און אַ רעגירונג דאַרף זיין אַ מאָנאַרכישע אָדער אַן אריסטאָקראַטישע, און ניט קיין דעמאָקראַטישע, ווייל דעם המון האָט ער געהאסט, און האָט זיי אָנגערופען אַפען (מאַנקים).

אויסער די שולעס פון די אויבענדערמאנטע פילאָזאָפען זיינען נאָך געווען די סאָפיסטען, וועלכע האָבען מיט שיינע רייד געקאָנט פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט פאַלשע ארגומענטען. זייער לערע איז דערגאַנגען דערצו, אז דער מענש דאַרף אַלץ מעסטען נאָך זיך, וואָס פאַר אים איז גוט, אָט דאָס איז גוט. די עפּיקורייער, פון וועלכע עס האָט זיך גענומען דאָס וואָרט „אַפּיקורס", האָבען אַנטוויקעלט אַ לערע, אז דער מענש דאַרף זוכען נאָר פאַרגניגען אין לעבען, און פאַרגניגען מיינט אי גייסטיגער אי קערפּערליכער. נאָך אַ פילאָזאָפישע שולע איז געווען פון די סקעפּטיקער, וועלכע האָבען געלערענט, אז דאָס לעבען איז ניט מער ווי אַ שפּאַס, און דעריבער דאַרף דער מענש זיין גלייכגילטיג צו אַלץ. עס זיינען געווען נאָך פיל פאַרשיידענע טעאָריעס, און זיי אַלע צוזאַמען פאַראייניגט מיט די אַנדערע קולטור אוצרות פון גריכענלאַנד האָבען געטראָגען דעם נאָמען „העלעניזם" פון דעם וואָרט העלען, וואָס מיינט אַ גריך.

2. **אַרויפגעצוואונגענע קולטור.** — ווען אלכסנדר מוקדאן איז געוואָרען קעניג (330 פ. ק.) האָט ער באזיגט גריכענלאַנד, און פיל אַנדערע פעלקער האָט ער באַקעמפט און אונטערטעניג געמאַכט. ארץ ישראל האָט ער אויך איינגענומען. און די מוקדאַנער הערשאַפט האָט ניט נאָר פּאָליטיש פאַראייניגט די פאַרשיידענע פעלקער, נאָר זי האָט זיי אויך פאַראייניגט קולטורעל [1]. אלכסנדר האָט געוואָלט, אז אַלע זאָלען זיך אויפפירען אַזוי ווי די גריכען; נאָר דעם אידישען פאָלק האָט ער ניט געשטערט אין זיין גייסטיגען לעבען, דער איד האָט געקאָנט אָפּהיטען זיין אמונה און לעבען ווי די תורה לערענט אים. שפּעטער אָבער, ווען ארץ ישראל איז אַריינגעפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון דעם סירישען קעניג; און די גריכישע קולטור איז שוין געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין סיריען, האָט מען גענומען מיט געוואַלד אַרויפצווינגען אויף די אידען די גריכישע קולטור; און דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען גריכענלאַנד האָט שוין מער ניט געהאַט אירע גרויסע פילאָזאָפען און פּאָעטען. די שאַפענדע קראַפט פון העלעניזם איז אָפּגעשטאָרבען, דער פרייער געדאַנק און אינטעלעקטועלע ערנסטקייט איז פאַר־

1) M. Radin, The Jews Among the Greeks and Romans, p. 368.

שוואונדען. די גריכען זיינען דאן געוואָרען איינפאכע מאטעריא־ליסטען; און די גריכישע קולטור, וואָס מען האָט פארשפרייט, איז געווען נאָר פון דעם אויסערליכען לעבען פון די גריכען, פון דאָס ערגסטע, וואָס גריכענלאנד האָט פארמאָגט; און דאָס אלץ האָט זיך צונויפגעמישט מיט די גראָבע אינסטינקטען פון די אמאָ־ליגע אזיאטישע פעלקער. די גאנצע קולטור האָט באקומען א העס־ליכע גראָבע פאָרמע מיט א פרימיטיווען אבערגלויבען, מיט אן אויסדרוק פון בארבארישע געפילען און גראָבע ליידענשאפטען, 2).

3. **א קאַמף צווישען צוויי קולטורען.** — עס האָט זיך אָנגעפאנגען א שטארקער קאמף; און דאָס איז געווען א קאמף ניט צווישען צוויי לענדער, ניט צווישען צוויי פעלקער; נאָר צווישען צוויי פארשיידענע קולטורען, צווישען גריכענטום (העלעניזם) און אידענטום, צווישען דעם בארג סיני און דעם בארג אָלימפּוס.

אין דער ווילדערניש האָט זיך באוויזען אויפ'ן בארג סיני דער איינציגער גאָט, און האָט געלאָזט הערען זיין שטימע: „אנכי ה' אלקיך — איך בין דיין גאָט, דו זאָלסט ניט האָבען קיין אנדערע געטער"; און אנטגעגען דעם איינציגען גאָט שטייט א גאנצע מחנה. אויף דעם שיינעם בארג אָלימפּוס געפינען זיך צוועלף גע־טער. דעם אויבענאָן פארנעמט דער מעכטיגער צעאוס, דער הויפּט גאָט און פאָטער פון אלע געטער און מענשען, וועלכער האָט אָפּ־גענומען ביי אלע געטער זייערע ווייבער; און ארום אים שטייען די אנדערער געטער: הערא זיין שוועסטער, וועלכע איז אויך זיין פרוי; אטהענע זיין טאָכטער, וועלכע גיט העלדענמוט אין מלחמה; פון דער זייט שטייט אפראָדיטה, די געטין פון שיינקייט און אויס־געלאסענהייט; און אָט איז באקכוס, דער גאָט פון וויין און דער באשיצער פון אלע שכורים; און אָט איז ארעס, דער שטורמישער גאָט פון מלחמה, און פאסיידאו, דער גאָט פון די ימים.

עס קעמפען צוועלף אנטגעגען איינעם; און דער איד האָט געוויזען, אז ער גלויבט נאָר אין דעם איינציגען גאָט, ער וויל ניט וויסען פון דעם העלעניזם מיט זיין געצענדינסט, פרעמד איז אים די גריכישע קולטור מיט איר וועלט־אנשויאונג. דער געבאָט אין דער תורה: „קדושים תהיו" — איר זאָלט זיין הייליג — איז גע־וואָרען ביי דעם אידען דער מיטעלפּונקט פון זיין אויפפירונג; און וואָס פאר א מחותן קאָן ער זיין מיט געטער פון אויסגעלאסענהייט

2) N. Bentowitz, Hellenism, pp. 54-56.

און פון שכרות? דער איד האָט א תורה, וועלכע לערענט, אז אַלע מענשען זיינען גלייך, און ביי די העלעניסטען זיינען די מענשען איינגעטיילט אין קלאסען, אין העכערע און נידעריגע, אין אַריס־טאָקראטען און שקלאַפען. סאלאן, דער גריכישער חכם, ווען ער האָט געמאכט גרויסע רעפאָרמען, און איינגעפירט א בעסערע אָר־דענונג אין דעם בירגערליכען לעבען, האָט ער דאָך געמאכט אן אויסנאם פאר אויסלענדער; און די אידישע תורה האָט געזאָגט „די זעלבע לערע און די זעלבע רעכט האָט איר און דער פרעמדער, וואָס וואוינט ביי אייך"[3].

די גריכען האָבען צוגעגעבען די גרעסטע באדייטונג דער שיינ־קייט פון דער נאטור, און דער קערפּערליכער שיינקייט און שטאַר־קייט פון דעם מענשען; און ביי די אידען איז העכער פון אַלץ גע־שטאַנען די גייסטיגע שטארקייט און שיינקייט. דער איד האָט אויך ליב געהאט די נאטור, שיין און פארבען־רייך זיינען די באשריי־בונגען פון דער נאטור אין דעם תנ"ך. נעמט, צום ביישפּיל, אין תהלים קאפּיטעל 104, וואו הימעל און ערד, בערג און טאָלען, בוי־מער און גראָזען, חיות און עופות, צוזאמען מיט דעם מענשען ווע־רען צונויפגעגאָסען אין אַ ים פון שיינקייט. דאָס איז אָבער א שיינקייט ניט נאָר צוליב קערפּערליכען געגוס; נאָר דאָס דארף פירען דעם מענשען צו העכערס, אז ער זאָל דערפילען די גאָטהייט, און זאָל זיך פירען ווי גאָט הייסט.

דאָס העכסטע, וואָס גריכענלאנד האָט געשאַפען זיינען אירע פילאָזאָפען מיט זייער פילאָזאָפיע; אָבער די אידישע גייסטיגע פירער זיינען גאנץ אנדערש פון די גריכישע פילאָזאָפען; און די אידישע לערע איז אנדערש פון דער גריכישער פילאָזאָפיע. די גריכישע פילאָזאָפען האָט יעדערער אויסגעאַרבייט אן אנדער טעאָ־ריע, יעדערער האָט געהאט זיין וועג, זיין וועלט־אנשויאונג; און ביי די אידען איז געווען איין פילאָזאָפיע. אָנפאנגענדיג פון משה'ן, נאָכהער די נביאים, און שפּעטער די חכמים, זיינען אַלע געגאנגען מיט איין וועג, אז עס איז פאראן נאָר איין גאָט, און גאָט פארלאנגט פון אונז, אז מיר זאָלען לעבען אין גערעכטיגקייט, מיר זאָלען זיין מאָראליש ריין, און אַלע מענשען זאָלען זיין גלייך.

די גריכישע פילאָזאָפען האָט יעדערער געזוכט צו שאפען זיין אייגענע שולע מיט זיינע אָנהייגער; און ביי אידען איז אַלץ

3) במדבר, טו, טז.

געווען קאָלעקטיוו. די אידישע חכמים זיינען אויך אמאָל געווען פארשידען אין זייערע מיינונגען, אָבער געארבייט האָבען זיי אַלע צוזאמען, מען האָט געדיסקוטירט, יעדערער האָט אָנגעגעבען זיינע ארגומענטען, ביז מען איז געקומען צו א באשלוס. זיי האָבען גע־זוכט נאָר איינינקייט אין זייער לערע, מיט וועלכער זיי זאָלען קאָנען פאראייניגען דאָס גאנצע פאָלק.

דער גריכישער פילאָזאָף זאָגט, אז נאָר פילאָזאָפיע קאָן ווייזען דעם מענשען דעם וועג צום לעבען, אז דאָס דיינקען איז דער עיקר פאַר דעם מענשען, און אז אַלץ דאַרף זיין געבויט נאָר אויף דעם מענשענ'ס שכל; און די אידישע גייסטיגע פירער זאָגען, אז דער עיקר איז ניט די חכמה, נאָר די מעשים טובים, די גוטע טאַטען, די שיינע אויפפירונג. דער נביא זאָגט: „זאָל דער חכם ניט בארימען זיך מיט זיין חכמה... בארימען זיך קאָן דער, וואָס איז בארמהארציג און לעבט אין גערעכטיגקייט", 4); און אונזערע חכמים זאָגען: „לא המדרש עיקר אלא המעשה" 5), אז ניט דאָס דרש'ענען איז דער עיקר, נאָר די מעשים; און אין נאָך א פּלאַץ זאָגען זיי: „ביי וועמען די חכמה איז מער פון זיינע טאַטען וועט די חכמה קיין קיום האָבען" 6).

אין אַלגעמיין איז די גאנצע גריכישע פילאָזאָפיע געווען א לערע פאַר איינצעלנע מענשען; און דאָס גאנצע פאָלק איז גע־בליבען ביי זיינע פרימיטיווע באגריפען. די גרעסטע גריכישע פי־לאָזאָפען האָבען געוואָלט, אז די מאסען זאָלען בלייבען אויף אייביג אומוויסענד און פארשקלאַפט, אום א טייל מענשען, די אריסטאָ־קראַטיע, זאָל קאָנען זיין פארזאָרגט מיט אַלץ און זאָלען קאָנען אנטוויקלען זיך; אָבער די אידישע לערע מיט איר אמת'ן דעמאָ־קראַטישען גייסט איז געגען אזא פילאָזאָפיע. די אידישע תורה און אונזערע גייסטיגע פירער האָבען געשטרעבט איינצופירען אין דעם אַלטעגליכען לעבען פון דעם גאנצען פאָלק אַן אויסדרוק פון דער נאַציאָנאַלער פילאָזאָפיע, 7). אין דער תורה ווערט געזאָגט: „און איר זאָלט מיר זיין א קעניגרייך פון פריסטען" 8), דאָס הייסט, אז אַלע גלייך זאָלען שטרעבען צו דערהויבען זיך צו א העכערען קול־טורעלען צושטאַנד; משה האָט געזאָגט: „איך ווינש, אז דאָס

4) ירמיה, ט, כב־כג.
5) אבות, פרק א, משנה יז.
6) פרקי אבות, ג, משנה יב.
7) N. Bentowitz, Hellenism, pp. 51-53.
8) שמות, יט, ו.

גאנצע פאָלק זאָלען זיין פראָפעטען״9), און דער נביא זאָגט אין גאָט׳ס נאָמען: „איך וועל אויסגיסען מיין גייסט אויף יעדען מענ־שען... אויך אויף די קנעכט און דינסטען וועל איך אויסגיסען מיין גייסט״10). ביי דעם אידישען חכם אָדער נביא איז געווען אן אי־דעאל, אז דאָס גאנצע פאָלק, און שפּעטער די גאנצע מענשהייט, זאָל קאָנען אויסנוצען זיין לערע.

און עס איז נאָך א פראגע, אויב אפילו פאר די אויסערוויילטע האָט די גריכישע פילאָזאָפיע געבראכט די אמת׳ע גייסטיגע צופרי־דענהייט, וועלכע גיט דעם מענשען גליק, 11).

די גריכישע פילאָזאָפען האָבען אין אלגעמיין מער געשוועבט אין די הימלען. זיי האָבען זיך ווייניג גערעכענט מיט דעם אל־טעגליכען געוויינליכען לעבען פון דעם דורכשניטליכען מענשען, און דערפאר זיינען זייערע טעאָריעס געבליבען נאָר טעאָריעס אָהן פּראקטישע דורכפירונגען. דער היסטאָריקער פּראָפעסאָר דזש. ה. ראבינסאָן זאָגט: „די מערסטע פילאָזאָפען האָבען ארויסגעוויזען א גרויסע אומוויסענהייט פון דעם מענשען׳ס לעבען. זיי האָבען געבויט שיינע סיסטעמען, וועלכע זיינען ניט צוגעפּאסט צו ווירק־ליכע מענשליכע אנגעלעגענהייטען 12)״. אָבער די אידישע גייס־טיגע פירער האָבען זיך גערעכענט מיט דעם אלטעגליכען לעבען פון דעם דורכשניטליכען מענשען; און האָבען געזוכט ווי אזוי צו פאר־שענערען דעם לעבען פון אלע מענשען; און זיי האָבען געוואוסט, אז צו די מאסען קאָן מען ניט צוקומען מיט הויכע פילאָזאָפיעס און מיט טיפע געדאנקען; צום פאָלק מוז מען צוקומען מער דורך זיין הארץ, ווייל עס איז ניטאָ קיין זאך אין שכל, וואָס איז פריער ניט געווען אין געפיל, 13). און די לערע פון אידענטום איז אזא, וואָס אפּעלירט פריער צום הארצען, צו דעם מענשען׳ס געפילען; דערי־בער האָט דאָס גאנצע אידישע פאָלק איינגעזאפּט אין זיך די לערע פון אידענטום.

יעצט, קינדערלאך, ווען איר האָט שוין א באגריף וועגען דעם אונטערשייד צווישען העלעניזם און אידענטום, וועט איר קאָנען פארשטיין דעם העלדישען קאמף פון די אידען געגען די גריכען.

4. די מאקאבעער און דער נס חנוכה. — דער גרעסטער

9) במדבר, יא, כט.
10) יואל, ג, א־ב.
11) שד״ל, מאת דר. יוסף קלוזנר, השלוח, כרך 7, עמוד 123.
12) Prof. J. N. Robinson, The Mind in the Making, p. 30.
13) דר. יוסף קלוזנר, השלוח, כרך 7, עמוד 117־118.

אומגליק אויפ'ן אידישען פאָלק איז געקומען ווען אנטיוכוס עפי־פאנעס איז געווען דער הערשער פון סיריען און ארץ ישראל. מיט דער שרעקליכסטער גרויזאמקייט האָט ער פארפאָלגט די אידען. ער האָט געהאסט ניט נאָר דאָס אידישע פאָלק, נאָר אויך דעם אי־דישען גלויבען; און ער האָט באשלאָסען מיט גוואלד צו מאכען די אידען פאר געצענדינער. ער האָט פארבאָטען די אידען אָפ־צוהיטען זייער רעליגיאָן. פאר אָפּהיטען שבת און יום טוב, אָדער פאר תפלה טאָן אין די שולען, האָט מען באשטראָפט מיט טויט. אין בית המקדש האָט מען אוועקגעשטעלט א סטאטוע פון דעם גריכישען גאָט צעאוס, איבער'ן גאנצען לאנד האָט מען צעשטעלט גריכישע געטער, און מען האָט די אידען געצוואונגען צו דינען די געטער.

און עס האָבען זיך געפונען אידען פאררעטער, וואָס זיי איז געפעלען געוואָרען דער פרייליכער אָרט לעבען און די פרייע זיטען פון די גריכען, און זיי האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייער אידישער אויפפירונג; אָבער דער גרעסטער טייל אידען איז געבליבען גע־טריי צו זייער אמונה; און אום צו קאָנען אָפּהיטען אידישקייט, האָבען פיל אידען באהאלטען זיך צווישען די בערג און אין היילען. פיל אָבער האָבען זיך ניט באהאלטען, זיי האָבען געוויזען העלדענ־מוט און זעלבסטאויפאָפּפערונג פאר'ן גלויבען; זיי האָבען בעסער אויסגעקליבען דעם טויט איידער צו פארלאָזען זייער גלויבען. עס ווערט דערציילט ווי א מוטער מיט'ן נאָמען חנה מיט אירע זיבען זיהן האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו דינען צו די גריכישע געטער. האָט מען זיי פארשפארט אין געפענגעניש, וואו מען האָט זיי שרעקליך געפייניגט, און געצוואונגען צו בוקען זיך צו די געטער; אָבער דאָס האָט ניט געווירקט, די מוטער מיט די קינדער זיינען געבליבען גע־טרייע גוטע אידען. האָט דער קעניג געהייסען ברייגגען זיי צו אים; און ער האָט געפאָדערט, אז זיי זאָלען פארזוכען חזיר־פלייש. האָט דער עלטסטער זוהן געזאָגט: „מיר וועלען זיך בעסער דער־ווערגען איידער פארשוועכען אונזער גלויבען". האָט מען דעם יונגענמאן אָפּגעשניטען דעם צונג, די הענט און די פיס, און מען האָט אים ארייגגעווארפען אין א קעסעל מיט קאָכיגע וואסער. זעקס פון די ברידער זיינען שוין אומגעקומען אויף אזא שרעקליכען אופן, און ווען עס איז געקומען צום קלענסטען זוהן, האָט דער קעניג געזאָגט צו דער מוטער, אז זי זאָל הייסען איר קינד פאָלגען, און

רעטען דערמיט זיין לעבען, האָט די מוטער געזאָגט צו איר לעצטען קינד: „שרעק זיך ניט פאַר דעם מערדער, שטאַרב מוטיג פאַר אונזער גאָט און גלויבען!” דער אינגעל איז געטויט געוואָרען, און באַלד האָט מען אויך געטויט די העלדישע מוטער.

ווען די ליידען פון דעם אידישען פאָלק האָבען דערגרייכט די העכסטע שטופע, האָט זיך אין דער שרעקליכער פינסטערניש באַוויזען א ליכטיגער שטערן, דאָס איז געווען די משפחה פון די חשמונאים. אין דעם שטעטעל מודיעין האָט געלעבט אן אלטער כהן מתתיהו מיט זיינע פינף זיהן. ווען די סירישע באַאמטע זיינען געקומען אין שטעטעל און גענומען ריידען צום אַלטען, אז ער זאָל אנטייל נעמען אין דער געצענדינסט, האָט מתתיהו מיט שטאָלץ געזאָגט: „איך מיט מיינע זיהן און ברידער וועלען ניט אָפּטרעטען פון אונזער גלויבען”. און דער אלטער מיט זיינע זיהן און נאָך אייניגע העלדישע אידען האָבען געטויט דעם סירישען באַאמטען, צעשטערט דעם היידנישען מזבח; און מתתיהו האָט אויסגערופען: „מי לד׳ אלי! — ווער עס שטייט פאַר גאָט, זאָל גיין נאָך מיר!”. מתתיהו מיט זיין קליינער צאָל מענשען האָט ניט געקאָנט אַרויסטרעטען אין אָן אָפּענעם קאַמף, פלעגען זיי באַהאַלטען זיך צווישען די בערג, און פון דאָרט באַפאַלען דעם פיינט. ווען דער אלטער מתתיהו האָט געדאַרפט שטאַרבען, האָט ער אָנגעזאָגט זיינע זיהן, אז זיי זאָלען פאָרטזעצען דעם הייליגען קאַמף פאַר זייער גלויבען און פאַר זייער פאָטערלאַנד. דער דריטער זוהן יהודה איז באַזעסען א גייסט פון א קריגער, און א ווארים אידיש האַרץ מיט א שטאַרקען פאַרלאַנג צו באַפרייען זיין פאָלק פון סירישען יאָך, איז יהודה געוואָרען דער קאָמאַנדיר פון זיין קליינער ארמיי. ער האָט באַקומען דעם צונאָמען „מכבי”, דאָס זיינען די ערשטע אותיות פון די ווערטער „מי כמוך באלים ה׳”, און פון דעם וואָרט מכבי האָט זיך גענומען דער נאָמען „מאַקאַבעער”.

יהודה האָט באַגייסטערט און דערמוטיגט זיין קליינע ארמיי, און זיי זיינען אַרויסגעקראָכען פון צווישען די בערג און פון די היילען, און זיינען אַרויסגעטראָטען אין אָן אָפּענעם קאַמף מיט די סירער. ווי צערייצטע לייבען האָבען זיך די אידען געשלאָגען, און געוואונען א שלאַכט נאָך א שלאַכט. האָט דער קעניג אנטיוכוס אַרויסגעשיקט א גרויסע ארמיי מיט צוויי גרעסטע קריגפירער, און האָט אָנגעזאָגט חרוב צו מאַכען ירושלים און צו פאַרניכטען אלע

אידען. האָבען די אידען אָפּגעהאַלטען א פייערליכען גאָטעסדינסט; יהודה האָט די שרעקעדיגע און שוואכערע ארויסגעשיקט פון מחנה; און מיט זעקס טויזענט מאַן האָט ער באַקעמפט דעם פיינט. האָט אנטיוכוס געשיקט נייע גרעסערע ארמייען; און די אידישע ארמיי האָט זיך אויך פארגרעסערט ביז צען טויזענט; און די אידען האָבען צעשלאָגען דעם פיינט, האָבען אָפּגענומען צוריק די שטאָט ירושלים, גענומען צוריק אלץ אויפבויען און אָפּרייניגען און פארריכטען דעם בית המקדש. און דעם 25טען טאָג אין כסלו האָט מען געפייערט דעם חנוכת הבית פון בית המקדש. דערפאר הייסט עס „חנוכה” (באנייאונג); און פון דאמאָלס אָן פייערען מיר די אכט טעג חנוכה אלס אן אָנדיינקען, אז דאָס אידישע פאָלק איז באפרייט געוואָרען פון דעם יאָך פון געצענדינער.

5. **חנוכה אין גלות.** — מיט 21 הונדערט יאָר צוריק האָט מען דאָס ערשטע מאָל אָנגעצונדען די חנוכה ליכטלאך אין אונזער שיינעם בית המקדש, אין אונזער ליבער היים, אין אונזער הייליגען לאַנד ארץ ישראל; און געפייערט האָט מען מיט גרויס פרייד דעם אויסערגעוויינליכען זיג, וואָס אונזערע העלדען די מאקאבעער האָבען געהאט איבער אונזער פיינד.

שפּעטער, ווען מיר זיינען פון אונזער לאַנד פארטריבען געוואָרען, האָבען מיר אויך געפייערט חנוכה יעדען יאָר; אָבער מיר האָבען ווייניג דערמאָנט די מוטיגקייט און העלדישקייט פון אונזערע העלדען. מיר האָבען מער דערמאָנט נסים, די וואונדער, וואָס גאָט האָט מיט אונז געטאָן אין יענער צייט. דער שוואכער, שוצלאָזער און הילפלאָזער איד, וועלכער לעבט אין גלות מיט נסים, קאָן ניט פייערען אָן עראינערונג פון העלדישקייט. וואָס טויג אים צו וועקען א געפיל פון העראָאיזם, פון קאמף? ער לעבט מיט נסים, און ער וויל זיך דערמאָנען די נסים פון אמאָל. און די ליכטעלאך ריידען צו זיין הארץ: „איד, גאָט האָט דיר אימער געהאָלפען איבערצולעבען די מעכטיגע שונאים, ער האָט דיר וואונדער געוויזען, און ער וועט נאָך ווייזען גרויסע נסים, לעב און האָף!”

מיט 1850 יאָר צוריק האָבען מיר אָנגעצונדען אונזער גלות חנוכה־ליכטעלע. אומבאדייטענד, קליין און טונקעל איז דאָס ליכטעלע פאר דער אויסערליכער וועלט, אָבער פאר אונז אידען איז דאָס גרויס און ליכטיג. גרויסע שטורעמס, טייכען בלוט און ימים טרערען האָבען ניט געקאָנט אויסלעשען דאָס קליין ליכטעלע; און

איר קליין פייערל האָט אימער אריינגעבראכט ליכטיגקייט אין די שרעקליכע פינסטערניש פון אונזער גלות. אונזער אומדערטרעגלי־כע געגענוואַרט האָט דאָס ליכטעלע צוזאמענגעפלאָכטען מיט אונ־זער שיינער פארגאנגענהייט און מיט א גלענצענדער צוקונפט; און דאָס האָט אונז געגעבען קרעפטען צו ליידען, לעבען און האָפען.

די מאקאבעער, אַנצינדענדיג דאָס ערשטע חנוכה ליכטעל אין בית המקדש, האָבען אַנגעצונדען אין אונזער הארץ, אין אונזער נשמה, אַט יענעם געטליכען פייערל, וועלכער גיט מוט די שוואַ־כערע צו קעמפען געגען די שטארקערע. דאָס איז דאָס פייערל, וועלכעס מאכט, אז מענשען זאָלען קאָנען אָפּפערען מיט זייער לע־בען פאר זייערע אידעאַלען.

## קאַפּיטעל 28

# רוים און חורבן ירושלים

די רוימישע אימפּעריע. — די אידען אונטער דער רוימישער הערשאפט. — חורבן ירושלים. — ר' יוחנן בן זכאי. — דער אויפשטאנד פון בר כוכבא.

וואָס ערוואָרבען האָט יהודה
דורך פיעל יאָהרען לאַנגע, שווערע,
זעה איך ווערט פארוויסט, פארניכטעט
מיט'ן לעבען, מיט דער עהרע...
(אברהם רייזען, „איכה".)

די דריטע נאכט חנוכה.

1. די רוימישע אימפּעריע. — היינט, קינדערלאך, וועל איך אייך דערציילען אַן אומעטיגע געשיכטע. מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער נאָך דעם נס פון חנוכה איז אונז באפאלען א שטאַר־קער פיינט. דאָס איז געווען א פאָלק אונטער דעם נאָמען די רוי־מער פון איטאַליען. דאָס לאַנד איטאַליען איז דער שיינער גאָרטען פון אייראָפּא. איר שיינקייט איז געווען דער שטאָלץ פון אירע איינוואוינער. אין מיטען פון דעם פּרעכטיגען לאַנד האָט געוואוינט דאָס בארימטע מעכטיגע פאָלק פון די רוימער. א פאָלק פון א קריגערישער נאטור. זיי האָבען זיך גערעכענט די קינדער פון דעם שרעקליכען קריגס גאָט מארס. מלחמה איז געווען זייער ליבסטע באשעפטיגונג. דער מענש איז געווען געשאַצט און באלוינט נאָר פאר זיין מוט מלחמה צו האלטען. צוערשט האָבען זיי באזיגט

זייערע נאָענטע שכנים; און נאכהער האָבען זיי גענומען פארשפריי־טען זייער הערשאפט איבער פיל אנדערע לענדער, ביז זיי האָבען אריינגעדרונגען אין אפריקע און אזיען. די דאמאָלסדיגע גאנצע באוואוינטע וועלט האָט באלאנגט צו רוים.

2. די אידען אונטער דער רוימישער הערשאַפט. — די רוימער האָבען אריינגעדרונגען אויך אין ארץ ישראל; און דאָס אידישע פאָלק האָט ביי זיך אין זיין לאנד פארלאָרען זיין זעלבסט־שטענדיגקייט. ארץ ישראל איז געוואָרען א פּראָווינץ פון רוים, און האָט זיך געפירט אונטער דער הערשאפט פון רוימישע פּראָקו־ראטאָרען, וועלכע פלעגען אוממענשליך דריקען דאָס פאָלק און בא־ליידיגען זיינע הייליגע געפילען.

רוים האָט אויף אלע אירע פעלקער ארויפגעצוואונגען איר קולטור. אלע שטארקע פעלקער האָבען זיך אונטערגעגעבען, אפילו די גריכען מיט זייער רייכער פארגאנגענהייט האָבען זיך אונטער־געגעבען; נאָר דאָס קליין אידיש פאָלק איז געווען דאָס איינציגע, וועלכעס האָט זיך מוטיג געשטעלט געגען דעם בלוטדורשטיגען רוים. ווען די רוימישע קולטור האָט פארפּעסטעט די לופט פון ארץ ישראל און דעמאָראליזירט דאָס גאנצע לאנד; ווען דאָס קעניגליכע הויז און די אריסטאָקראטען האָבען זיך אָנגעשטעקט מיט דער פארדאָר־בענקייט פון רוים, האָבען די געטרייע זיהן פון אידישען פאָלק ער־וואכט און באשלאָסען צו רעוואָלטירען. מען האָט אָנגעפאנגען גריי־טען זיך צו מלחמה. מען האָט גענומען פארשטארקען די פעסטונ־גען, פארזאָרגען זיך מיט וואסער דורך קאנאלען; און לערנען די יוגענד צו קעמפען. און דאָס קליינע פאָלק ישראל האָט אָנגעפאנ־גען זיין אויפשטאנד געגען דעם גרויסען אלמעכטיגען רוים. רוים האָט געשיקט אירע גרעסטע העלדען צו באקעמפען דאָס אידישע פאָלק; אָבער א הייליגער פונק האָט זיך אָנגעצונדען אין דער אי־דישער נשמה, און האָט זיך צעפלאקערט אין א מורא'דיגען פייער, און מען האָט געקעמפט ווי די לייבען. דאָס איז געווען א מלחמה, וואָס האָט ניט איר גלייכען אין דער געשיכטע. פון איין זייט דער מעכטיגער גרויסער זיגער, דער הערשער פון דער וועלט; און פון דער אנדער זייט די שוואכע, קליינע, אונטערדריקטע יהודה, וועל־כע איז אָבער באזעסען אויסערגעוויינליכע גרויסע גייסטיגע קרעפ־טען, און א שטארקען ווילען צו רעטען זיך פון פארניכטונג.

3. חורבן ירושלים. — דריי יאָר האָט געדויערט דער

שרעקליכער קאמף. דאָס גאנצע לאנד איז שוין וויסט געווען, נאָר ירושלים איז נאָך געשטאנען פעסט. דאן איז געקומען דער רוימי־שער העלד טיטוס. פיר מאָנאטען האָט ער באלאגערט די שטאָט. אין שטאָט איז מען געשטאָרבען פון הונגער, דאָך האָט מען גע־קעמפט. טיטוס האָט געבראכט נייע רוימישע לעגיאָנען, און אין דעם נײנטען טאָג אין דעם מאָנאט אָב, אין דעם זיבעציגסטען יאָר פון דער נייער צייט רעכענונג, האָט דער רוימישער אָדלער אריינ־געשטאָכען זיינע אייזערנע נעגעל אין דעם צעבלוטיגטען קערפּער פון אידישען פאָלק.

דער פיינד האָט אריינגעוואָרפען פייער אין בית המקדש. די פלאמען האָבען ארויסגעשפּארט פון אלע זייטען. א שרעקליכער געשריי האָט פארהילכט די לופט. פון איין זייט דער ווילדער גע־שריי פון די זיגער, און פון דער צווייטער זייט דער ביטערער יאָמער פון ציונ'ס זיהן און טעכטער, וועלכע האָבען דערזעהן ווי אין וואָל־קענס רויך ווערט פארשוואונדען דער אידישער גלאנץ און פּראכט. דאָס גאנצע פאָלק האָט גאָט געבעטען, געהאָפט, געווארט אויף א נס; און די רוימער זיינען זיי באפאלען און אויסגעקוילעט ווי שאָף. מער פון א מיליאָן אידען זיינען געפאלען אין דער מלחמה פון שווערד און הונגער. און מער פון הונדערט טויזענט אידען זיינען געפאנגען געוואָרען פון טיטוס'ן. פיל פון זיי האָט מען פאר־הונגערט צום טויט. די גרעסטע העלדען האָט מען לעבעדיגערהייט צוגעשלאָגען צו צלמים, א גרויסען טייל האָט מען פארקויפט פאר קנעכט, און די שענסטע און בעסטע זיהן האָט מען געשמידט אין קייטען און אוועקגעפירט קיין רוים. אין רוים האָט מען געמאכט א גרויסע פּראָצעסיע צו פייערען דעם זיג איבער ארץ ישראל. פריער זיינען געגאנגען אין קייטען די געפאנגענע אידען, און מען האָט געפירט אלע טייערע הייליגע כלים פון בית המקדש. נאָך זיי איז געגאנגען טיטוס מיט זיין פאָטער, און די גאנצע שטאָט האָט אנטייל גענומען צו פרייען זיך מיט דעם אומגליק פון דעם אידי־שען פאָלק. אין דעם אָנדיינק פון דעם זיג האָבען די רוימער אויס־געגאָסען מטבעות מיט דעם בילד פון א פרוי געשמידט אין קייטען און מיט אן אונטערשריפט: „יודעא קאפּטא, יודעא דעוויקטא" — די געפאנגענע יהודה, די באזיגטע יהודה.

די געזונטע, שיינע, שטאָלצע זיהן פון ציון פלעגט מען בריינ־גען אין די צירקען צו ראנגלען זיך מיט ווילדע חיות. ווען טיטוס

האָט געפייערט דעם געבורטסטאָג פון זיין פאָטער, האָט מען גע־ווארפען אידען צווישען די ווילדע חיות אום צו פארשאפען דער־מיט א פארגניגען דעם פובליקום. דאָס אלץ האָט געטאָן דער טי־טוס, וועלכען די רוימער האָבען א נאָמען געגעבען: „בענאפעקטאָר געגערים הומאני" — דער וואוילטעטער פון דער מענשהייט.

4. רבי יוחנן בן זכאי. — די גייסטיגע פירער פון דעם אי־דישען פאָלק האָבען געזעהן, אז מיר וועלען באזיגט ווערען פון די רוימער; און, אז אונז ערווארטעט דער שיקזאל פון אלע אנדערע פעלקער, וואָס זיינען באזיגט געוואָרען, און צוזאמען מיט זייערע לענדער האָבען זיי אויך פארלאָרען זייערע אייגענשאפטען אלס באזונדערע פעלקער, ווייל די באזיגטע זיינען פארשלונגען געוואָרען פון די באזיגער; האָבען אונזערע חכמים פארשטאנען, אז אויב דאָס פאָלק וועט זיין שטארק פאראייניגט אין זיין גלויבען און אין זיין אויפפירונג, אויב עס וועט זיין גענוג שטארק זיין רעליגיעזער־נאציאָנאלער געפיל, וועט ער קאָנען עקזיסטירען אלס א באזונדער פאָלק אונטער אלע אומשטענדען, דעריבער האָבען די חכמים גע־זוכט נאָר א וועג ווי אזוי צו פארהיטען און פארשטארקען דעם אי־דישען גייסט.

ווען די רוימער האָבען נאָך באלאגערט ירושלים, האָט איינער פון אונזערע חכמים, רבי יוחנן בן זכאי, געווענדעט זיך צום רוימי־שען קריגספירער וועספאסיאנוס, און געבעטען אן ערלויבעניש צו באזעצען זיך אין דעם שטעטעל יבנה, און עפענען דאָרט א ישיבה. דער רוימער האָט ניט באגריפען, אז די ישיבה איז די שטארקסטע פעסטונג, וועלכע וועט באשיצען דעם באזיגטען פאָלק, און וועט אים פארהיטען פון אונטערגאנג; און ער האָט ערלויבט עפענען א ישיבה, פון וועלכער עס זיינען ארויסגעקומען גרויסע פערזענ־ליכקייטען, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אלס גוטע, גרויסע גייסטיגע לערער, און אלס איבערגעגעבענע, געטרייע, פייאיגע פירער פון פאָלק.

5. דער אויפשטאַנד פון בר כוכבא. — נאָכ'ן חורבן ירושלים זיינען א טייל אידען געבליבען אין ארץ ישראל אונטער דער הערשאפט פון די רוימער. די אידען האָבען געמוזט צאָלען גרויסע שטייערען פאר'ן טעמפעל פון יופיטער אין רוים, און אין אלגעמיין האָבען זיי פיל געליטען פון די רוימישע גרויזאמע אימ־פעראטאָרען; און דאָס האָט געוועקט די אידען צו אן אויפשטאנד.

אין צוויי און זעכציגסטען יאָר נאָכ׳ן חורבן, אין דער צייט פון דעם אימפּעראַטאָר האַדריאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען דער אויפשטאַנד. דער אָנפירער פון דעם אויפשטאַנד איז געווען בר כוכבא, און צו אים איז אויך צוגעשטאַנען דער גרויסער אידישער געלערנטער רבי עקיבא מיט זיינע פיל תלמידים, און צענדליגע טויזענטער אידישע קעמפער פון אַלע רוימישע פּראָווינצען זיינען געקומען קעמפען צו באַפרייען זייער פאָטערלאַנד. די ערשטע צייט האָבען די אידען באַקעמפט זייערע פיינט. זיי האָבען אָפּגענומען די פעסטונגען און פאַרטריבען די רוימער, און בר כוכבא איז געוואָרען דער הערשער פון יהודה. דאַן האָט מען ארויסגעשיקט פון רוים דעם גרעסטען קריגספירער יוליאוס סעווערוס מיט אַ גרויסער מחנה סאָלדאַטען; און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכער קאַמף, ביז די אידישע ארמיי האָט געמוזט אָפּטרעטען, און באַפעסטיגען זיך אין דער שטאָט ביתר. אַ יאָר האָבען די רוימער באַלאַגערט די שטאָט, און די אידען האָבען זיך מוטיג פאַרטיידיגט. ענדליך האָבען זיך אויסגעלאָזט די קרעפטען פון די באַלאַגערטע, און דער פיינט האָט איינגענומען די שטאָט אין 135־טען יאָר פון דער נייער צייטרעכענונג. צענדליגע טויזענטער אידען האָט מען אויסגעה׳רג׳עט, פיל האָט מען גענומען געפאַנגען און פאַרקויפט פאַר קנעכט, און די, וואָס זיינען געבליבען, זיינען גרויזאַם פאַרפאָלגט געוואָרען.

6. **דער איד איז ניט באַזיגט.** — די מעכטיגע גרויזאַמע רוימער האָבען באַזיגט דאָס אידישע לאַנד, אָבער דאָס אידישע פאָלק איז געבליבען אומבאַזיגט. דער אַלטער רבי יוחנן בן זכאי מיט זיינע חברים און תלמידים זיינען געווען שטאַרקער פון טיטוס׳ן מיט זיינע נאָכפאָלגער. אונזערע גייסטיגע פירער זיינען געווען גרעסערע סטראַטעגיקער פון די רוימער. זיי האָבען פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו בויען פאַר זייער פאָלק אַ גייסטיגע פעסטונג, וועלכע זאָל ניט קאָנען צעשטערט ווערען פון דעם פיינד׳ס הענט. דער פיינד האָט געקאָנט פאַרברענען אונזער בית המקדש, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, אַז אונזער גאָט קאָן אויסקומען אָהן אַ טעמפּעל, און ער איז מיט זיין פאָלק צוזאַמען געגאַנגען אין גלות. דער פיינד האָט געקאָנט פאַרניכטען די הייליגע שריפטען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אויסמעקען די ווערטער פון דער תורה, וועלכע זיינען געווען טיף איינגעקריצט אין דעם אידען׳ס האַרץ און נשמה.

און וואָס איז געווען די ענדע. אין פיר הונדערט יאָר ארום

נאָכ'ן חורבן פון ירושלים דורך די רוימער, האָבען די אידען געזעהן דעם חורבן פון רוים דורך די גאָטישע און גערמאַנישע שבטים.

טיטוס! ווען דו האָסט געפייערט דעם טריאומף פון דיין נצחון איבער'ן אידישען פאָלק, האָסטו אויף דעם טויער פון שטאָט געלאָזט ברענען אונזער מנורה פון בית המקדש, און דו ביזט זי־כער געווען, אז די אידישע ליכט איז אויף אייביג אויסגעלאָשען. דו האָסט א טעות געהאט, דו האָסט ניט געוואוסט, אז אין דעם אידען ברענט א געטליכער פייער, וועלכער קאָן ניט אויסגעלאָשען ווערען; און אויב מיר האָבען ניט קיין גילדערנע מנורה, מיט אירע לויטערע זיבען ליכט, האָבען מיר אָבער אונזערע חנוכה ליכ־טעלאך, מיט זייערע קליינינקע סודות'דיגע פלעמעלאך, וועלכע גי־סען זיך צוזאמען מיט אונזער אינערליכען געטליכען פייער, און א שטראַלענדע ליכטיגקייט פילט אָן אונזער נשמה, א ליכטיגקייט פון פרייד, פון ערמוטיגונג און פון האָפענונג.

## קאַפּיטעל 29

# קריסטענטום

די אנטשטייאונג פון קריסטענטום. — דער אידישער גלויבען צווישען די פעלקער. — ווער איז געווען יעזוס. — יעזוס'עס לערע און קריסטענ־טום. — קריסטענטום אַלס אַן אבסטראקטע לערע. — פארוואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק פארשפרייט דער קריסטענטום. — די געגנערשאַפט פון אידענטום צו קריסטענטום.

דאָס פערטע חנוכה ליכטעל.

1. די אַנטשטייאונג פון קריסטענטום. — ווען דאָס אי־דישע פאָלק איז באקעמפט געוואָרען; זיין לאַנד איז פארוויסט געוואָרען, און ער איז פארטריבען געוואָרען אין דער פרעמד אַלס שקלאַף, אָט דאַן איז פון דעם אידישען פאָלק געקומען אַן איבער־קערעניש אין דער געצענדינערשער וועלט. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנ־גען צו פארשפרייטען די נייע רעליגיאָן, וואָס מען רופט „קריסטענ־טום"; און אזוי ווי אונזער גלות געשיכטע איז פארבונדען מיט דער קריסטליכער וועלט, דאריבער וויל איך דערציילען אייך אין קורצען וועגען קריסטענטום.

פיל מאָל איז מיר אויסגעקומען צו לעזען און צו הערען, אז

קריסטענטום איז אַ רעליגיאָן פון מענשען־ליבע; און, אַז יעזוס מיט זיין לערע שטייט העכער פון אַלע רעליגיאָנס־גרינדער. און איך האָב זיך געפרעגט: „לערענט דען ניט די אידישע רעליגיאָן ליבע צו מענשען? פערצען הונדערט יאָר פאר יעזוס'ען האָט דאָך אונ־זער תורה אָנגעזאָגט: „ואהבת לרעך כמוך", 1) — דו זאָלסט ליב האָבען דיין פריינד ווי זיך אליין — און אלע אונזערע נביאים האָ־בען דאָך געפּריידיגט די אמת'ע ליבע צווישען מענשען.

דער פראנצויזישער געלערטער ערנסט רייגאן איז א באגייס־טערטער אָנהייגגער פון קריסטענטום, און דאָך זאָגט ער: „אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט אין דעם נייעם טעסטאמענט וועגען דער אמת'ער ליבע צו מענשען, האָט שוין פריער ארויסגעזאָגט דער אי־דישער נביא".

און דער ענגלישער געלערטער טהאָמאס האקסלי זאָגט: אויב מען קאָן גלויבען די אפּאָסטאָלען האָט קריסטוס אליין ער־קלערט, אז ער איז געקומען צו לערנען מענשען די רעליגיעזע און עטישע סיסטעם פון זיין פאָלק ישראל".

די צווייטע פראגע איז, אויב דאָס קריסטענטום איז טאקע אַ רעליגיאָן פון ליבע, היינט פארוואָס זיינען די קריסטען אזוי גרוי־זאָם ניט נאָר צו אונז אידען, נאָר אויך איינע צו די אנדערע? די פראגען האָבען מיך געפירט דערצו, אַז איך זאָל זיך באקענען מיט דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון קריסטענטום; און איך וויל דאָ איבערגעבען וואָס איך האָב אויסגעפונען.

2. **דער אידישער גלויבען צווישען די פעלקער.** — אום צו פארשטיין די אנטשטייאונג פון קריסטענטום, מוזען מיר פריער וויסען וועגען דער ווירקונג פון אידענטום אויף די אנדערע פעלקער. מיר ווייסען, אז אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש זיינען אידען שוין געווען צעשפּרייט איבער דער וועלט, און די אידישע תורה איז שוין געווען איבערגעזעצט אין דער גריכישער שפּראך; און פיל פון די פעלקער האָבען אָנגענומען די רעליגיעזע־מאָראלישע לערע פון אידענטום. אין תלמוד ווערט דערציילט, אז א קעניג אין אזיע מיט'ן נאָמען מונבוז און זיין פרוי הילני מיט זייערע קינדער זיינען געוואָרען אידען; און הילני המלכה האָט געבראכט קיין ירושלים גרויסע געשאנקען צו באשיינען דעם בית המקדש, און זי האָט פיל געהאָלפען די אידישע אָרימע לייט. מיט א זעלטענער

1) ויקרא, יט, יח.

ליבע האָבען זיי זיך צוגעבונדען צום אידענטום, און האָבען הויך געשאצט די אידישע לערע, 2).

אין אלגעמיין האָבען די אידען אומעטום געהאט א ווירקונג, און די אידישע רעליגיאָן האָט אויסגעאיבט אַ גרויסען איינפלוס אויף דער קולטורעלער מענשהייט. איבערהויפּט האָט מען דאָס געקאָנט באמערקען אין רוים און אין גריכענלאנד. אָט די צוויי גרויסע טרעגער פון דעם מענשען'ס קולטור זיינען דאן געפאלען זעהר נידעריג גייסטיג און מאָראליש; און די בעסערע מענשען צווישען זיי האָבען גענומען זוכען עפּעס העכערס אין לעבען, און זיי האָבען דאָס געפונען אין דער אידישער רעליגיאָן, 3). אין רוים און אין אנדערע לענדער האָבען פילע אָנגענומען דעם אידישען גלויבען; און דאָס האָט שפּעטער פיל געהאָלפען, אז דאָס קריסטענ־טום זאָל זיך קאָנען דאָרט פארשפּרייטען, 4).

דער ענגלישער היסטאָריקער פּראָפעסאָר מענזוס זאָגט: „אין די לעצטע פופציג יאָר פאר'ן חורבן, ווען די זון פון דער פּאָ־ליטישער אידישער וועלט האָט געהאלטען ביי אונטערגיין, האָט אָנגעפאנגען צו פארשפּרייטען זיך די ליכטיגקייט פון דער אידישער תורה, און מיט איר שיינקייט און גייסטיגער קראפט האָט זי גע־נומען באזיגען די זיגער פון איר פאָלק, 5).

3. ווער איז געווען יעזוס. — וועגען דער פּערזענליכקייט פון יעזוס'ען באנוץ איך זיך מיט דעם נייעם טעסטאמענט, דאָס איז די ביבעל פון קריסטענטום. און דאָרט ווערט דערציילט, אז זי־בעציג יאָר פאר'ן חורבן בית המקדש האָט אַ אידישע טאָכטער אין ארץ ישראל געבאָרען יעזוס'ען. זיין אידישער נאָמען איז געווען ישו, אין גריכיש האָט עס געהייסען יעזוס; און שפּעטער האָט ער באקומען דעם נאָמען קריסטוס, וואָס דאָס מיינט אין גריכיש „דער געזאלבטער", אזוי ווי דאָס וואָרט „משיח" אין העברעאיש.

אום צו האָבען א באגריף וועגען דער טעטיגקייט פון יעזוס'ען, מוזען מיר האָבען א פאָרשטעלונג וועגען דעם אלגעמיינעם צושטאנד פון דעם אידישען פאָלק אין יענער צייט. מיר ווייסען, אז די אי־דען אין ארץ ישראל זיינען אין יענער צייט געווען אונטערגעוואָר־פען אונטער דעם שווערען יאָך פון די רוימער. דער פּאָליטישר

2) נזיר, יט; בבא בתרא, יא; זעה גרעץ, דברי ימי ישראל חלק ב, עמוד 46־48.

3) M. Radin, The Jews Among the Greeks and Romans, p. 236.

4) דר. דערענבורג, משא ארץ ישראל, ע. 116.

5) פּראָפ. מענזים, תולדות האמונות והדתות, ח"ב, ע. 106.

צושטאנד פון די אידען איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. די גרויזאמקייט פון די רוימישע פּראָקוראטאָרס איז געוואָרען אומ־דערטרעגליך. איבערהויפּט האָט געליטען דער אָרימער קלאַס, און די אידען, וועלכע האָבען ניט געוואָלט אסימילירען זיך מיט די רוימער. די שרעקליכע ליידען האָבען אין דעם אידישען פאָלק גע־וועקט אַ האָפענונג, אַז די ערלייזונג וועט קומען אויף אַן אומ־נאַטירליכען אופן דורך משיח'ן; און אום צו ברייגנען די ערליי־זונג מוז מען אָנפאנגען לעבען אַ שענערען מאָראַלען לעבען. אי־בערהויפּט האָט זיך אין דעם גלויבען אין משיח'ן שטארק אויסגע־צייכענט די אידישע סעקטע מיט דעם נאָמען „איסיים", וועלכע זיינען אוועק פון די שטעט און געלעבט פון ערד־ארבייט, פיה־צוכט און האנטווערק. זיי האָבען געפירט אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, געאַרבייט צוזאמען און געלעבט צוזאמען. פיל צייט האָבען זיי אָפּגעגעבען צו לערנען די תורה און צו דיסקוטירען רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראגען; און זיי האָבען געפאָדערט פון מענשען פאָלקאָמע ליבע צו גאָט און צו מענשען.

דער נייער טעסטאמענט דערציילט, אַז אין יענער צייט האָט געלעבט אַ איד מיט'ן נאָמען יוחנן המטביל — דזשאהן דער טויפער, — וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געניסען די פארגיניגענס פון דער וועלט. ער איז געוועזן אַ געגנער פון רייכטום, און ער האָט געפּריידיגט, אַז אידען זאָלען ווערען גוט און פרום, וועט משיח קומען. ווארשיינליך האָט יוחנן באַלאַנגט צו דער אידישער סעקטע אסיים, 6).

צווישען יוחנן'ס נאָכפאָלגער איז געוועזן דער יונגער יעזוס, וועלכער האָט זיין יוגענד פארבראַכט אין אַן אָרימער פרומער אַט־מאָספערע, אונטער דער דריקענדער הערשאַפט פון די רוימער. ער האָט שטאַרק געפילט דעם שלעכטען צושטאנד פון זיין פאָלק, און ער האָט געוואָלט העלפען.

דער דייטשער געלערטער ריימארוס זאָגט: „יעזוס איז ניט געוועזן קיין נביא און ניט קיין געזעצגעבער, נאָר אַ אידישער משיח". דזשאן דזשאק רוסאָ זאָגט אויך, אַז יעזוס איז נאָר גע־קומען באפרייען די אידען פון רוימישען יאָך, 7). נאָך פיל גע־לערטע קריסטען זיינען מיט דער זעלבער מיינונג; און ווען מיר לייע־

6) זעה גרעץ, ד"י, חלק ט", לעצטער קאפיטעל.
7) דר. יוסף קלוזנר, ישו הנוצרי, 75, 76.

נען דעם נייעם טעסטאַמענט זעהען מיר, אז פון אָנפאַנג האָט זיך יעזוס ניט אָנגערופען מיט קיינע נעמען, נאָר שפּעטער האָט ער געזאָגט, אז ער איז דער משיח פון אידען; און נאָך שפּעטער, ווען ער האָט דערזעהן, אז ער קאָן ניט העלפען דאָ אויף דער ערד, האָט ער גענומען ריידען וועגען א גייסטיגער ערלייזונג, אז דער מענש זאָל קאָנען אריינקומען אין הימעלשען קעניגרייך.

זיינע נאָכפאָלגער זיינען איבערהויפּט געווען די מאסען, די אָרימערע און ניט געלערנטע; און זיין איינפלוס איז געווען שטארק, ווייל ער האָט זיך ניט געהאלטען גרויס און צו דערזעלבער צייט האָט ער שטארק געגלויבט אין זיך אליין. דערצו נאָך האָט ער שיין גערעדט. זיינע רעדעס זיינען געווען פאָלקסטימליך, אויסגעדריקט אין אַ קורצער שאַרפער שפּראַך.

4. **יעזוס׳עס לערע און קריסטענטום.** — יעזוס׳עס לערע און די שפּעטיגערע לערע פון קריסטענטום געפינען מיר אין דעם נייעם טעסטאַמענט, וועלכער איז א צוזאַמענזעצונג פון די ווערק פון יעזוס׳עס תלמידים און נאָכפאָלגער. זיינע תלמידים ווערען אָנגערופען אפּאָסטאָלען, דאָס מיינט שליחים, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען. די ערשטע אָפּטיילונגען פון דעם נייעם טעסטאַמענט ווערען אָנגערופען עוואַנגעליום, דאָס מיינט, אין גריכיש „אָנזאָגונג"; און זיי זיינען געשריבען אין דעם נאָמען פון די פיר אפּאָסטאָלען, מאַטיו, לוקאס, מארק און דזשאהן.

די פאָרשער און ביבעל־קריטיקער האָבען דערוויזען, אז די שריפטען פון דעם נייען טעסטאַמענט האָבען אָנגעפאַנגען צו ערשיינען מיט פיל יאָרען שפּעטער נאָך יעזוס׳עס טויט; און, אז זיי זיינען געשריבען געוואָרען אין פארשידענע צייטען; און פיל פון זיי זיינען געשריבען געוואָרען פון די נייע קריסטען אין דעם נאָמען פון די ערשטע אפּאָסטאָלען; דעריבער זיינען זיי פול מיט ווידערשפּרוכען.

ווען מיר לייענען דעם נייען טעסטאַמענט זעהען מיר, אז יעזוס איז ניט געקומען געבען א נייע רעליגיאָן; און, אז ער האָט זיך געווענדעט נאָר צו די אידען, און ניט צו אנדערע פעלקער. דער אפּאָסטאָל מאַטיו שרייבט, אז יעזוס האָט אזוי געזאָגט: „איר זאָלט ניט מיינען, אז איך בין געקומען צו מבטל זיין תורת משה, אָדער די נביאים. הימעל און ערד וועלען אונטערגיין, אָבער ניט איין פּינטעלע פון דער תורה. דער, וואָס היט אָפּ, וואָס די תורת

הייסט, און ער לערענט אנדערע, וועט דערהויבען ווערען אין הימעל־רייך; און דער וואָס פארשטערט די תורה, און לערענט אויך אנ־דערע דאָס צו טאָן, וועט ער פארשאָלטען זיין" 8). אין א צוויי־טען פלאץ זאָגט מאטיו, אז יעזוס האָט געזאָגט: „אלץ, וואָס די סופרים און פרושים — דאָס מיינט די אידישע געלערטע — היי־סען טאָן, דארף מען אָפּהיטען" 9). און אין א דריטען פלאץ זאָגט מאטיו, אז יעזוס האָט אזוי געזאָגט: „איר זאָלט ניט געבען די הייליגקייט צו די הינט און די פערל צו די חזירים. זיי וועלען דאָס צעטרעטען, און אייך וועלען זיי צערייסען" 10). אין א פער־טען פלאץ דערציילט מאטיו, אז צו יעזוס'ען איז געקומען א פרוי פון די כנענים צו בעטען אים, אז ער זאָל אויסהיילען איר טאָכטער, האָט ער געזאָגט: „איך בין געשיקט געוואָרען נאָר צו די פאר־לאָרענע שאָף פון ישראל, און עס איז ניט רעכט צו נעמען דעם ברויט פון די קינדער און וואַרפען פאר הינט" 11). און אין א פינפטען פלאץ דערציילט מאטיו, אז יעזוס האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים: „גייט ניט צו די פעלקער, גייט נאָר צו די פארלאָרענע שאָף פון ישראל" 12).

פון די דערציילונגען אין דעם נייעם טעסטאמענט זעהט מען, אז יעזוס איז געוועזן א איד, וואָס האָט אָפּגעהיט אלע מצוות; און ניט נאָר ער, נאָר אפילו די ערשטע קריסטען האָבען אָפּגעהיט שבת ביז קאָנסטאנטין דער קייסער פון רוים האָט אָנגענומען דעם קריס־טענטום אין יאָר 321, און דאן האָט ער פארביטען דעם אידישען שבת אויף דעם געצענדינערשען זונטאָג, ווייל ער האָט פריער גע־דינט צו דער זון.

פון דאָס אלעס זעהען מיר, אז יעזוס איז ניט געקומען גרינדען קיין נייע רעליגיאָן; און זעהר גרויס זיינען די ווידערשפּרוכען צווישען זיין לערע און דער לערע פון זיינע נאָכפאָלגער. דער זעל־בער אפּאָסטאָל מאטיו, וועלכער האָט דערציילט, אז יעזוס האָט אָנגעזאָגט אָפּצוהיטען די תורה און פאָלגען די פרושים, 13) דער־ציילט אין אן אנדער פלאץ, אז יעזוס האָט אָנגערופען די פרושים מיט העסליכע נעמען, ווי היפּאָקריטען, און דאָס גלייכען, 14); און

8) Matthew, 5, 17-19.
9) Matthew, 23, 2-3.
10) Matthew, 7, 6.
11) Matthew, 15, 22-27.
12) Matthew, 10, 5-6.
13) Matthew, 23, 2-3.
14) Matthew, 23, 14.

דער אפּאָסטאָל פּאול זאָגט, „די תורה ברייננגט אויף דער וועלט צאָרן, וואו עס איז ניטאָ קיין תורה, איז ניטאָ קיין זינד״, 15).

וואָס אָנבאלאנגט יעזוס׳עס לערע אין אלגעמיין, געפינען מיר פיל שיינע באלערונגען פון מאָראל און טוגענד. אממייסטען אָבער זיינען די ווערטער ניט זיינע אייגענע. מיר געפינען זיי אין תנ״ך און אין דער שפּעטערדיגער אידישער ליטעראטור. און ווי די שרייבער פון דעם נייעם טעסטאמענט גיבען איבער האָט יעזוס ניט באנוגענט זיך מיט די פּראקטישע אידעאלען פון די פריערדיגע אידישע גייסטיגע פירער, און האָט אָנגעפאנגען צו פּריידיגען אי־בערנאטירליכע פאָדערונגען פון דעם מענשען, אז דער מענש זאָל ליב האָבען דעם צווייטען מער איידער זיך אליין, און דאָס גלייכען.

און, ווען מיר נעמען אָן, אז יעזוס איז ווירקליך געווען אזא אויסערגעוויינליכער אידעאַליסט מיט אזא אומבאגרעניצטער ליבע צו מענשען, דאַן פרעגט זיך, ווי אזוי האָט אזא מענש געקאָנט אָנ־רופען אנדערע מענשען מיט אזעלכע נעמען ווי חזירים און הינט, 16); און ווי אזוי האָט ער געקאָנט אָפּזאָגען דער אָרימער מוטער צו היילען איר קינד דערפאר וואָס זי האָט געגלויבט אנ־דערש ווי ער; און ווי אזוי האָט ער געזאָגט צו זיינע תלמידים: „איר זאָלט זיין געשיקט ווי אַ שלאנג, און נאאיוו ווי א טויב״ 17); און ווי אזוי קאָן מען פארשטיין אזעלכע ווידערשפּרוכען, ווי צום ביישפּיל, אין איין פּלאץ ווערט געזאָגט אין זיין נאָמען: „איר זאָלט ליב האָבען אייערע פיינד״ 18); און אין אן אַנדער פּלאץ שרייבט מען, אז ער האָט געזאָגט, אז דער וואָס גלויבט ניט אין אים, אין יעזוס׳ען, וועט גאָט׳ס צאָרן אויף אים רוען, און דער גלויביגער זאָל ניט בעטען גאָט פאר דעם ניט גלויביגען, און עס איז א מצוה צו פיינט האָבען די וואָס גלויבען ניט, 19). אָדער נעמט אזא שטעלונג, אין איין אָרט האָט ער געזאָגט: „געבענשט זיינען די שלום־מאכער, ווייל זיי וועלען אָנגערופען גאָט׳ס קינ־דער״ 20); און דעריבער רופט אים די קריסטליכע וועלט „דער פּרינץ פון פרידען״, און אין אן אנדער פּלאץ זאָגט ער: „איר זאָלט ניט דיינקען, אז איך בין געקומען ברייננגען פרידען אויף דער וועלט,

15) Paul to the Romans, 4, 15; Luke, 22, 62.
16) Matthew, 7, 6.
17) Matthew, 10, 16.
18) Matthew, 5, 44.
19) Matthew, 10, 21-42; John, 3, 36.
20) Matthew, 5, 9.

איך בין געקומען ניט צו ברענגען פרידען, נאָר א שווערד, 21) ; און נאָך אין א פּלאַץ ווערט געזאָגט : „איך בין געקומען צו שיקען א פייער אויף דער ערד. ניט קיין פרידען האָב איך געבראַכט, נאָר קריג", 22). אין איין פּלאַץ שרייבט מען, אז ער האָט געזאָגט : „די תורה לערענט אייך, אז דו זאָלסט פיינט האָבען דיין פיינט, איך אָבער זאָג אייך, אז דו זאָלסט ליב האָבען דיין פיינט", 23. אזעלכע ווערטער געפינען זיך ניט אין דער תורה ; און עס איז אוממעגליך, אז ער זאָל זאָגען אזא ליגען.

פון דאָס אלץ זעהען מיר, אז יעזוס'עס נאָכפאָלגער האָבען צוגעשריבען צו אים זאכען, וועלכע ער האָט ניט געזאָגט, און מען האָט צו אים צוגעשריבען א גלויבען, וועגען וועלכען ער האָט גאָר ניט געדיינקט. ווען ניט די אַפּאָסטאָלען וואָלט יעזוס פארגעסען ווערען ווי פיל אנדערע, וועלכע האָבען זיך אָנגעגעבען אלס אידישע משיחים. ערשט נאָך זיין טויט האָבען זיינע תלמידים אָנגעפאנגען צו פארשפּרייטען א נייען גלויבען, און די קריסטליכע רעליגיאָן איז גאנץ אנדערש פון יעזוס'עס אידעאַלען, 24).

פון אלע אַפּאָסטאָלען האָט די גרעסטע ראָל געשפּילט פּאול, וועלכער איז געוואָרען דער שאפער פון קריסטענטום. פּאול איז געוועזען א גריכישער איד מיט דעם נאָמען שאול התרסי. ער האָט יעזוס'ען ניט געקענט. פון אָנפאנג איז שאול געוועזען א פאנאטי־שער געגנער פון דער נייער לערע, נאָר שפּעטער נאָך יעזוס'עס טויט איז ער געוואָרען א פאנאטישער אָנהייננער פון דעם נייען גלויבען. פּאול'ס קוק אויף דער וועלט און אויף דעם מענשענ'ס לעבען איז געוועזען א פּעסימיסטישער, א פארצווייפעלטער. פאר אים איז די גאנצע וועלט געווען שלעכט, און אלע מענשען פארזונקען אין זינד ; און זיין מיינונג איז, אז דער מענש אליין קאָן זיך ניט העלפען, ער קאָן זיך ניט באפרייען פון זיינע זינד, ער איז צו שוואך, ער מוז האָבען אן ערלייזער ; און דעם ערלייזער האָט פּאול געפונען אין יעזוס'ען ; און ער איז אוועק צו די היידען, צו די געצענדינער, צו לערנען זיי א נייען גלויבען. פון פּאול'ס רייד זעהט מען, אז ביי אים איז רעכט געווען צו זאָגען א ליגען צוליב דורכפירען זיין אי־דעע ; און פון אים האָבען שפּעטער די יעזואיטען גענומען דעם פּרינציפּ : „דער ציל בארעכטיגט די מיטלען", 25).

21) Matthew, 10, 34-35. 22) Luke, 12, 49.
23) Matthew, 5, 43. 24) Dr. F. Adler, The Religion of Duty, p. 5.
25) Paul to the Romans, 3, 7.

ווען פאול האָט דערזעהן, אז די בארבארישע וועלט קאָן ניט באגרייפען די הויכע אידישע לערע, האָט ער גענומען צופאסען זיך צו דער היידנישער וועלט מיט אירע באגריפען, איבערהויפט צום באגריף פון דער גריכיש־רוימישער קולטור; און אזוי ווי די פעל־קער האָבען ניט געקאָנט אָננעמען א גלויבען אין א גאָט, וועלכער האָט ניט קיין פארקערפערונג דאָ אויף דער ערד, האָט מען דער־ציילט דער וועלט, אז יעזוס איז גאָט'ס זוהן, אז ער איז די פאר־קערפערונג פון גאָט דאָ אויף דער ערד, און אז נאָכ'ן טויט איז יעזוס צוריק לעבעדיג געוואָרען.

פאול האָט אינגאנצען פארוואָרפען די אידישע תורה. ער זאָגט, אז א מענש קאָן ניט װערען גערעכט, אָפּהיטענדיג די גע־שריבענע געזעצען; נאָר גערעכט קאָן ער ווערען, ווען ער גלויבט אין יעזוס'ן, 26). ער האָט די נייע קריסטען באפרייט פון אלע מצוות. זיי האָבען נאָר געדאַרפט גלויבען אין יעזוס'ען, וועלען שוין זייערע זינד פארגעבען ווערען, ווייל יעזוס האָט מיט זיין בלוט אָפּגעמעקט אלע זינד פון דער וועלט. פאול האָט ניט נאָר אָפּגע־זונדערט דעם קריסטענטום פון אידענטום, נאָר ער האָט אויך אריינגעבראכט דעם האס צו אידען, און דאָס קריסטענטום האָט באקומען אן אנטי־אידישען כאראקטער. אום צו פארשפרייטען מער האס צו די אידען האָבען די עוואנגעליסטען ארויפגעוואָרפען אויף די אידען די גאנצע שולד פון יעזוס'עס טויט. די אלע איינ־צעלהייטען וועגען יעזוס'עם פראָצעס, ווי דאָס איז באשריבען אין נייען טעסטאמענט, איז פון אָנפאנג ביז צום סוף פאלש. אלץ איז נעגען דעם אידישען געזעץ. זיי שרייבען, אז דער פראָצעס איז פאָרגעקומען פסח ביי דער נאכט, 27), און ביי אידען האָט קיין פראָצעס ניט געקאָנט פאָרקומען שבת אָדער יום טוב, 28). זיי שרייבען, אז דאָס געריכט האָט געזוכט פאלשע עדות, און מיר ווייסען, אז דאָס אידישע געריכט איז געווען זעהר שטריינג צו די עדות, אז זיי זאָלען זיכער זיין אין זייער באשולדיגונג, 29).

דער אמת איז, אז ניט אידען, נאָר דער רוימישער פראָקוראַ־טאָר פילאטוס האָט אים געטויט, ווייל ער האָט יעזוס'ען גערעכענט פאר א רעוואָלוציאָנער. אין עוואנגעליום שטייט, אז פילאטוס

26) Paul to the Galations, 2, 16.
27) Luke, 22, 62.

28) סנהדרין, פרק ד, משנה א".
29) שם לז.

האט אנגעשריבען אויפ'ן קרייץ „ישו פון נצרת, דער קעניג פון די אידען".

אלץ, וואס ווערט דערציילט וועגען יעזוס'עס טויט, באווייזט דייטליך, אז דאס איז געטאן געווארען נאך די גרויזאמע געזעצען פון די רוימער. קרייצען א מענשען איז געווען א רוימישער געזעץ, אידען האבען דערפון ניט געוואוסט. ביי אידען האט מען צום פאראורטיילטען צום טויט געהאט די גרעסטע מיטלייד, 30) ; און מען האט ניט געטארט פייניגען אים, 31). אנטאן דערנער אויפ'ן קאפ האט געקאנט נאר דער בלוטדורשטיגער פילאטוס, וועלכער האט געזוכט צו ערנידעריגען די אידען און צו פארביטערען זייער לעבען ; און דא האט ער געפונען א געלעגענהייט צו שפאטען און ראכע נעמען פון דעם אידישען טרוימער. און שפעטער, ווען די רוימער האבען אנגענומען דעם קריסטענטום, האט מען פילאטוס'ען דעם מערדער געמאכט פאר א צדיק, אז ער האט ניט געוואלט פאר־אורטיילען יעזוס'ען צום טויט, נאר די אידען האבען אים געצוואונ־גען דאס צו טאן, 32) ; און די קאטוילישע קירכע האט געלאזט מאכען בילדער פון יעזוס'ען ווי אזוי ער איז צוגעשלאגען צום קרייץ מיט א קראנץ דערנער אויפ'ן קאפ און די בלוט רינט איבער זיין געזיכט. דאס בילד פלעגט דערוועקען דעם צארן פון המון געגען די אידען, און פיל מאל האבען מיר באצאלט דערפאר מיט אונזערע טייבען בלוט.

די שפעטיגערע לערער פון קריסטענטום האבען ניט נאר א היסטארישען פאקט געפעלשט, נאר זיי האבען אויך געמאכט פעל־שונגען אין אונזער תנ"ך. איך האב אליין געזעהן איבערזעצונגען פון תנ"ך, וואו עס ווערט דערמאנט דער נאמען יעזוס קריסט. און אט ליגט פאר מיר די גאנצע ביבעל אין דער ענגלישער שפראך, וואו דער אלטער און נייער טעסטאמענט זיינען צוזאמענגעבונדען, און צום ענדע ווערט אנגעוויזען, אז די נביאים : עמוס, ישעיה, הושע, מיכה, מלאכי און דניאל האבען נביאות געזאגט, אז קריס־טוס וועט קומען אלס דער געזאלבטער פון גאט, 33). ווער עס האט געלערענט דעם תנ"ך אין אריגינעל ווייס גאנץ גוט, אז אין גאנץ תנ"ך איז קיין אנדייטונג ניטא וועגען קריסטוסען. דאס איז נאר א פאלשע באהויפטונג, אז אונזערע נביאים האבען פאראויסגעזעהן

30), שם. 31) דר. קלוזנר, ישו הנוצרי, 370.
32) John, 18, 19.
33) Holy Bible, Helps to the Study of the Bible, p. 24.

זיין קומען. אלע ביבעל קריטיקער האָבען דערוויזען, אז די אידישע פּראָפעטען האָבען ניט געהאט אין זינען יעזוס׳ען. וואו מען האָט אָנגעוויזען, אז דאָס האָט געמיינט יעזוס׳ען, האָבען די ווערטער פון די נביאים געהאט גאָר אַן אנדער מיינונג, 34).

בענדזשאמין פרענקלין זאָגט: „וועגען יעזוס׳ען דיינק איך, אז זיין סיסטעם פון מאָראל איז די בעסטע, אָבער איך באַגרייף, אז דאָס האָט באקומען פארשיידענע געפעלשטע ענדערונגען, און איך צווייפעל אין זיין געטליכקייט״ 35).

5. קריסטענטום אַלס אַן אבסטראַקטע לערע. — דער אמעריקאנער טהעאָלאָג ט. סאורעס זאָגט: „קריסטוס האָט ניט געהאט קיין סאָציאַלע טעאָריע, קיין פּראָגראם און קיינע באַשטימ־טע רעגעלען. ער האָט ניט געוואָלט געבען כללים ווי אויפצופירען זיך אויסערליך, ער האָט נאָר געוואָלט באַגייסטערען די מענשען צו גלויבען און ליב האָבען גאָט און צו זיין ברידערליך צו מענשען... קריסטוס קאָן זיין אונזער באַגייסטערער און באַוועגונגס־קראַפט, אָבער ער קאָן ניט זיין אונזער געזעצגעבער און אונזער סיסטעם־מאכער״, 36). דאָס הייסט, אַז דער קריסטליכער געלערטער גיט צו, אַז יעזוס׳עס לערע איז אַן אבסטראַקטע, ניט צוגעפּאַסט צום אַלטעגליכען לעבען; און דאָך הערען מיר אָפט ווי מענשען לויבען דאָס קריסטענטום אַלס אַן אידעאַלע לערע, וועלכע לערענט, אַז ווען מען פּאַטשט דיך אין איין באַק, זאָלסטו אונטערשטעלען אויך די צווייטע באַק; און זיי מאכען אונז פּאַרווירפע, וואָס אונזער תורה האָט געזאָגט: „עין תחת עין״ — אַן אויג פאר אַן אויג, 37).

מיר דארפען געדיינקען, אַז ווען אונזער תורה האָט דאָס גע־זאָגט מיט 32 הונדערט יאָר צוריק, איז דאָס פאָלק געשטאַנען אויף אַ נידעריגער שטופע פון אנטוויקלונג, דאָס זיינען געווען ערשט באפרייטע קנעכט, וועלכע האָבען געלעבט אונטער די קלעפּ פון עגיפּטער. צו אַזעלכע מענשען האָט מען געמוזט האָבען שטרייניגע געזעצען; אָבער דער גייסט פון דער תורה איז געווען געגען אַזעל־כע געזעצען; און אונזערע שפּעטיגערע געזעצגעבער האָבען ער־קלערט, אַז אַן אויג פאר אַן אויג מיינט נאָר צאָלען דעם שאָדען, וואָס דער מענש ליידעט, ווען ער פאַרלירט אַן אויג, 38). אונזערע

34) Dr. F. Adler, The Religion of Duty, p. 74.
35) Dr. M. C. Peters, Justice to the Jew, p. 9.
36) Dr. T. G. Soares, The Social Institutions and Ideals of the Bible, p. 311-312.

37) שמות, כא, כד.
38) סנהדרין, עט.

שטריינגע געזעצע אין אַלגעמיין זיינען גערעפאָרמירט געוואָרען נאָך מיט צוויי טויזענט יאָר צוריק, און אונזערע געזעצגעבער האָבען געמאכט כמעט פאר אוממעגליך דורכצופירען א טויט־שטראָף, ווי מיר האָבען געזעהן אויבען אין קאפיטעל 14 וועגען תלמוד. און וואָס פאר רעזולטאטען זעהען מיר פון דער קריסטליכער אידבערמענשליכער ליבע? לעזט די וועלט געשיכטע, און זעהט ווי די קריסטען האָבען אונטערגעשטעלט א צווייטע באַק, ווען מען האָט געפאטשט אין איינעם. אָט האָט זיך דאָך פאר אייערע אויגען אָפּגעשפּילט די שיינע פאָרשטעלונג פון אבסאָלוטער מענשען ליבע. פיר מיט א האלב יאָר (1914־1919) האָט די קריסטליכע וועלט מלחמה געהאלטען. ווי מחנות טייוואָלים האָבען די פעלקער געוואָרפען זיך איינער אויפ'ן צווייטען. מענשען זיינען ווי פיש געשוואומען אונטער'ן וואסער, ווי אָדלערס געשוועבט אונטער די וואָלקענס, אום צו קאָנען פון אויבען און פון אונטען פארניכטען איינער דעם צווייטען; און, ווען די וועלט איז פארטרונקען געווען אין אַ ים פון מענשען בלוט, זיינען די טרעגער פון דער אבסאָלוטער מענשען ליבע, די קריסטליכע גייסטליכע, געשטאנען מיט פארגלאָצטע אויגען, און געבעטען דעם גאָט פון ליבע, אז ער זאָל העלפען פארניכטען דעם געגנער.

די פאָרשפּרייטער פון קריסטענטום האָבען פארוואָרפען די אידישע תורה מיט אירע געזעצען, און די, וואָס האָבען אָנגענומען דעם קריסטענטום זיינען פארבליבען ביי זייערע גרויזאמע געזעצען. די העכערע לערע פון קריסטענטום איז געבליבען נאָר אַ טעאָריע, אַן אבסטראקטע לערע, ניט פארקערפּערט אין פּראקטישע געזעצען פון אלטעגליכען לעבען. די וועלט האָט אָנגענומען נאָר די אויסערליכע צערעמאָניעס פון דער נייער רעליגיאָן; און די, וואָס זיינען באגייסטערט געוואָרען פון דעם נייען גלויבען, האָבען זיי געפאָלגט און איינגאנצען אָפּגעזאָגט זיך פון נאטירליכען מענשליכען לעבען. מען האָט געבויט מאָנאסטירען, וואו מענשען האָבען זיך פארשפּארט און פארבראכט זייער לעבען אין איינזאמקייט. אין אלגעמיין איז דער פאנאטיזם געוואקסען און פינסטערניש האָט זיך אַלץ וואָס מער פארשפּרייט.

דער דייטשער היסטאָריקער י. ג. פאָגט זאָגט: „די קריסטליכע קירכע פון מיטעלאלטער איז געווען געגען יעדער אויפלעבונג פון גייסט, געגען יעדער נייער קולטור־מאכט. די מענשהייט איז גע־

ווען אין א צושטאנד פון פאַלשטענדיגער פוסטקייט פון גייסט, און מאָראַליש שרעקליך געזונקען", 39). דאָקטאָר מ. גידעמאַן ברייגנט פון די גרעסטע קריסטליכע אויטאָריטעטען, אז אין די ערשטע הונ־דערטער יאָרען האָט די קאטוילישע קירכע געהאַלטען די וועלט אין אומוויסענהייט. אפילו די גרעסטע גייסטליכע האָבען ניט גע־קאָנט אונטערשרייבען זייער נאָמען, און די גרעסטע מצוה האָט זיך גערעכענט צו פארניכטען די ביכער פון וויסענשאפט, פּאָעזיע, און אנדערע קונסט, 40). גרעץ אין דער געשיכטע שרייבט, אז דער קעניג יוסטיניאנוס האָט פארשלאָסען דעם טעמפּעל פון פילאָזאָפיע אין אטהען אין גריכענלאנד, 41).

אזוי האָט אין דער קריסטליכער וועלט געהערשט א פינסטער־ניש ביז דעם 16־טען יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך אָנגעפאנגען אַ באוועגונג צו רעפאָרמירען דעם קריסטענטום. אין שווייצער־לאנד זיינען געווען די רעפאָרמאטאָרען צווינגעל און קאַלווין (1518־1536), און אין דייטשלאנד איז געווען לוטער (1520־1546); און פון דאַן אָן האָט זיך די רעפאָרמע פארשפּרייט אין אַלע לענדער. געגען די רעפאָרמער האָט זיך אָנגעפאנגען א שרעקליכער קאַמף. די מלחמה האָט געדויערט דרייסיג יאָר, און האָט זיך געענדיגט אין 1848 יאָר. פון דאַן אָן זיינען געוואָרען הונדערטע פארשיידענע גערעפאָרמירטע קריסטליכע סעקטעס, און יעדערע פון זיי זאָגט, אז זי איז דער ריכטיגער קריסטענטום. „יעדע קריסטליכע סעקטע האָט באשאפען א קריסטענטום נאָך איר אייגענער פאָרשטע־לונג", 42).

6. פאַרוואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט דאָס קריסטענטום. — אויף דער פראגע, פארוואָס האָט זיך דאָס קריסטענטום אַזוי שטארק פארשפּרייט, קאָן מען ענטפערען, אז דערצו האָבען געדינט פיל אורזאכען.

די ערשטע, וואָס זיינען צוגעשטאנען צום קריסטענטום, זיינען געווען די אומוויסענדע מאסען, אָרימע און אונטערדריקטע, וועלכע האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן דעם נייען גלויבען, ווייל מען האָט זיי צוגעזאָגט אַלע גליקען אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט; און, ווען זיי האָבען אָנגעפאנגען צו ווערען אנטוישט, האָט מען גענומען איינריידען זיי, אז דאָס גליק קאָן קומען נאָר דאַן, ווען אלע מענ־

39) י. פאגט, וועלט געשיכטע, 4־טער באנד, זייט 229.
40) דר. מ. גידעמאַן, התורה והחיים, ח„ב, 4־3.
41) גרעץ, דברי ימי ישראל, ח"ד, עמוד 46.
42) Prof. S. Schechter, Studies in Judaism, 2nd series, p. 102.

שען וועלען גלויבען אין יעזוס'ען, און דעריבער מוז מען די אומ־גלויביגע צווינגען צו ווערען גלויביגע, אָדער צו פארניכטען זיי פון דער וועלט.

צו דער צווייטער קאטעגאָריע, וועלכע האָט אָנגענומען דעם קריסטענטום, באלאנגען די זינדיגע מענשען, וועלכע האָבען אָנ־געפאנגען צו פילען געוויסענסביסע, און זיי האָבען געוואָלט באַ־פרייען זיך פון זייערע זינד; און דער קריסטענטום האָט דאָך זיי צוגעזאָגט, אז ווער עס גלויבט אין יעזוס'ען, ווערט באפרייט פון אלע זיינע זינד.

צו דער דריטער קאטעגאָריע האָבען באלאנגט די מער באַ־וואוסטזיניגע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט פארלאָזען זייער גע־צענדינסט. פיל פון זיי זיינען פון פריער אביסעל באקאנט געווען מיט אידענטום, און די נייע קריסטען האָבען זיי איינגערעדט, אז קריסטענטום איז אַ פאָרטזעצונג פון אידענטום.

די הערשער און די רייכע האָבען שפּעטער אָנגענומען דעם גלויבען, ווייל דער נייער טעסטאמענט לערענט, אז מען זאָל זיין אונטערטעניג צו די הערשער, 43), און די קנעכט זאָלען זיין געהאָר־זאם צו זייערע הארען, 44); און אזוי איז דער קריסטענטום גע־וואָרען אַ וואפען אין די הענט פון די טיראנען און דעספּאָטען צו אונטערדריקען די גרויסע מאסען. און די שטארקע פארשפּרייטונג פון קריסטענטום האָט זיך טאקע אָנגעפאנגען דורך די הערשער, וועלכע האָבען מיט שווערד און פייער ארויפגעצוואונגען דעם נייען גלויבען. גאנצע לענדער האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען און אָנ־נעמען דעם קריסטענטום.

## 7. די געגנערשאַפטען פון אידענטום צו קריסטענטום.

דאָס אידענטום איז פון אָנפאנג אָן געווען געגען קריסטענטום.

ערשטענס, ווייל קריסטענטום איז געבויט אויף דעם גלויבען, אז יעזוס איז גאָט'ס זוהן, אז ער און גאָט זיינען איינס. די גאנצע קריסטליכע רעליגיאָן איז געגעבען אין נאָמען פון יעזוס'ען, אומע־טום איז יעזוס'עס אויסדרוק: „איך זאָג אייך". און דער פונדא־מענט פון דער אידישער רעליגיאָן איז, אז גאָט איז איינער, און קיין מענשען טאָרען מיר ניט גלויבען אלס אין א גאָטהייט. משה איז ביי אונז נאָר דער שליח פון גאָט, ער האָט אונז איבערגעגעבען נאָר

43) Paul to the Romans, 13, 1-7.
44) Paul to the Colossians, 3, 22-24; Peter, First Epistle, 2, 18-19.

וואָס גאָט האָט געזאָגט. משה אליין פאַרנעמט ניט ביי אונז קיין פּלאַץ אין דער רעליגיע. מיר פייערען ניט זיין געבורטסטאָג און ניט דעם טאָג פון זיין טויט, און מיר ווייסען אפילו ניט וואו זיין קבר איז. אין גאַנץ תנ"ך סיי משה און סיי די אנדערע נביאים זאָגען אימער: „אזוי האָט גאָט געזאָגט", קיינער פון זיי האָט ניט געזאָגט: „אזוי זאָג איך", 45).

צווייטענס, ליגט דער אונטערשייד צווישען אידענטום און קריסטענטום אין דעם אידעאַל פון דער מענשהייט. אין קריסטענ־טום איז דער העכסטער אידעאַל די דערהויבונג פון דעם איינצעל־נעם מענשען, אז דער מענש זאָל רייניגען זיין נשמה, און זאָל קאָ־נען ערדייכען דאָס קעניגרייך פון הימעל; און די פליכטען פון איין מענשען צום צווייטען זיינען ניט די הויפּט שטרעבונג פון דעם גלויבינגען. און אין דער אידישער רעליגיאָן איז פּונקט פאַרקערט, דער העכסטער אידעאַל פון דער אידישער לערע איז די פאַרפאָל־קאָמענהייט פון דער געזעלשאַפט. געוויס שפּילט א גרויסע ראָל דער איינצעלנער מענש, אז ער זאָל זיך דערהויבען צו א העכערער גייסטיגער שטופע, אָבער דער הויפּט אידעאַל אין אידענטום איז די שטרעבונג צו א נייער געזעלשאַפט, צו א העכערער פאָרם פון לעבען; און דער איינצעלנער מענש דאַרף זיין אונטערוואַרפען אונטער די אינטערעסען פון דער געזעלשאַפט. דאָס הייסט, אז דער אידישער אידעאַל מוז פירען צו א קאָלעקטיווער גליקזעליגקייט פון דער גאַנצער מענשהייט דאָ אויף דער ערד, 46).

דריטענס, אין נייען טעסטאַמענט ווערט געזאָגט, אז ווער עס גלויבט אין יעזוס'ען, וועלען זיינע זינד פאַרגעבען ווערען, און ער וועט זוכה זיין צו לעבען אייביג אין הימעלשען קעניגרייך, 47); און נאָך דער אידישער רעליגיאָן איז פאַר דעם מענשען ניט גענוג דער בלינדער גלויבען. גלויבען אליין קאָן ניט מאַכען ריין פון זינד, און קיינער קאָן ניט אויסלייזען דעם מענשען פון זיינע זינד, נאָר ער אליין דורך זיין בעסערער אויפפירונג.

פערטענס, דאָס קריסטענטום איז אינגאַנצען מבטל דעם לעבען דאָ אויף דער ערד. ווען דער מענש ווערט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, הייסט ער ביי זיי א הייליגער; און אין אידענטום איז אזא מענש א זינדיגער. דער נייער טעסטאַמענט זאָגט: „ווער עס

45) עיין אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ד, ע. 43
46) שם, 49־50.

47) John, 3, 36.

פארלאָזט זיין הויז, זיינע עלטערען און ברידער און זיין ווייב און קינדער צוליב דעם הימעל קעניגרייך, וועט האָבען די וועלט און יענע וועלט", 48) ; און די אידישע תורה זאָרגט פאר דעם גליק פון דעם מענשען דאָ אויף דער ערד, אז דער מענש זאָל האָבען א גוטען מאטעריאלען צושטאנד און א הויכע גייסטיגע אנטוויקלונג. דער אידישער נביא שטעלט פריער פאָר דעם ערדישען גליק, ווי גאָט וועט בענשען די ערד מיט פיל קאָרן, וויין און בוימאויל, מיט פרוכט אויף די בוימער און מיט פיה אויף די פעלדער, 49) ; און נאכהער פארענדיגט דער נביא, אז די גאנצע מענשהייט וועט ווע־רען גייסטיג אנטוויקעלט, 50). דער רמב"ם זאָגט, אז דער מענש דארף פריער זאָרגען פאר זיין קערפער און נאכהער פאר זיין נשמה, 51).

„דאָס אידענטום פאר דעם אידען איז געוואָרען מער איידער גלויבען אליין, דאָס איז געוואָרען דער וועג פון לעבען. אידענטום פאראייניגט רעליגיאָן און לעבען, צו מאכען די רעליגיאָן לעבען, און צו פארהייליגען דאָס לעבען מיט דער הייליגקייט פון רעלי־גיאָן", 52).

פינפטענס, איז פאראן א גרויסער אונטערשייד צווישען אי־דענטום און קריסטענטום אין דער לערע וועגען די באציאונגען צווישען מענשען. יעזוס האָט געזאָגט : „דו זאָלסט ניט ארויס־ווייזען קיין ווידערשטאנד געגען שלעכטס, ווען איינער וועט דיך פאטשען אין איין באַק זאָלסטו אונטערשטעלען די צווייטע, און ווען איינער האָט צוגענומען דיין קלייד, זאָלסטו אים אויך אָפּגע־בען דיין מאנטעל", 53). דאָס איז אן עקסטרעמע ריכטונג, וואָס מען רופט אלטרואיזם ; דאָס איז א ריכטונג, וועלכע איז אומנאַ־טירליך און אומלאָגיש. אז דער מענש זאָל ליב האָבען דעם צווייַ־טען מער איידער זיך אליין. „אזא אלטרואיזם איז אן איבערגע־קערטער עגאָאיזם. דער עגאָאיסט מאכט דעם צווייטען פאר א מיטעל צוליב זיינע נוצען, און אזא אלטרואיזם מאכט מיך פאר א מיטעל צוליב דעם צווייטענ׳ס נוצען", 54).

48) Luke, 18, 29-30.

49) יואל ב, יז־כב.

50) יואל, ג, א.

51) עיין רי"בל, בית יהודה, ח"א, הערה.

52) דר. יוסף קלוזנער, ישו הנוצרי, 404־406.

53) Matthew, 5, 39-40.

54) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ד, 45.

די אידישע תורה זאָגט: „ואהבת לרעך כמוך" — דו זאָלסט ליב האָבען דיין פריינד ווי זיך אליין", 55), אָבער זי פאָדערט ניט צו ליב האָבען דעם צווייטען מער איידער זיך אליין, ווייל אונזער תורה פאָדערט פאָלקאָמע גערעכטיגקייט, אז אלע מענשען זאָלען זיין גלייך, בין איך דאָך אויך אין דעם כלל מענש, און טאָר ניט זיין אומגערעכט צו זיך אליין, 56).

וואָס איז דאָס פאר א גערעכטיגקייט צו לאָזען זיך שלאָגען און בארויבט ווערען פון א צווייטען, און ניט שטעלען זיך אנטקעגען? אונזער גרויסער דיינקער אחד העם וויל האָבען, אז ווען די תורה האָט געזאָגט „ליב דעם צווייטען ווי זיך אליין", האָט זי ניט געמיינט, אז אלץ, וואָס דער מענש וויל פאר זיך אליין, דאַרף ער אויך וועלען פאר'ן צווייטען. די מיינונג פון ליב האָבען דעם צווייטען מיינט נאָר, אזוי ווי דו ווילסט ניט, אַז מען זאָל זיין צו דיר אומגערעכט, אזוי דארפסטו ניט וועלען זיין אומגערעכט צום צווייטען; און דעריבער ווען מען האָט געפרעגט הלל'ן, וואָס איז דער פונדאמענט פון אידענטום, האָט ער געזאָגט: „וואָס דו האָסט פיינט, זאָלסטו ניט טאָן דיין פריינד"57), ווייל הלל האָט פארשטאנען די מיינונג פון דער תורה און די נאטור פון דעם מענשען.

פראָפעסאָר מעקענזי זאָגט: „עס איז קיין צווייפעל, אז מיר מוזען פריער זאָרגען פאר זיך, פאר פערזענליכער אנטוויקלונג, ווייל יעדערער וויים בעסער זיינע אייגענע באדערפעניש... ווען מיר טוען גוטס זיך אליין, אָדער דעם צווייטען, דארפען מיר האָבען אין זינען, אז מיר זיינען גלייכע מיטגלידער פון איין גאנצער געזעלשאפט"58).

הערבערט ספענסער דערווייזט, אז עקסטרעמער אלטרואיזם איז שעדליך פאר דער געזעלשאפט אזוי ווי עקסטרעמער עגאאיזם, ווייל אויב איינער פארנאכלעסיגט זיך אין גאנצען צוליב טאָן גוטס דעם צווייטען, וועט ער מוזען קומען צו א צושטאנד, ווען ער וועט דעם צווייטען ניט קאָנען העלפען" 59).

דער דייטשער פילאָזאָף פרידריך ניטשע האָט געזאָגט: ערע און אכטבארקייט צום אלטען טעסטאמאנעט. אין אים געפין איך גרויסע מענשען, אן אומגעבונג פון העלדען, זעלטענע גאנצקייט....

55) ויקרא, יט, יח.
56) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ד, 46.
57) שבת, ל"א; אחד העם, שם.
58) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 276.
59) H. Spencer, Data of Ethics, chapters 11 and 14.

אין דעם געטליכען בוך פון גערעכטיגקייט זיינען פאַראַן מענשען, געשפּרעכען און אָפּהאַנדלונגען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט... און דער נייער טעסטאַמענט איז ווייט פון לעבען, פון דער ווירקליכקייט... וואָס מען האָט צונויפגעבונדען צוזאַמען דעם נייען טעסטאַמענט מיט דעם אַלטען, איז דאָס די גרעסטע העזה און די ורעסטע זינד געגען גייסט" 60).

---

איך גלויב, אַז איצט פאַרשטייט איר פאַרוואָס דער איד איז געבליבען איינגעשפּאַרט, און ניט אָנגענומען דעם קריסטענטום, ווייל דאָס וואָלט געווען ניט נאָר דער אונטערגאַנג פון אידישען פאָלק, נאָר דאָס וואָלט אויך געווען דער אונטערגאַנג פון דעם רייינעם גלויבען אין איין גאָט און פון דער גאַנצער לערע פון אונזער תורה.

## קאַפּיטעל 30

# מאַחמעדאַניזם

אַראַביען און מחמד. — דער קאָראַן. — די אַראַבער בריינגען ליכטיגקייט קיין אייראָפּע.

פינפטע חנוכה ליכטעל.

1. אַראַביען און מחמד. — אַזוי ווי אונזער געשיכטע איז אויך פאַרבונדען מיט דער מאַחמעדאַנער וועלט, וויל איך דערציילען אייך אַביסעל וועגען מאַכמעדאַניזם, וועלכער האָט זיך פאַרשפּרייט פון אַראַביען.

אַראַביען ליגט אין זיד־וועסטערען טייל פון אזיען. די אַראַבער זיינען אַ פאָלק, וועלכעס באַזיצט אַ הויכען פייערדיגען גייסט, אַ רייכע פאַנטאַזיע און אַ ברענענדען ענטוזיאַזם; און אָט דאָס פאָלק האָט פון זיך אַרויסגעגעבען אַ גרינדער פון אַ נייער רעליגיאָן.

אין אָנפאַנג פון זיבעטען יאָרהונדערט האָט אין אַראַביען געלעבט מאַחמעד, אַ מענש וועלכער איז אויפגעטראָטען אַלס אַ פּראָפעט פון גאָט, און אַלס גרינדער פון אַ נייער רעליגיאָן. ער איז באַזעסען אַ גרויסע רעדנערס־קראַפט, און אַן אומגעוויינליכע באַגייסטערונג. דאָך האָט ער פון אָנפאַנג אַ קליינע ווירקונג געהאַט.

---

60) עיין דר. יוסף קלוזנער, ישו הנוצרי, 458-455.

מען האָט אים פארפאָלגט, ביז ער איז געצוואונגען געווען צו אנט־לויפען פון מעקא קיין מעדינא. דאָ האָט ער באקומען פיל אָנהיינ־גער; און מיט א גרויסער ארמיי איז ער געקומען קיין מעקא ראכע צו נעמען פון זיינע פארפאָלגער. אין 630 יאָר האָט ער גע־זיגט איבער זיינע פיינד, און האָט זיי געצוואונגען אָנצונעמען דעם נייען גלויבען, וועלכען מען רופט „איסלאם". אינגיכען איז דער איסלאם פארשפרייט געוואָרען איבער גאַנץ אראביען.

2. דער קאָראן. — דער קאָראן איז די תורה פון דעם מאהמעדאניזם. די ריינע פילאָזאָפישע אידעען פון קאָראן שטא־מען פון אידענטום, צוזאמענגעמישט מיט באגריפען פון געצענ־דינסט. ער לערענט, אז עס איז נימאָ קיין גאָט אויסער דעם איינ־ציגען גאָט, און מאהמעד איז זיין נביא. ער גיט צו, אז משה און קריסטוס זיינען אויך געווען נביאים — פראָפעטען —, אָבער זיי־ער אויפגאבע איז געווען נאָר פאָרצובארייטען די מענשהייט צו דער נייער רעליגיאָן, צום איסלאם. מאהמעד פאָדערט, אז מען זאָל זיך וואשען פינף מאָל אין טאָג, און גאָט בעטען פינף מאָל אין טאָג, און גאָט בעטענדיג מוז מען מאכען געוויסע באוועגונגען. ער האָט געמאכט באשריינקונגען אין עסען און טרינקען. ער ערלויבט אָבער פיל ווייבער צו האָבען.

וועגען דער פארשפרייטונג פון דעם גלויבען זאָגט דער קאָראן: „באקעמפט די אומגלויביגע אזוי לאנג ביז דער איסלאם זאָל ווערען דער איינציגער גלויבען אין דער וועלט". מאהמעד האָט געפרובט צוציען די אידען צו זיין גלויבען, אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט אנערקענען אים און זיין רעליגיאָן. שפּעטער, ווען ער האָט בא־קומען די מאכט, האָט ער אָנגעפאנגען א קאמף געגען די אידען; נאָר די אראבער אידען האָבען געוויזען א העלדישען ווידערשטאנד. דערפאר געפינען זיך אין קאָראן פיל פיינדליכע אויסדריקען געגען אידען; און פון אָנפאנג האָבען טאקע די אידען געליטען פון די מאחמעדאנער; אָבער שפּעטער האָבען די אידען אין די מאח־מעדאנער לענדער געלעבט רוהיגער איידער אין אנדערע לענדער.

3. די אראבער ברייננגען ליכטיגקייט קיין אייראָפּע. — דאָס סעמיטישע־אראבער פאָלק האָט אינגיכען ערא̇בערט די וועלט פּאָליטיש און קולטורעל. זיי האָבען געזיגט אין דריי וועלט־טיילען: אזיען, אפריקע און אייראָפּע. אומעטום זיינען זיי געווען די טרעגער פון פאָרטשריט און קולטור. אונטער זייער הערשאפט

האָבען זיך מענשען באשעפטיגט מיט ערד־ארבייט, מיט האנט־ווערק, מיט האנדעל און מיט קונסט, און צווישען די אראבער זיי־נען געווען זעלטענע דיכטער און גרויסע דיינקער. איבעראל, וואו די אראבער זיינען געקומען, האָט געהערשט לעבען און באוועגונג, מאַטעריעלעם גליק און צופרידענהייט צוזאמען מיט גייסטיגען שטרעבען. איבערהויפּט אין שפּאניען האָבען די אראבער אויפגע־שטעלט דעם גלענצענדסטען מאָנומענט פון זייער קולטור־פייאיג־קייט. זיי האָבען געגעבען רעליגיאָנס־פרייהייט צו אידען און קרי־סטען; און די אידען האָבען פיל געהאָלפען צו אוועקשטעלען שפּאניען אויף דער הויך, וואָס זי איז דאן געשטאנען. ווען אין גאנץ אייראָפּע זיינען געווען נאָר צוויי אוניווערזיטעטען, זיינען אין דער אראבישער שפּאניען געווען זיבעצען אוניווערזיטעטען; ווען גאנץ אייראָפּע האָט געהאט נאָר איין ביבליאָטעק, זיינען אין שפּאניען געווען זיבעציג ביבליאָטעקען, און די צאָל פון די ביכער אין יעדער ביבליאָטעק איז געווען זעהר גרויס.

די אראבער האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער מעדיצין, אין אסטראָנאָמיע, מאטעמאטיק און כעמיע. זיי האָבען אריבערגע־שטיגען די גריכען. אין פילאָזאָפיע האָבען זיי ניט נאָר איבער־געזעצט די בעסטע גריכישע פילאָזאָפישע ווערק, נאָר זיי האָבען אייגענארטיגעם געשאפען.

צום באדויערען האָט די אראבישע הערשאפט געהאַלטען זיך נאָר אייניגע הונדערט יאָר. דאָס איז געווען א שיינע ערשיינונג אין דער וועלט־געשיכטע, און איז פארשוואונדען געוואָרען. אָבער מען קאָן מיט זיכערהייט זאָגען, אז די אראביש־מאהמעדאנישע קול־טור פעריאָדע איז איינע פון די וויכטיגסטע אין דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט, און דאָס איז א היסטאָרישער פאקט, אז אין גאנצען דער אראבישער קולטור ארבייט האָבען די אידען פיל גע־האָלפען אויף אלע געביטען.

## קאפיטעל 31

# פלאמען פייער און טייכען בלוט

**די ערשטע פארפאָלגונגען פון די קריסטען. — די קרייצצוגען. — דער פאסטובער צוג. — דער שווארצער טויט. — עלילת דם. — ארויסגעטריבען. — די גהעטאָ און דער שאנד־צייכען. — די אינקוויזיציע. — חמעלניצקי'ס צייטען. — פאָגראָמען.**

פון שטאָל און אייזען, קאלט און הארט און שטום,
שמיד אויס א הארץ פאר זיך, דו מענש, — און קום!
(ח. נ. ביאליק, אין שחיטה־שטאָט.)

זעקסטע ליכטעל.

מיט אָט די ווערטער פון אונזער גרויסען פּאָעט פאנג איך אָן דעם קאפיטעל. יע, ליבע אייניקלאך, מען דארף האָבען א הארץ פון שטאָל און אייזען צו לייענען אונזער געשיכטע, וועלכע דער־ציילט פון פלאמען פייער, וואו אונזערע עלטערען האָבען זייער לעבען פארלאָרען אלס הייליגע מארטירער, און פון טייכען אידיש בלוט, וואס איז אומעטום פארגאָסען געוואָרען.

1. **די ערשטע פארפאָלגונגען פון די קריסטען.** — ווען די רוימישע אימפעריע האָט אָנגענומען דעם קריסטענטום אין פער־טען יאָרהונדערט, האָט מען אָנגעפאנגען צו פארפאָלגען די אידען, איבערהויפט אין די מזרח־לענדער, וועלכע האָבען באלאנגט צו רוים. און אין פינפטען יאָרהונדערט, ווען די וועסטגאטען האָבען אָנגענו־מען דעם קריסטענטום, און זיי זיינען געוואָרען די הערשער פון שפּאניען, וואו אידען האָבען געלעבט פון אלטע צייטען, האָבען די אידען גענומען שרעקליך ליידען פאר זייער גלויבען. מען האָט זיי געצוואונגען אָנצונעמען קריסטענטום. פיל אידען האָבען בע־סער פארלאָזען דאָס לאנד, און א טייל זיינען געוואָרען קריסטען; נאָר די מערסטע פון אָט די געצוואונגענע געטויפטע אידען זיינען געבליבען אידען אין הארצען און אין זייערע באהאלטענע אויפ־פירונגען. דערפאר האָט מען זיי דערקלערט אלס שקלאפען, און אוועקגעגעבען זיי אלס אייגענטום צו די קריסטען, און די קינדער האָט מען צוגענומען פון די עלטערען און ערצויגען זיי אלס קריס־טען. אזוי האָבען די אידען געליטען אין שפּאניען ביז עס זיינען געקומען די אראבער און האָבען באזיגט די וועסטגאטען (711).

און די אידען האָבען באקומען פאָלקאָמע רעליגיעזע פרייהייט און האָבען דאָרט גליקלאך געלעבט איינינגע הונדערט יאָר.

2. **די קרייצצוגען.** — אין 1095 יאָר האָט דער רוימישער פאַפּסט אויפגעהעצט די קריסטען, צו גיין מלחמה האלטען מיט די מאַחמעדאנער, און אָפּנעמען ביי זיי די שטאָט ירושלים, וואו עס געפינט זיך יעזוס'עס קבר. אלע קריסטליכע פעלקער האָבען זיך פאַראייניגט, און צענדליגע טויזענטער מענשען האָבען זיך געלאָזען אין דער מלחמה, טראָגענדיג רויטע צלמים אויף זייערע קליידער, דערפאר האָבען זיי געהייסען די קרייץ־טרעגער.

אָט די ווילדע גרויזאַמע קרייץ־טרעגער האָבען אויפ'ן וועג פארניכטעט גאַנצע אידישע שטעט. איינע פון די ערשטע שטעט, וואָס האָט געליטען, איז געווען ווארמס אין דייטשלאַנד. מען האָט די אידען געגעבען א ברירה: שמד'ן זיך, אָדער געטויט ווערען. פיל אידען האָבען זיך פארשפּאַרט אין אַ הויז און האָבען זיך בע־סער אליין געטויט, איידער זיך אָפּצוזאָגען פון זייער גלויבען. פרויען האָבען געטויט זייערע קינדער פאר מורא, אז מען זאָל זיי ניט אָפּ'שמד'ן. 800 אידען זיינען דאָרט געקוילעט געוואָרען אזוי ווי שאָף. דאָס זעלבע איז געווען אין מיינץ, אין קעלן און אין פיל אנדערע שטעט פון דייטשלאַנד און באָהעמען. איבעראל פלעגען די אידען שטאַרבען העלדיש פאר זייער גלויבען און פאָלק, און די וואָס זיינען גע'שמד'ט געוואָרען מיט גוואַלד האָבען זיך אומגעקערט צום אידענטום ווען דער גוטער קעניג הענריך דער פערטער האָט זיי ערלויבט צו ווערען צוריק אידען. אין 1099 יאָר האָבען די קרייץ טרעגער גענומען די שטאָט ירושלים און אויסגע'הרג'עט אלע מאַח־מעדאנער, און די אידען האָט מען צונויפגעטריבען אין איין שול, אונטערגעצונדען די שול און פארברענט אלע אידען לעבעדיגער־הייט. אין עטליכע צענדליגע יאָר ארום האָבען די מאַחמעדאנער צוריק אָפּגענומען ירושלים. האָבען די קריסטען צוגעגרייט אַ צוויי־טען קרייץ־צוג אין 1147 יאָר; און עס האָבען זיך ווייטער אָנגע־פאנגען שחיטות אויף אידען. דעם מאָל האָבען אממייסטען גע־ליטען די אידען פון פראנקרייך. די קריסטען האָבען ווייטער איינ־גענומען ירושלים. אין 1187 האָט דער עגיפּטישער סולטאַן סאַ־לאדין אָפּגענומען ירושלים פון די קריסטען, און דאָס האָט ארויס־גערופען דעם דריטען קרייצצוג אין 1189, פון וועלכען די אידען האָבען שרעקליך געליטען איבערהויפּט אין ענגלאַנד. אין 1203

יאָר איז געווען דער פערטער קרייצצוג, אין 1228 יאָר איז געווען דער פינפטער, און אין 1248 איז געווען דער זעקסטער קרייצצוג. 150 יאָר זיינען פאָרגעקומען די קרייצצוגען, און אין דער גאנצער צייט האָט זיך אידיש בלוט געגאָסען טייכענווייז. די קרייצצוגען האָבען פארשטארקט די מאכט פון די פאפסטען, וועלכע פלעגען שיקען באפעלען צו אלע הערשער. אין אָנפאנג פון 13־טען יאָר־הונדערט האָט דער פאפסט אינאקענטי דער דריטער געשריבען צו אלע הערשער, אז זיי זאָלען אלע אידען מאכען פאר א רעכטלאָזען נידעריגען קלאס מענשען.

3. דער פאסטוכער־צוג. — אין 1320 יאָר האָט אין פראנקרייך א פאסטוך דערציילט, אז פון הימעל האָט מען אים גע־הייסען צוזאמענעמען א גרויסע ארמיי, און גיין מלחמה האלטען מיט די ניט־קריסטען. האָט ער צונויפגעקליבען א גרויסע מחנה, און זייער ערשטע אויפגאבע איז געווען צו באפאלען אידען. 120 אי־דישע קהלות האָבען שרעקליך געליטען פון דעם פאסטוכער־צוג.

4. דער שווארצער טויט. — אין 1348 יאָר איז אין אייראָפע געווען א שרעקליכע עפידעמיע אונטער דעם נאָמען „דער שווארצער טויט". הונדערטע טויזענטע מענשען זיינען געשטאָר־בען פון דער עפידעמיע. אידען האָבען וויניגער געליטען, ווייל דער איד האָט געלעבט ריינער, ער האָט זיך בעסער אָפּגעהיט און בעסער באהאנדעלט די קראנקע. די אידישע פיינט האָבען פאר־שפרייט א קלאנג, אז די אידען האָבען פארגיפטעט די וואסערען, וואָס די קריסטען געברויכען; איז דער המון באפאלען די אידען און מען האָט גע'הרג'עט טויזענטער אידען.

5. עלילת דם (בלוט בלבול). — איר האָט דאָך, קינדער־לאך, געלערענט אין דער תורה באלד פון אָנפאנג „שופך דם האדם, באדם דמו ישפך — ווער עס פארגיסט מענשען־בלוט, זאָל זיין בלוט דורך מענשען פארגאָסען ווערען", 1) און נאכהער קומט אין דער תורה איינע פון די צען געבאָט „לא תרצח" — דו זאָלסט ניט מאָרדען 2) און אזוי איז ביי דעם אידען שפיכת דמים (בלוט־פאר־גיסונג) געוואָרען איינער פון די שרעקליכסטע פארברעכענס; און איר ווייסט דאָך פון דער תורה, אז א איד טאָר ניט עסען קיין בלוט פון קיין לעבעדיגער באשעפעניש, 3) א איד זאָלצט דאָס פלייש

1) בראשית, ט, ה־ו.
2) שמות, כ', יג; דברים, ה, יז.
3) ויקרא, ז, כו־כז. שם, יז, יוד.

פאר׳ן עסען, אום דאס בלוט זאל ארויס פון דעם פלייש. ווען מען געפינט א בלוטס־טראפען אין אן איי, עסט מען ניט דאס איי. און נאכדעם אלעמען קומט אונזער ביטערער גלות־שיקזאל מיט אזא שרעקליכער איראניע, אז מען זאל אונז באשולדיגען אין געברויכען מענשען־בלוט. יע, די קריסטליכע וועלט האט פארשפרייט די פאלשע און געמיינע באשולדיגונג, אז אידען טויטען קריסטליכע קינדער און מישען זייער בלוט אין די מצות און אין דעם ווייז. דער ערשטער עלילת דם איז געווען אין 1171 יאר אין פראנקרייך. 30 אידען זיינען ארעסטירט געווארען. מען האט זיי פארגעשלא־גען זיי זאלען זיך שמד׳ן און רעטען זיך פון טויט, האבען די אידען זיך אפגעזאגט. האט מען זיי אריינגעווארפען אין א פייער און פארברענט; און פון דאן אן האבען אידען פיל געליטען פון אט דעם שענדליכען בלבול. און איר דארפט וויסען, אז די ערשטע קריסטען זיינען באשולדיגט געווארען פון די היידען, אז זיי געברוי־כען מענשען־בלוט, און שפעטער, ווען די קריסטען האבען באקומען די מאכט, האבען זיי דיזעלבע באשולדיגונג ארויפגעווארפען אויף די אידען.

6. **ארויסגעטריבען.** — איר קענט, קינדערלאך, זיך פאר־שטעלען ווי גרויס איז די ערנידערונג, די שאנדע, און דער ווייטאג פון א גאנצען פאלק, ווען מען טרייבט אים ארויס פון א לאנד, וואו ער האט געלעבט פיל יארען, און האט געהאלפען אנטוויקלען דאס לאנד.

מיר אידען האבען דעם אומגליק איבערגעלעבט פיל מאל. פון פראנקרייך האט מען אידען געטריבען פיל מאל. און אין 1394 יאר האט מען אלע אידען ארויסגעטריבען; פון ענגלאנד אין 1290 יאר; און פון שפאניען אין 1492. און מיר האבען אליין איבערגעלעבט אזעלכע צייטען, ווען מען האט אין רוסלאנד ארויסגעטריבען אידען פון גאנצע געגענדען.

7. **די גהעטא און דער שאנד־צייכען.** — אין די מערסטע לענדער האט מען אמאל איינגעפירט, אז אידען זאלען וואוינען אין א באזונדער טייל פון שטאט, וועלכען מען האט גערופען גהעטא. די גהעטא איז געווען ארומגעצאמט מיט א וואנט, און עס איז געווען א טויער, וועלכער פלעגט יערע נאכט פארשלאסען ווערען, אום די אידען זאלען ניט קאנען ארויסגיין.

אין דרייצענטען יארהונדערט האט די קירכע ארויסגעגעבען א

באפעל, אַז אַלע אידען, מענער און פרויען, זאָלען האָבען אויף זייער אויבערשטע קליידער צוגענייט א געלע לאטע אלס א שאנדצייכען; און יעדער קריסט, דערזעענדיג דעם צייכען, האָט געקאָנט אומבאשטראָפט באליידיגען דעם אידען.

8. אינקוויזיציע. — אין 13טען יאָרהונדערט האָט מען אין פראנקרייך איינגעפירט די אינקוויזיציע. דאָס איז געווען א קירכליכער געריכט צו באשטראָפען פריידיינקענדע קריסטען און אידען. אין דרייצענטען יאָרהונדערט, ווען די קריסטליכע הערשער האָבען אָפּגענומען ביי די אַראַבער א טייל פון שפאניען, האָבען זיי אָנגעפאנגען צו פארפאָלגען די אידען; און אין 1480 יאָר האָט זיך געגרינדעט די שפאנישע אינקוויזיציע צו פארפאָלגען די אידען, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען אָנצונעמען דעם קריסטענטום, און זיי האָבען שטילערהייט אָפּגעהיט אידישקייט. מיט דער איינשטימונג פון פאפסט האָט מען איינגעאָרדענט די אויטאָ־דע־פע, וואָס דאָס מיינט, דער זיג פון גלויבען. די אומגליקליכע, וואָס זיינען אריינגעפאלען צו די אינקוויזיטאָרען אין די הענט, האָט מען שרעקליך געפייניגט, און נאכהער אריינגעוואָרפען אין פייער לעבעדיגערהייט. די היסטאָריקער גיבען אָן, אַז נייַנציג טויזענט מענשען זיינען אומגעקומען אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

9. חמעלניצקי׳ס צייטען. — אין 17טען יאָרהונדערט האָבען פיל אידען געלעבט אין אוקראינע, וועלכע האָט דאן באלאנגט צו פוילען. דער גרעסטער טייל פון דער אוקראינער באפעלקערונג זיינען געווען רוסען, און זיי זיינען געווען פארשקלאַפט ביי די פוילישע פריצים, די גוט־באזיצער. נאָר א טייל פון די רוסען זיינען געווען פרייע קאָזאַקען. אין 1648 יאָר האָט דער קאָזאַצקער אַטאמאן חמעלניצקי צונויפגעקליבען א גרויסע מחנה פון קאָזאַקען און פויערים, און איז אוועק מלחמה האלטען מיט פוילען, אום צו באפרייען די רוסען פון דער פוילישער הערשאפט. און אזוי ווי די רוסען האָבען געטראָגען א האַס אויף די אידען, האָבען זיי ווי ווילדע חיות ארויפגעוואָרפען זיך אויף די אידישע קהלות. ספר תורות פלעגט מען צעשפּרייטען אין די גאסען און שיכור׳ן און טאנצען אויף זיי, און דערנאָך פלעגט מען אויף די ספר תורות אויסלעגען אידען און קוילען אזוי ווי שאָף. טויזענטער קליינע אידישע קינדערלאך האָט מען אריינגעוואָרפען אין ברונימער לעבעדיגערהייט. אידישע מיידלאך האָט מען מיט גוואלד גע׳שמד׳ט, און די קאָזאַ־

קען האָבען זיי גענומען פאר ווייבער. פיל אידישע מיידלאך האָ־בען זיך דאָס לעבען גענומען איידער אריינצופאלען אין די קאָזאצקע הענט. צען יאָר האָבען דאָרט די אידען געליטען. מער פון א האל־בען מיליאָן אידען זיינען אומגעקומען, און ארום 700 אידישע גע־מיינדען זיינען פארניכטעט געוואָרען.

10. **פאָגראָמען.** — דער וואָרט „פאָגראָם" איז א רוסישער, ווייל רוסלאנד איז אין נייטצענטען יאָרהונדערט געווען די ערשטע צו מאכען פאָגראָמען אויף אידען. די באדייטונג פון דעם וואָרט איז פארניכטונג און צעשטערונג. אָנגעפאנגען האָט זיך מיט רווי־בען אידישע האָב און גוטס, שפּעטער אָבער האָבען זיך די פּאָגראָ־מען אנטוויקעלט אין די שרעקליכסטע שחיטות. ווען דער טראָן פון די רוסישע צארען האָט זיך גענומען טרייסלען אונטער די רע־וואָלוציאָנערע באוועגונגען, האָבען די הערשער מיט דער הילף פון דער קירכע געמאכט פּאָגראָמען אויף אידען, אום אָפּצוציען די אויפמערקזאמקייט פון די אומוויסענדע פינסטערע מאסען. און נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען עס האָט זיך אָנגעפאנגען דער קאמף אין לאנד, זיינען די אידען געווען דער שעיר לעזאזל. הונ־דערטער טויזענטער אידען זיינען אויף א שרעקליכסטען אופן גע־טויט געוואָרען, און עס זיינען איבערגעבליבען צענדליגע טויזענטער עלענדע יתומים'לאך אָהן א טאטען און אָהן א מאמען.

---

אן אמעריקאנער קריסטליכער גייסטליכער זאָגט אין איין פלאץ: „אלע קריסטליכע סעקטעס האָבען פארפאָלגט דעם אידען... אָ! קריסטענטום, וועלכע קרימענעלע פארברעכענס זיינען געטאָן געוואָרען אין דיין נאָמען, 4)".

---

4) Dr. M. C. Peters, Justice to the Jew, p. 229.

## קאפיטעל 32

# דעם אידענ׳ס לעבענס־קראפט

דעם אידענ׳ס וואונדערבארע עקזיסטענץ. — דעם אידענ׳ס גייסטיגע קראפט. — דער אידישער אָפּטימיזם.

אזוי האָט געזאָגט גאָט, דער וואָס מאכט די זון צו לייכטען ביי טאָג, און די לבנה מיט די שטערן צו לייכטען ביי דער נאכט...
ווען זיי וועלען אויפהערען צו לייכטען,
וועלען די קינדער פון ישראל אויפהערען צו זיין א פאָלק...

(ירמיה, ל״א, ל״ה־ל״ו.)

דאָס זיבעטע ליכטעל.

1. **דעם אידענ׳ס וואונדערבארע עקזיסטענץ.** — ווען איר האָט איבערגעלייענט דעם פריערדיגען קאפיטעל וועגען די שרעקליכע פארפאָלגונגען, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט איבער־געלעבט, האָט איר געוויס געפרעגט: „ווי אזוי האָט געקאָנט א קליין, שוואך פאָלק בלייבען לעבען און עקזיסטירען אונטער אזעל־כע אוממענשליכע אומשטענדען?“; און ווען איר נעמט די וועלט־געשיכטע פון אלע פעלקער, און פארגלייכט זי מיט אונזער אייגענער געשיכטע, וועט אייער וואונדער נאָך גרעסער ווערען. איר זעהט אין דער געשיכטע, אז די מעכטיגע פעלקער: די עגיפּטער, די אסיריער און באבילאָנער זיינען אונטערגעגאנגען; און שפּעטער האָט דאָס זעלבע געטראָפען מיט די גריכען און רוימער. אָט די אלע שאפער און טרעגער פון אונזער ציוויליזאציע, וועלכע זיינען גענוג שטארק געווען, זיינען פארשוואונדען געוואָרען; און דאָס קליינע אידישע פאָלק איז געבליבען ביז היינטיגען טאָג, א פאָלק פול מיט לעבען, שטרעבונגען און האָפענונגען.

יע, מיינע ליבע איינינקלאך, דאָס איז א וואונדער. מיר זיינען ווירקליך געוואָרען א וואונדער פאָלק. אונזער עקזיסטענץ איז אן אויסערגעוויינליכע; א זאָנדערבארע ערשיינונג אין דער וועלט־געשיכטע; און געפירט דערצו האָבען צוויי אורזאכען: ערשטענס, אונזער גייסטיגע קראפט; און צווייטענס, אונזער אָפּטימיזם.

2. **דעם אידענ׳ס גייסטיגע קראפט.** — די אלע אלטע פעלקער זיינען אונטערגעגאנגען, ווייל זיי האָבען ניט געהאט די

גייסטיגע פייאיגקייט אויסצוהאַלטען זייער גאַנצקייט אונטער פרעמדע קולטורען. אפילו גריכענלאַנד און רוים, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכער שטופע פון ציוויליזאַציע, זיינען פאַר־זונקען געוואָרען אין דער פינסטערניש פון מיטעלאַלטער, ווייל זייער קולטור איז געלעגען נאָר אין אַ געוויסען קלאַס פון דעם פאָלק; און די מאַסען זיינען געבליבען פרעמד פון דער קולטור; און ווען עס זיינען געקומען די באַרבאַרישע פעלקער, און האָבען באַזיגט אָט די אַלטע ציוויליזירטע פעלקער, האָבען די איינצעלנע ניט געקאָנט אויפהאַלטען זייער קולטור, און דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריינגעפאַלען אין פאַרצווייפלונג, זיי האָבען פאַרלאָרען דעם אינ־טערעס צום לעבען, זיי זיינען געפאַלען גייסטיג און מאָראַליש, זיי זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען, ביז זיי זיינען אינגאַנצען פאַרשוואונ־דען געוואָרען.

דאָס אידישע פאָלק אָבער האָט געהאַט גייסטיגע פירער, וועל־כע האָבען אָנגעווענדעט אַלע מעגליכקייטען איינצופלאַנצען אין די מאַסען די אידישע קולטור, צו אַנטוויקלען אין דעם גאַנצען פאָלק אַ העבערען גייסט; און דערפאַר איז דער איד אין דעם גרעסטען פאָלקס־אומגליק ניט פאַרצווייפעלט געוואָרען, נאָר פאַרקערט, יע־דעם אומגליק האָט דערוועקט אין דעם אידען אַ וואונדערבאַרע קראַפט צו קעמפען פאַר זיין עקזיסטענץ; יעדע גרויסע צרה האָט אויפגעשטורעמט דעם אידענ׳ס גאַנצען אינערליכען וועזען און אַרויסגערופען זיינע גייסטיגע קרעפטען.

און די גייסטיגע קרעפטען האָט דער איד געשעפּט פון זיין תורה און פון זיין גלויבען. דער איד איז אַרויסגעגאַנגען אין גלות מיט אַ שטאַרקען פרייען גייסט; און וואָס ווייטער איז דער גייסט אַלץ שטאַרקער געוואָרען. דעם אידענ׳ס האַרץ איז אימער פול געווען מיט די שענסטע געפילען, און זיין קאָפּ מיט די העכסטע גע־דאַנקען. זיין גאַנצער לעבען איז געוואָרען אַ לעבען פון לערנען און פון דיינקען. אין די שרעקליכסטע פאַרפאָלגונגען האָט דער איד אַ גרויסען טייל פון זיין לעבען אָפּגעגעבען אין לערנען און טאָן מצוות. לערנען תורה און טאָן מצוות איז ביי אים געווען דער צוועק אין לעבען; און דאָס האָט אים געגעבען מוט ניט נאָר צו עקזיסטירען, נאָר צו לעבען אַ לעבען פול מיט אידעאַלען, מיט שטרעבונגען און האָפענונגען. ווען די גאַנצע וועלט איז געוואָרען פאַר דעם אידען פאַרצאַמט און פינסטער, האָט ער אין זיין תורה

געפונען העכערע וועלטען פול מיט ליכטיגקייט, און פון דאָרט האָט ער געשעפּט די האָפענונגען און דעם שטאַרקען גלויבען אין א בע־סערער צוקונפט. מען האָט פאַרשפּאַרט דעם אידען אין שמוציגע גהעטאָס, און דאָרט האָט ער געשטרעבט אימער צו ריינקייט און צו הייליגקייט; אויף זיינע קליידער האָט ער געטראָגען דעם אָרויפ־געצוואונגענעם געלען שאנד־צייכען פון ערנידערונג, און זיין האַרץ איז פול געווען מיט א נאָבעלען שטאָלץ, ווייסענדיג, אז ער טראָגט אין זיך שענערע באַגריפען און שטרעבונגען איידער זיינע פאַרפאָל־גער. זיין קאָפּ, זיין רוקען האָט דער איד געבויגען פאַר זיינע אונ־טערדריקער, אָבער זיין נשמה האָט ער ניט געבויגען, זיין גייסט איז געבליבען פריי, אומבאַזיגט.

אזוי האָט זיך ביי דעם גלות־אידען אויסגעאַרבייט א גייסטי־גער טיפזיניגער העראָאישער לעבען, וועלכער איז געווען העכער און שענער פון דעם לעבען פון זיינע פיינט, און אָט די גייסטיגע אייגענשאַפטען און מאָראַלישע אויפפירונג האָבען אים געגעבען קרעפטען איבערצוטראָגען די שרעקליכע ליידען און, נאָך מער, די אַלע פאַרפאָלגונגען זיינען נאָך געווען ווי א לייטערונגס פייער, פון וועלכען די אידישע נשמה איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער, צאַר־טער און שענער.

אומערשעפּליך איז אונזער קוואַל, וועלכען מיר רופען „אי־דענטום”, פון וועלכען מיר שעפּען אונזער לעבענס־קראַפט. דאָס איז א קוואַל, וועלכער פליסט מיט א שטילען שטאַרקען שטראָם דורך דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע, און ברייננגט נוצען ניט נאָר אונז אליין, נאָר דער גאַנצער מענשהייט.

3. **דער אידישער אָפּטימיזם.** — זעהר פיל האָט געהאָלפען צו אונזער עקזיסטענץ די אידישע אָפּטימיסטישע וועלט־אַנשויאונג. איר ווייסט דאָך, אז עס זיינען פאַראַן מענשען אָפּטימיסטען, וועלכע זעהען אין אַלץ די גוטע זייטען, זיי האָבען ליב דעם לע־בען, און זיי זיינען פול מיט האָפענונגען; און עס זיינען פאַראַן מענשען פעסימיסטען, וועלכע זעהען אין אַלץ נאָר די שלעכטע זייטען, זיי האַסען דעם לעבען און ערוואַרטען אימער דאָס ערגסטע.

מאַקס נאָרדוי זאָגט, אז אַלע פעסימיסטען זיינען גייסטיג קראַנקע. אין דער נאַטור פון א געזונטען נאָרמאַלען מענשען ליגט אָפּטימיזם, 1).

1) מאַקס נאָרדוי, פּרדוכסים, תרגום ר. בריינין, עמוד 11.

דאָקטאָר שמריה לעווין זאָגט, אז די פּעסימיסטען זיינען די ערגסטע שונאים פון מענשליכען פאָרטשריט, אז זיי האָבען ניט אין זיך קיין שאפענדע קראַפט. דער פּעסימיסט האקט איבער די פארבינדונג צווישען אונזער וואונש און אונזערע קרעפטען דורכצופירען דעם וואונש, 2).

דער אינדיער אונטער דער ווירקונג פון דער נאַטור אין אָסט אינדיען, וואו עס קומען פאָר שטארקע נאַטור־ערשיינונגען און ענדערונגען, האָט גענומען קוקען אויף דער וועלט מיט שרעק און ערשטוינונג. ער האָט געזעהן, אז קעמפען מיט דער נאַטור קאָן ער נים, איז ער געוואָרען פּעסימיסטיש; און עס האָט זיך אנט־וויקעלט די לערע פון די בראמינען, אז די וועלט איז באשאפען געוואָרען דורך א טעות, אז דאָס איז געוועזן א דורכפאַל פון די געטער צו באשאפען אזא שלעכטע וועלט, וועלכע איז פול מיט ליידען. און שפּעטער איז געקומען בודא, דער גרינדער פון בודא־איזם, וועלכער איז געוועזן דורכגעדרונגען מיט א טיפען צער און רחמנות צו אַלעמען און צו אַלץ; און ער איז געקומען צום באַ־שלוס, אז אַלץ אין דער וועלט איז נאָר א נארישע איינבילדונג, אז דאָס לעבען איז נאָר אַן אייביגער קוואַל פון ליידען. און די אויסלייזונג פון דעם צער פון לעבען קאָן מען דערגרייכען נאָר דאַן, ווען דער מענש זאָל זיך פארניכטען דעם ווילען צו לעבען, ער דאַרף נאָר לייטערען זיין נשמה ביז ער וועט קומען צו זעלבסט־פארניכטונג. אזא פּעסימיזם האָט געפירט דערצו, אז די אינדיער זיינען געבליבען אין א האלב־ווילדען צושטאנד.

די אנדערע פעלקער אין די אַלטע צייטען האָבען פּונקט פאַר־קערט געזאָגט, אז אזוי לאַנג ווי דער מענש לעבט, דאַרף ער וואָס מער געניסען פון לעבען, און זייערע קערפּערליכע פארגניגענס האָ־בען געפירט צו זייער אונטערגאַנג.

שפּעטער איז געקומען דער קריסטענטום מיט זיין לערע, אז דער מענש זאָל גאָר ניט זאָרגען פאר זיינע קערפּערליכע באדערפע־ניש, ער דאַרף נאָר קלערען וועגען גאָטס רייך, 3). און נאָך אין א פּלאַץ ווערט געזאָגט: „איר זאָלט ניט ליב האָבען די וועלט און ניט די זאַכען, וואָס געפינען זיך אין דער וועלט. ווער עס האָט ליב די וועלט, האָט ניט קיין ליבע פאר גאָט“4). אזא לערע האָט גע־

---

2) דר. שמריה לעווין, אין מלחמה צייטען, ז. 127־132.
3) Matthew, 6, 25-34.
4) John, First Epistle, 2, 15.

פירט דערצו, אז פיל גלויביגע מענער און פרויען אנטזאגען זיך פון א מענשליכען נאטירליכען לעבען, און פארברייגגען זייערע יאָרען אָפגעזונדערט פון דער וועלט.

דאָס אידישע פאָלק איז ניט געקומען צו עקסטרעמען. איי בערהויפּט, צו פעסימיזם האָט עס ניט געקאָנט קומען, ווייל דער גייסט פון אונזער תורה איז א ליכטיגער, א צופרידענער. וועגען דער וועלט באשאפונג זאָגט די תורה: „און גאָט האָט געזעהן, אז אלץ וואָס ער האָט באשאפען איז גוט"5). און דעם מענשענ'ס לעבען ווערט זעהר הויך געשאצט אין אונזער תורה. גאָט זאָגט צום אידען: "איך האָב דיר היינט געגעבען לעבען און גוטס"6); און פאר גוטע אויפפירונג זאָגט צו די תורה לאנגע יאָרען, 7); און געזעצען זיינען געגעבען געוואָרען, וואָס דער מענש זאָל זיי אָפּ היטען און לעבען, 8).

אונזערע אבות און די נביאים האָבען אויך געפילט דעם צער פון דער וועלט און דעם מענשענ'ס ליידען, אָבער זיי זיינען ניט געוואָרען פעסימיסטיש. זיי האָבען פראָטעסטירט, טענות געהאָט צו גאָט, אָבער דער פראָטעסט איז געקומען פון א הויכען מאָראלי שען געפיל, זיי האָבען געמאָנט ביי גאָט גערעכטיגקייט. אברהם זאָגט: „וועט דער ריכטער פון דער גאנצער וועלט ניט טאָן גער רעכטיגקייט? 9)"; און דער נביא ירמיהו זאָגט: „איך וויל פון דיר פאָדערען גערעכטיגקייט 10). זיי האָבען געפרעגט, אָבער זיי האָבען ניט געצווייפעלט אין גאָט'ס גערעכטיגקייט. און אזוי איז דעם אידענ'ס באגריף געוואָרען, אז גאָט פירט די וועלט מיט חסד און מיט גערעכטיגקייט, נאָר עס זיינען פאראן פיל ערשיינונגען, וועלכע זיינען פאר דעם מענשען אומבאגרייפליך. דער איד וויים, אז עס איז ניטאָ קיין אבסאָלוטע גוטס און קיין אבסאָלוטע שלעכטס. אין דער זאך, וואָס ווייזט אוים דעם מענשען גוט, איז פאראן א שלעכטע זייט, און אין יעדער שלעכטער זאך איז פאראן עטוואָס גוטעס; און, ווען עס קומט די שלעכטס, דארף מען ניט אנטוישט ווערען, מען דארף האָבען מוט און געדולד איבערצוטראָגען די שלעכטע צייט, און האָפען אויף בעסערע צייטען. דער איד וויים, אז דער לעבען איז פול מיט צער און ליידען, און דאָך דארף ער טייער האלטען דעם לעבען, וואָס גאָט האָט אים געגע

5) בראשית, א, לא. 6) דברים, ל, טו. 7) דברים, ה, יו. 8) ויקרא, יח, ה.
9) בראשית יח כה.
10) ירמיה, יב, א־ב.

בען, ווייל אויסער די צרות זיינען פאַראַן אויך גרויסע פאַרגני־גענס, איבערהויפּט גייסטיגע פאַרגניגענס, צוליב וועלכע עס איז ווערט צו לעבען.

דער איד איז אָבער אויך ניט געקומען צום באַגריף, אַז דער מענש דאַרף אַריינכאַפּען פון לעבען וואָס מער קערפּערליכע פאַר־גניגענס אליין. דער איד ווייס, אַז דער מענש דאַרף געניסען פון לעבען, ער דאַרף זיך ניט אָפּזאָגען פון מענשליכע פאַרגניגענס, אָבער אַלץ דאַרף זיין מיט אַ מאָס. ער דאַרף ניט פאַרנאַכלעסיגען דעם קערפּער, און ניט פאַרגעסען דעם גייסט.

דער שטאַרקער גלויבען אין גאָט׳ס גערעכטיגקייט און די ליבע צום לעבען פון אַ רעליגיעזע שטאַנדפּונקט, האָבען דעם אידען גע־מאַכט פאַר אַן אָפּטימיסט, און דאָס איז ביי אים געוואָרען אַ טיפע לעבענס־אויפפאַסונג, אַ וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז געבויט אויף גלויבען און אויף שכל.

## קאַפּיטעל 33

# צווייפעל און האָפענונג

די ליכטעלאַך לעשען זיך. — ישעיה׳ס נבואה.

מיין מאַכט און שטאָלץ איז לאַנג אַריבער,
דער ווילדער שונא שפּאָט און לאַכט;
עס לעבט דאָך אויף דער אַלטער גבור,
ווען איך צינד אָן די ליכטלאַך, די אַכט.
(אברהם רייזען.)

דאָס אַכטע ליכטעל.

1. **די ליכטעלאַך לעשען זיך.** — איך האָב אָנגעצונדען די אַכט חנוכה ליכטעלאַך, און געבליבען אַליין אין צימער. איך קוק אויף מיינע ליכטעלאַך ווי זיי גייען אויס. די שוואַכערע ווע־רען גיכער אויסגעגאַנגען, און די שטאַרקערע גוסס׳ן, עס טוט זיך נאָך אַ הויב פון זיי אַ קליין פלעמעלע, און עס לאָזט זיך באַלד אַראָפּ. די ליכטיגקייט מיט דער פינסטערניש ראַנגלען זיך. נאָך אַ מאָמענט, און אין צימער ווערט פינסטער. די פינסטערניש דרינגט אַריין אין מיין נשמה, שווערע געפילען דריקען מיין האַרץ; איך פרעג זיך: „וועלען די חנוכה ליכטעלאַך ניט אויסגעלאָשען ווערען אויף אייביג? וועט דער נייער דור האָבען אין זיך גענוג

ווידערשטאנדס־קראפט איבערצוטראָגען פארפאָלגונגען ? וועלען נאָך מיינע אייניקלאך פארשטיין די באדייטונג פון די חנוכה ליכ־טעלאך ? וועלען די ליכטעלאך באלייכטען דעם וועג פון אונזער יוגענד, אז זיי זאָלען זעהן און וויסען וואוהין צו גיין ? איז דען מעגליך אזא ביטערע איראָניע פון אונזער שיקזאל, אז נאָך די צוויי טויזענט יאָר פון שרעקליכע ליידען זאָל אלץ פארלאָרען גיין ?

מיין קאָפּ ווערט ווי מיט בליי אָנגעגאָסען ; מיינע אלטע אויגען, פייכטע פון טרערען, מאכען זיך צו. און איך זעה א שויד־דערליך בילד. אן אלטע, פאר׳חושכ׳טע, אויסגעדארטע פרוי, א פּנים געל ווי וואקס, דער רוקען איין דרייען געבויגען, איינגעוויקעלט אין שמאטעס, מיט א פּעקעל אויף אירע פארוואונדעטע שולטערס, און מיט א וואנדער שטעקען אין איר האנט. פון איין לאנד ארויס־געטריבען, און דאָס צווייטע לאנד האָט די טירען פארשפּארט, מען לאָזט ניט אריין. פארהונגערט, פארשמאכט, נאקעט און באָרפוס פאלט די אלטע א פאר׳חלש׳טע צו דער ערד.

פון דעם שטויב און שמוץ דערקען איך זי. דאָס ביסטו טאָכ־טער פון ציון ? דאָס ביסטו די פּרינצעסין פון מזרח ? דו, די מוד־טער פון משה, פון די נביאים, פון די מאקאבעער, און ווי מען זאָגט, אויך די מוטער פון קריסטוס׳ען ; און אָט דאָס איז די דאנקבאר־קייט פון דער וועלט פאר אלע דיינע אומשאצבארע שאפונגען, וואָס דו האָסט געגעבען דער וועלט ?

2. **ישעיה׳ס נבואה.** — שטיל און פינסטערלאך איז אין מיין צימער, און צווייפעל, האָפענונגסלאָזיגקייט פילען אָן מיין צע־ווייטאָגט הארץ ; נאָר פּלוצלונג פאנגט אָן צו קלינגען אין מיין נשמה די געטליכע שטימע פון אונזער גרויסען אומשטערבליכען פּראָפעט, די שטימע פון אונזער נביא ישעיהו. איך הער די געט־ליכע ווערטער :

„התפתחי מוסרי צוארך שביה בת ציון — בינד פאנאנדער די שטריק פון דיין האלז, דו געפאנגענע טאָכטער פון ציון, 1)״... דער־פאר וואָס דו ביסט געווען פארלאָזען און פארהאסט, וועסטו זיין שטאָלץ אויף אייביג... עס וועלען זיך ענדיגען די טעג פון דיין טרויער, 2)״.

איך דערפיל ווי א שווערער שטיין האָט זיך אראָפּגעקייקעלט פון מיין הארץ. א געטליכער שטראל האָט אריינגעשיינט אין מיין

1) ישעיה, נב, ב.
2) ישעיה, ס, טו־כ.

נשמה. די זעהונגען פון אַלע אונזערע נביאים האָבען זיך צונויפ־געגאָסען אין איין גרויסער וויזיאָן; און איך דערזעה פאר זיך א שטארקע, הויכע שיינע פרוי. איר פנים איז באלויכטען מיט א געטליכען שיין און אירע אויגען לייכטען ווי צוויי שטראַלענדע זונען. דאָס איז די אַלטע־יונגע טאָכטער פון ציון, מיט דעם חן פון צניעות פון אַלטקייט; און מיט לעבען, מוט און ענערגיע פון יוגענד.

שיין ביסטו אַלטע־יונגע טאָכטער פון ציון. אַלט ביסטו אין יאָרען און ערפאַרונגען, און יונג ביסטו אין גייסט און אין שטרע־בונגען. ניט אומזיסט האָבען אונזערע חנוכה ליכטעלאך געברענט מער פון צוויי טויזענט יאָר. זיי האָבען אין אונז אריינגעגעבען א יוגענד־קראַפט; זיי האָבען אימער אָפגעפרישט אין אונז דאָס בלוט פון די מאקאבעער; דאָס בלוט פון יענע העלדען, וועלכע האָבען אונז געלערענט צו קאָנען ליידען און איבערטראָגען אַלע צרות, פאַר־זעצענדיג דעם קאמף פאר אונזער עקזיסטענץ, ביז עס וועט קומען די גליקליכע צייט פאר אַלע מענשען, ווי אונזערע נביאים האָבען צוגעזאָגט.

## קאַפּיטעל 34

# די געשיכטע פון פורים

דער אינהאלט פון דער מגלה. — פורים אלס א פאָלקס יום טוב.

1. די מגלה. — אין תנ"ך איז פאראן אן ערציילונג „מגלת אסתר", וואו עס ווערט דערציילט א געשיכטע, וואָס האָט געטראָפען מיט 2300 יאָר צוריק, אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש, ווען א טייל אידען האָבען געוואוינט אין די לענדער, וועלכע האָבען דאן באלאנגט צו די פּערסיער.

דער פּערסישער קעניג אחשורוש (קסערקסעס) האָט צווישען זיינע פרויען געהאט א שיינע אידישע טאָכטער מיט'ן נאָמען אסתר; און אסתר האָט ניט געזאָגט פון וועלכען פאָלק זי קומט. ווייטער ווערט דערציילט, אז דאָרט איז געווען א מאן מיט'ן נאָמען המן, וועלכען דער קעניג האָט זעהר גרויס געמאכט, און האָט אים דערהויבען העכער פון אלע באאמטע; און דער קעניג האָט ארויסגעגעבען א באפעל, אז אלע זאָלען זיך בוקען און קניען פאר המנ'ען; און געווען איז דאָרט א איד מרדכי, אסתר'ס אן אָנקעל, און ווי עס ווייזט אויס אן אָנגעזעהענער מאן, וועלכער האָט געהאט א צוטריט אין קעניגליכען הויף. האָט מרדכי ניט געוואָלט קניען זיך און בוקען זיך פאר המנ'ען; און ווען דעם קעניג'ס קנעכט האָבען געפרעגט מרדכי'ן די אורזאך, האָט ער זיי געענטפערט, ווייל ער איז א איד. ווען המן האָט זיך דערוואוסט דערפון, איז ער פול געוואָרען מיט צאָרן, און האָט באשלאָסען אויסצוראָטען אלע אידען. איז ער געקומען צום קעניג, און האָט געזאָגט: „עס איז פאראן איין פאָלק צעשפּרייט צווישען אלע פעלקער אין אלע לענדער פון דיין קעניגרייך. זייערע געזעצען זיינען אנדערש פון די געזעצען פון אנדערע פעלקער; און די קעניגליכע געזעצען היטן זיי ניט; און עס האָט ניט קיין ווערט פאר'ן קעניג צו דולדען זיי. אויב דעם קעניג איז געפעלען, זאָל ארויסגעלאָזען ווערען א באפעל צו פארטיליגען אלע אידען". און דער קעניג האָט ארויסגעגעבען א באפעל, אז די פּערסיער זאָלען צערויבען די אידישע גוטס, און אלע אידען פון יונג ביז אלט, פרויען און קליינע קינדער, זאָלען אויסגע'הרג'עט ווערען אין 13־טען טאָג אין 12־טען מאָנאט, אדר.

ווען מרדכי האָט דאָס דערהערט, האָט ער צעריסען אויף זיך די קליידער, און האָט יאָמערליך געשריען; און איז אוועקגעלאָפּען צו אסתר'ן, זאָגען איר, אז זי זאָל בעטען דעם קעניג פאר איר פאָלק, און ער האָט צו איר געזאָגט: „דו זאָלסט זיך ניט איינריידען, אז דו אליין וועסט אויסמיידען די געפאר". אין אסתר'ן האָט ער־וואכט איר אידיש הארץ. זי האָט אָנגעזאָגט, אז אלע אידען זאָלען דריי טעג פאסטען, און זי אליין האָט אויך געפאסט. נאכהער איז זי אוועק צום קעניג און איינגעלאדען דעם קעניג מיט המנ'ען צו זיך אויף א מאָלצייט. המן איז זעהר שטאָלץ געווען מיט דער איינ־לאדונג; נאָר ווען ער האָט באגעגענט מרדכי'ן נעבען קעניגליכען הויף, און מרדכי האָט זיך ניט געבוקט פאר אים, איז המן זעהר בייז געוואָרען, און האָט באשלאָסען צו בעטען דעם קעניג, ער זאָל ערלויבען אויפצוהייגען מרדכי'ן; און זיכער איז ער געווען, אז דער קעניג וועט אים ערלויבען, האָט ער דערווייל געהייסען צו־גרייטען א הויכען סלופּ (פּאָסט), וואו מרדכי זאָל געהאנגען ווערען.

האָט גראדע געטראָפען, אז יענע נאכט האָט דער קעניג ניט געקאָנט שלאָפען. האָט ער געבעטען, אז מען זאָל פאר אים פאָר־לעזען די קעניגליכע כראָניק; און מען האָט פאר אים געלעזען, ווי מרדכי האָט אמאָל גערעטעט דעם קעניג'ס לעבען. האָט דער קעניג געלאָזט רופען המנ'ען און געפרעגט: „וואָס זאָל מען טאָן דעם מאן, וועמען דער קעניג וויל צייגען גרויס ערע?". המן האָט געטראכט: „וועמען קאָן דער קעניג וועלען צייגען גרויס ערע מער איידער מיר?" און ער האָט געזאָגט צום קעניג: „דעם מאן, וואָס דער קעניג וויל צייגען גרויס ערע, זאָל מען אָנטאָן א קעניגליכען מאנטעל, ארויפזעצען אויפ'ן קעניג'ס פערד, און דיין גרעסטער באַ־אמטער זאָל דעם מאן ארומפירען איבער'ן שטאָט און אויסרופען: „אָט אזוי טוט מען צו דעם מאן, וועמען דער קעניג וויל צייגען גרויס ערע!". און דער קעניג האָט געזאָגט צו המנ'ען: „נעם באלד דעם מאנטעל און דעם פערד און טו אזוי צו מרדכי דעם אידען, קיין זאך זאָל ניט געמינערט ווערען". המן האָט דאָס אלץ געמוזט טאָן; און איז אוועק אהיים זעהר טרויעריג. באלד זיינען געקו־מען דעם קעניג'ס קנעכט און געזאָגט צו המנ'ען, אז די קעניגין האָט אים איינגעלאדען צו א צווייטען מאָלצייט.

אין דער צייט פון מאָלצייט האָט דער קעניג געזאָגט צו דער קעניגין: „דו קאָנסט בעטען וואָס דו ווילסט, דיין וואונש וועט

ערפילט ווערען״. און אסתר האט געזאגט צום קעניג: „אויב איך האב גנאד געפונען אין דיינע אויגען, קעניג, זאל מען שיינקען מיין לעבען און דאס לעבען פון מיין פאלק, דען מען וויל אונז אלעמען פארניכטען״. און דער קעניג האט געפרעגט: „ווער איז ער, וואס ערלויבט זיך אזא זאך?״. און אסתר האט געזאגט: „א גרויזא־מער און פיינד, אט דער שלעכטער המן״. איז דער קעניג פול גע־ווארען מיט צארן; און נאך א זינד האט ער אויסגעפונען אויף המנ׳ען, און האט געהייסען אויפהייגען המנ׳ען אויף דעם סלופ, וואס המן האט צוגעגרייט פאר מרדכי׳ן; און שנעלע רייטער זיינען ארויסגעשיקט געווארען אין אלע לענדער, מיט א צושריפט פון דעם קעניג, צו בטל מאכען די גזרה אויף די אידען; און, אויב מען וועט באפאלען די אידען, האבען זיי רעכט צו טויטען און צו רוי־בען זייערע פיינד. האבען די פעלקער דערשראקען זיך פאר די אי־דען, און פילע האבען אנגענומען דעם אידענטום. און מרדכי איז געווארען דער וויצע־קעניג און דער גרעסטער פון זיין נאציאן, און ער האט געטאן פיל גוטעס פאר זיין פאלק.

צום אנדיינקען פון דעם גרויסען נס פייערען די אידען דעם 14־טען טאג אין חודש אדר. דער טאג הייסט פורים. דאס ווארט פור מיינט גורל (לאזע), ווייל המן האט גורל געווארפען אין וועל־כען טאג צו פארניכטען די אידען.

2. פורים אלס א פאלקס יום טוב. — מען זאגט, אז פורים איז ניט קיין יום טוב, מען זאגט ניט קיין הלל און מען מעג ארבייטען; און דאך האט מען דעם טאג פורים געפייערט מיט פרייד און באגייסטערונג. אמת, ער טראגט ניט אויף זיך קיין הייליגקייט, דערפאר אבער איז ער זעהר פאלקסטימליך, הארציג און תמימות׳דיג. די גאנצע געשיכטע איז א גלות־געשיכטע פון דעם אידישען פאלק; א געשיכטע, וועלכע האט זיך ווידערהאלט פיל מאל. א נארישער, אויסגעלאסענער קעניג ווערט באאיינפלוסט פון א צורר היהודים, פון אן אנטיסעמיט, און דאס גאנצע אידישע פאלק שטייט אין געפאר. זעהר אפט טרעפט, אז א המן ווערט אין כעס אויף איין אידען, און לאזט אויס זיין כעס צום גאנצען אידי־שען פאלק; און דאס גלות־פאלק קאן זיך ניט העלפען. מען פאסט, מען בעט גאט, מען שיקט שתדלנים, מעןווארט אויף נסים, און דער נס האט געטראפען. און ווייל דער איד גלויבט, אז ער וועט איבער־לעבען אלע המנס, ווי ער האט איבערגעלעבט דעם ערשטען המן,

דערפאר איז פורים געוואָרען א פאָלקס יום טוב, ניט נאָר אלס היסטאָרישע עראינערונג, נאָר אלס אלטעגליכע ערשיינונג. מער פון צוויי טויזענט יאָר זיינען אריבער פון דעם ערשטען המן. פאָליטישע, סאָציאלע און עקאָנאָמישע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען. מען רעדט פון הומאניטעט, פון מענשען־ליבע, און דאָך איז דער אידען־האס נאָך שטארקער געוואָרען. אלעס, וואָס ווילד, אוממענשליך און ברוטאל, ווערט געברויכט געגען דעם אידען; און דער איד פול מיט גלויבען און האָפענונג לאכט זיך אויס פון זיינע שונאים. אויסערגעוויינליך לעבעדיג און פרייליך פלעגט ווערען דער איד פורים. מען פלעגט זיך אָנטאָן פאר פורים־שפילער. פון דער גלות־טראגעדיע האָט ער געמאכט א קאָמעדיע; און צו דערזעלבער צייט האָט דער איד אין דעם טאָג פורים ארויסגעוויזען זיין גוט מענשליך הארץ און זיין ברייטע אידישע נשמה. מען האָט געגעבען מתנות צו אָרימע לייט, מען האָט געטיילט געלט אויף אלע חברות; און חברות ביי אידען זיינען געווען זעהר פיל. חברות צו שטיצען און אויפהאלטען אונזער גייסטיגען לעבען, און חברות צו העלפען אין מאטעריעלע נויטען.

## קאַפיטעל 35

# די פיינדשאַפט צו אידען

די שנאה אין די אלטע צייטען. — די שנאה פון קריסטענטום. — דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם. — דער היינטיגער אלוועלטליכער אַנטיסעמיטיזם. — וואָס דאַרפען מיר טאָן.

1. **די שנאה אין די אַלטע צייטען.** — אין די אלטע צייטען האָט מען אונז פיינט געהאט, ערשטענס, פאר אונזער רעליגיאָן. ביי די פעלקער האָבען מיר ארויסגערופען האס און שרעק מיט אונזער גלויבען, וואָס מיר האָבען א גאָט, וועלכער האָט ניט קיין געשטאלט און איז ניט פארקערפערט אין קיין זאך; און צווייטענס, האָט דער אידישער באגריף וועגען לעבען ארויסגערופען ביי די פעלקער האס און פאראכטונג. ווען אין דער רוימיש־גריכישער וועלט האָט זיך אנטוויקעלט א באגריף, אז דאָס לעבען מוז זיין פול מיט שטארקע איבערלעבונגען, געבויט אויף פיזישער קראפט; און די גרעסטע פרייד פאר׳ן מענשען איז קאמף און באַקעמפען; און

איינשטעלען דעם לעבען אין געפאר איז געווען א קינדער־שפיל. האָט דער איד געשטעלט דאָס גייסטיגע אין לעבען העכער פון די קערפערליכע פיזישע אייגענשאַפטען; און דער איד האָט געקוקט אויפ׳ן לעבען ווי אויף א מתנה פון גאָט, וועלכע ער דארף אָפּהי־טען. אונטער אלע אומשטענדען איז ביי אים טייער געווען דאָס לעבען, און ער האָט זיך אָפּגעהיט פון יעדער געפאר; דעריבער האָט דער רוימער און גריך געקוקט אויף דעם אידען מיט פאר־אכטונג אלס אויף א נידעריגער באשעפעניש.

דאָקטאָר דערענבורג זאָגט: „ווען די אידען זיינען נאָך גע־זעסען אין זייער לאנד האָט מען זיי באטראכט מיט וואונדער, זיי זיינען געווען אומבאגרייפליך פאר די אנדערע פעלקער; אָבער, ווען מען האָט זיי באזיגט און פארשקלאפט, און זיי זיינען נאָך אלץ געבליבען איינגעשפּארט צוגעבונדען צו זייער גלויבען, איז מען שוין בייז געוואָרען אויף זיי, און עס האָט זיך אנטוויקעלט א שרעק־ליכע פיינדשאפט, 1)״.

2. די שנאה פון קריסטענטום. — אמשטארקסטען האָט זיך אויסגעדריקט די שנאה צום אידען אין דער קריסטליכער וועלט. די קאטוילישע קירכע האָט אימער געציטערט פאר׳ן אידענטום און פאר דער אידישער תורה. און די ענדע איז דאָך טאקע געווען, אז די קריסטען, וועלכע האָבען טיפער אריינגעדרונגען אין אונזער תורה, האָבען זיי זיך באפרייט פון דער קאטוילישער קירכע. די קריסטליכע הערשער, וועלכע האָבען געוואָלט, אז אלע זייערע אונ־טערטאנען זאָלען האָבען איין רעליגיאָן, אום צו פארשטארקען זיי־ער הערשאַפט, האָבען פיינט געהאט דעם אידען, ווייל ער איינער איז געבליבען איינגעשפּאַרט צו האלטען זיך ביי זיין רעליגיאָן. דערצו נאָך האָבען די הערשער פיינט געהאט דעם אידען פאר זיין רעוואָלוציאָנס גייסט. אין יעדען קאמף פאר פרייהייט זיינען אי־דען אימער געווען צווישען די קעמפער. די שנאה פון דעם פינס־טערען המון איז געקומען טיילווייז אלס ראכע פאר יעזוס׳עס טויט, אין וועלכען מיר זיינען ניט שולדיג, 2).

אַן אַמעריקאנער זשורנאליסט הארי קאלען האָט אין דער צייטונג „ניישאָן״ ארויסגעזאָגט אזא מיינונג: „אידען פיינדשאפט איז א טייל פון קריסטענטום. פון קינדהייט אָן הערט דער קריסט, אז אידען האָבען געטויט קריסטוס׳ען, און זיי האָבען אויף זיך גע־

1) דר. דערענבורג, משא ארץ ישראל, 115.
2) זעה אויבען קאַפּ. 29, פּאראג. 4.

בראכט גאָט'ס צאָרן, ווייל זיי האָבן ניט אנערקענט יעזוס'ען; און אזוי באקומט דער קריסט א באגריף, אז גאָט אליין פארלאנגט, אַז מען זאָל דעם אידען פארפאָלגען".

צווייטענס, איז די שנאה פון המון צו אונז, ווייל אלע פאר־פאָלגטע און אונטערדריקטע, וועלכע שטייען אויף א נידעריגער שטופע פון אנטוויקלונג, גיסען אויס זייער צאָרן אויף די, וואָס זיי־נען נאָך שוואכער און מער אונטערדריקט פון זיי, און דער איד איז דאָך אימער געווען דער שוואכסטער, דעריבער האָט ער אימער געליטען מער פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער. אויסער די אלע אויבענדערמאנטע אורזאכען איז פאַראַן א פסיכאָלאָגישע אורזאך, דאָס איז דער נידעריגער אינסטינקט צו פיינט האָבען דעם פרעמ־דען; און מיר אין גלות זיינען דאָך אומעטום פאררעכענט אלס פרעמדע. פון אָט די אלע אויבענדערמאנטע אורזאכען האָט זיך די פיינדשאפט צום אידען איינגעוואָרצעלט טיף אין די הערצער פון אַלע פעלקער. דאָס איז געוואָרען א גייסטיגע קראנקהייט, וואָס גייט איבער בירושה פון די עלטערען צו די קינדער.

אלכסנדר זיסקינד ראבינאָוויץ געפינט אין די ווערק פון דעם רוסישען שריפטשטעלער טורגענעוו, אז די פיינדשאפט צום אידען איז ביי אלעמען איינגעוואָרצעלט אין הארצען, ניט האָבענדיג קיין באַשטימטע אורזאך, און ביי דעם קלענסטען צופאל, ביי א נארי־שען פארדאכט, דערוועקט זיך די שטארקסטע פיינדשאפט, און דריקט זיך אויס אין די גרויזאמסטע פאָרמען, 3).

אפילו אין די פרייע לענדער, וואו דער איד האָט אויפ'ן פאַ־פיר אלע רעכטע, בלייבט ער אלץ א פרעמדער, א פארהאסטער. אפילו די בעסערע מענשען דולדען נאָר דעם אידען, זיי ווילען אים קיין שלכטס ניט טאָן, אָבער רעכענען אים ווי א גלייכען צו זיך קאָנען זיי ניט, ווייל זיי פארשטייען ניט דעם אידען; זיין נשמה, זיין פסיכאָלאָגיע איז אומבאגרייפליך פאַר זיי. זיי האָבען געגען אים א פאָראורטייל; זיי זעהען נאָר דעם אידענ'ס פעלערען, אָבער פרעמד בלייבט פאר זיי דעם אידענ'ס נשמה, זיינע אידעאַלען און זיינע שיינע שטרעבונגען.

און דאָס איז א פאקט, אז אין יעדען לאַנד ווי עס ווערט נאָר אומרואיג, ווען עס קומט צו א קריזיס, צו אן ענדערונג אין פאָלי־

---

3) א. ז. ראבינאוויץ, השלוח, כרך ב, 424-433.

טישען, אָדער עקאָנאָמישען לעבען, זיינען מיר אידען דער שעיר לעזאזל.

3. דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם. — דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אָנגעפאנגען אין דייטשלאנד. די פריי־הייט, וואָס אידען האָבען דאָרט באקומען, האָט זיי געגעבען א מעג־ליכקייט צו מאכען אן ערפאָלג אויף אלע געביטען פון געזעלשאפט־ליכען לעבען; און דאָס האָט ארויסגערופען א שטארקע קנאה ביי די קריסטען, און זיי האָבען גענומען שרייען, אז דער איד האָט באקומען אן אויבערהאנט אין אַלץ; און, אז ער שטרעבט צו פארכאפּען אלץ אין זיינע הענט; דעריבער מוז מען באשריינ־קען זיינע רעכט, און ניט דערלאָזען אים צו פילע באשעפטיגונגען און פּראָפעסיעס. און ניט נאָר די פינסטערע רעאקציאָנערען, נאָר אַפילו צווישען דער פּראָגרעסיווער מענשהייט האָט זיך אנטוויי־קעלט דער אנטיסעמיטיזם. דער פּראָגרעסיווער קלאָס מענשען האָט מורא, אַז די אידישע קולטור וועט באזיגען זייערע קולטורען; אַז די גייסטיגע ריכטונג פון אידענטום וועט באהערשען די וועלט; אַז דער אידישער געפיל פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט וועט אָפּ־מעקען דעם גראָבען עגאָאיזם, דעם באַרבארישען „אתה בחרתנו״, וואָס יעדעם פאָלק דיינקט, אז ער איז דער בעסטער און שענסטער, און דערפאר קומט אים צו באהערשען די וועלט. און אזוי זיינען צו די אנטיסעמיטען צוגעשטאנען געלערטע מענשען, און עס איז אנטשטאנען דער וויסענשאפטליכער אנטיסעמיטיזם. דאָס איז גע־וואָרען א גאנצע טעאָריע צו דערווייזען, אז די סעמיטישע פעלקער זיינען נידעריגערע מענשען פון די אַריער; און זיי דערווייזען, אַז די ערגסטע פון אלע סעמיטען זיינען די אידען, און אז די אידען זיי־נען אן אומגליק פאר די אנדערע פעלקער.

4. דער היינטיגער אַלוועלטליכער אַנטיסעמיטיזם. — נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה (1914-1918) איז דער אַנטי־סעמיטיזם געוואָרען אן אַלוועלטליכע ערשיינונג. ער האָט ארומ־געכאפּט אלע לענדער. אין יעדען לאנד איז דאָס געוואָרען א פאָלקס־באוועגונג מיט באגייסטערטע אָנהייגער, מיט קלוגע פירער און מיט א גוטער שטארקער אָרגאניזאציע. פעלקער, וועלכע זיי־נען צווישען זיך שונאים, האָבען זיך פאראייניגט אין זייער קאמף געגען אידען.

פארוואָס דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך איצט אזוי פאר־

שטארקט ווערען אָנגעגעבען פארשיידענע אורזאכען. איינינגע זאָ־
גען, אז דאָס איז די פארווילדערונג פון דער מענשליכער נשמה,
וועלכע די מלחמה האָט געבראכט... די חיה רעה אין דעם מענשען
האָט זיך פון דער קייט אָפּגעריסען און מאכט איר שדים־טאנץ...
און פריער פון אלעמען באפאלט מען דעם, וואָס איז אָהן א היים
און אָהן א שוץ. און דאָס זיינען מיר אידען. דער אמת אָבער
ווייזט אויס צו זיין, אז דער שרעקליכער אנטיסעמיטיזם קומט
יעצט פון דעם פארביטערטען קאמף צווישען רעאקציע און פּראָרט־
שריט. די מענשהייט לעבט איבער א שטורמישע רע־
וואָלוציאָנערע צייט; אלע לעבענס פראגען ווערען רעווידירט;
איצט איז אן אנטשיידונג קאמף פון נאציאָנאלע, סאָציאלע און
אלגעמיינע קולטורעלע פראגען. דער נאציאָנאליזם איז איצטער
געוואָרען אין אלע לענדער א שאָוויניסטישע פינסטערע באוועגונג.
און אזוי ווי מיר אידען זיינען אומעטום פרעמדע, זיינען מיר די
ערשטע צו ליידען פון די פאנאטיקער נאציאָנאליסטען. די צוויי־
טע וויכטיגע פּראָבלעם, וועלכע האָט אויפגערודערט די גאנצע
וועלט, איז דער סאָציאליזם, וועלכער האָט גענומען איבערגיין פון
טעאָריע צו פּראקטיק. די קאפּיטאליסטען זיינען געוואָרען די ברוּ־
טאלסטע פיינט פון דעם אידען, ווייל דער איד איז צווישען די
קעמפער צו ענדערען די סאָציאלע באדינגונגען פון אונזער געזעל־
שאפט. אויסער די נאציאָנאלע און סאָציאלע באוועגונגען האָט
יעדעס לאנד אירע אימפּעריאליסטען, וועלכע ווילען פארכאפּען
די וועלט; עס זיינען פאראן מיליטאריסטען, וועלכע ווילען ניט
ארויסלאָזען די שווערד פון האנט; עס זיינען פאראן אויטאָקראַ־
טען, וועלכע ווילען הערשען, און עס זיינען פאראן גייסטליכע,
וועלכע קומען אין דעם נאָמען פון רעליגיאָן צו פארטיידיגען אָט די
אלע דערמאנטע פינסטערע גייסטער; און געגען זיי אלעמען קעמ־
פען אלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען. און צווישען די קעמפער זיי־
נען פאראן אידען, דעריבער זיינען אלע רעאקציאָנערען, פון די אלע
דערמאנטע קלאסען, פאראייניגט אין דעם קאמף געגען די אידען.
זיי פילען, אז זיי האָבען פאר זיך א שווערען קאמף פאר זייער עק־
זיסטענץ, האָבען זיי אויסגעקליבען דעם אידען אלס דעם ערשטען
צו באקעמפען אים, ערשטענס, ווייל דער איד איז דער שוואכסטער
צווישען אלע זייערע געגנער; און צווייטענס, ווילען זיי איינריי־
דען, אז די אלע נייע באוועגונגען זיינען אויסשליסליך אידישע;

אז דער איד וויל פארניכטען אלץ און אלעמען, אום צו ווערען דער הערשער פון דער וועלט.

5. וואָס דארפען מיר טאָן? — מיר טאָרען זיך ניט נאַרען און בלייבען אינדיפערענט צו דער אנטיסעמיטישער באוועגונג; מיר מוזען ריכטיג פארשטיין און אָפּשאַצען די געפערליכקייט פון דעם היינטיגען אידען־האס, אז דאָס איז אן אלוועלטליכע ערשיינונג, אז דאָס איז אן אָפענער ברוטאלער קאמף געגען אונזער עקזיסטענץ. מיר מוזען קוקען אויף דער ווירקליכקייט מיט אָפענע אויגען, און זוכען מיטלען מיט וואָס צו באשיצען זיך.

ערשטענס, מוזען מיר פארשטארקען אונזערע אלטע פעסטונגען; מיר מוזען אויפוועקען אונזערע פארשלאָפענע גייסטיגע קרעפטען, וועלכע האָבען אונז אימער באשיצט; מיר מוזען האָבען אן אייגענעם גרויסען נאציאָנאלען אידעאַל, וועלכער זאָל אונז דינען ווי א פּאנצער, אז דעם פיינד'ס קוילען זאָלען ניט קאָנען צוקומען; מיר דארפען דערציען א באוואוסטזיניגע אידישע יוגענד; מיר דארפען אנטוויקלען א גרויסע אידישע קולטור און פארשפרייטען צווישען דעם גאנצען פאָלק.

צווייטענס, דארפען מיר זיין פאראייניגט. מיר מוזען שאפען אן איינהייטליכען פראָנט פון אלע קרעפטען, אום מיר זאָלען קאָנען אלע צוזאמען זוכען מיטלען ווי אזוי צו פארטיידיגען זיך.

דריטענס, דארפען מיר קעמפען געגען רעאקציע אין אלגעמיין. מיר דארפען זיין פון די פאָרקעמפּער געגען אלע רעאקציאָנערע פינסטערע שטרעבונגען. אָפען און שטאָלץ דארפען מיר ארויסטרעטען צוזאמען מיט אלע פיאָנערען פון פאָרטשריט, ווייל נאָר מיט דעם אלגעמיינעם וועלטליכען פאָרטשריט קאָן אָפּגעשאפען ווערען די אומגערעכטיגקייט פון אונזער היינטיגער געזעלשאפט, און נאָר דאַן וועט אָנפאנגען ביסלעכווייז צו פארשווינדען דער אנטיסעמיטיזם.

## קאַפּיטעל 36

# די קלענערע ימים טובים

ל"ג בעומר. — חמשה עשר באָב. — חמשה עשר בשבט.

1. **ל"ג בעומר.** — די אידען אין ארץ ישראל זיינען אמ־ מערסטען געווען ערד־ארבייטער, דעריבער זיינען די אידישע ימים טובים פארבונדען מיט ערד־ארבייט. פּסח, דער יום טוב פון אונ־ זער באפרייאונג פון מצרים, קומט אויס אין דער צייט, ווען אין ארץ ישראל ווערט צייטיג די תבואה; און די תורה האָט אָנגע־ זאָגט, אז פון די ערשטע תבואה, וואָס מען וועט שניידען, זאָל מען דעם ערשטען טאָג פּסח נעמען פון די נייע תבואה א געוויסע מאָס, וואָס מען רופט „עומר", און ברייגנען דאָס צום כהן, 1) אָפּצודאנ־ קען גאָט פאר די גוטס וואָס ער גיט אונז. ווייטער זאָגט די תורה, אז פון דעם טאָג, וואָס מען ברייגנט דעם עומר, זאָל מען ציילען פופציג טעג, 2) און דאן ברייגנען די בכורים (זעה אויבען קאַפּיטעל 6). און אזוי איז ביי אידען אָנגענומען געוואָרען צו ציילען די טעג פון דעם צווייטען טאָג פּסח ביז שבועות. מען רופט עס ספירה פון דעם וואָרט ספר — ציילען, און ל"ג בעומר מיינט דער 33טער טאָג פון דעם טאָג וואָס מען האָט געבראכט דעם עומר. און אָט דער טאָג ל"ג בעומר איז אין גלות פארבונדען געוואָרען מיט דער געשיכטע פון בר כוכבא'ס אויפשטאנד געגען די רוימער (זעה קאַ־ פּיטעל 28, פּאראגראף 5); און אזוי ווי אונזער גרויסער גייסטי־ גער פירער רבי עקיבא מיט זיינע תלמידים האָבען אנטייל גענומען אין דעם אויפשטאנד, ווערט דערציילט, אז צווישען רבי עקיבא'ס תלמידים האָט אויסגעבראָכען א מגפה, און אין דעם טאָג פון ל"ג בעומר האָט די מגפה אויפגעהערט. האָבען די אידען אין גלות גע־ מאכט דעם טאָג פאר א האלבען יום טוב; אָבער פאר אונז קינ־ דער איז דאָס געווען גאָר א גרויסער יום טוב. מען האָט אונז בא־ פרייט פון חדר, וואו מען איז געזעסען גאנצע טעג און געלערנט תורה. דער רבי אליין איז מיט אונז געגאנגען אין וואלד. אלע אינגלאך זיינען געווען באוואפענט מיט הילצערנע פיילענבויגענס און שווערדען; און מיר האָבען זיך פאַרגעשטעלט, אז מיר זיינען

1) ויקרא, כג, ט־יא. 2) ויקרא, כג, טו־טז.

די העלדען פון בר כוכבא׳ס ארמייען, וועלכע גייען באפרייען זייער פאטערלאנד.

2. חמשה עשר באב. — דער 15־טער טאג אין אב איז ביי די אידען אין ארץ ישראל געווען א שיינער פאלקס יום טוב. דער תלמוד דערציילט, אז דער 15־טער טאג אין אב איז געווען א שיי־נער יום טוב פאר דער אידישער יוגענד, 3) די אידישע מיידלאך, ארים און רייך, האבען זיך אנגעטאן אין ווייסע קליידער פון איין מאטעריע, אום זיי זאלען ניט מקנא זיין איינע די אנדערע; און זיי זיינען ארויסגעגאנגען אין די וויינגערטנער צוזאמען מיט די בחורים, און דארט האבען זיך זייערע שידוכים געשלאסען. ווי עס ווייזט אויס האבען אונזערע גייסטיגע פירער געוואלט דערמיט העל־פען, ערשטענס, אז ביי אידען זאלען ניט בלייבען אומפארהייראטע מיידלאך און בחורים; און צווייטענס, אז רייכקייט זאל ניט שפי־לען קיין ראל ווען די יונגע מענשען דארפען הייראטען. 4). פון אט דעם יום טוב איז אין גלות געבליבען נאר אן עראינערונג.

3. חמשה עשר בשבט. —

א זיסע ווארימקייט פילט־אן
די יונגע הערצליך... מיר לויפען,
מיר פליען, פול מיט זארג און פרייד,
חמשה עשר־כיבוד קויפען.

(פרוג, חמשה עשר.)

די תורה זאגט, אז א צענטעל (מעשר) פון תבואה און פרוכ־טען זאל מען געבען צו די קינדער פון שבט לוי פאר זייער דינען אין גאטס הויז, 5); און די גמרא זאגט, אז דער 15־טער טאג אין שבט איז דער ראש השנה, דער אנפאנג יאר פון די פרוכט־בוימער, און פון די פרוכטען, וואס האבען אפגעבליט פאר׳ן 15־טען שבט קאן מען ניט געבען קיין מעשר פאר די פרוכטען, וואס האבען גע־בליט נאכ׳ן 15־טען שבט, ווייל מעשר האט מען געדארפט געבען פון די פרוכטען פון יעדען יאר באזונדער. דער איד אין גלות, פארשפארט אין די גהעטאס, ווייט פון פעלדער און פון פרוכט־גערטנער, האט ניט פארגעסען דעם אמאליגען ראש השנה פון די בוימער, וועלכע האבען געוואקסען און געבליט אין אונזער אומ־פארגעסענעם לאנד. מיר קינדער, חדר־אינגלאך, האבען געבראכט

3) תענית, כו און לא.
4) זעה המאור, פון יוסף י״ל זאסניץ, 86.
5) במדבר, יח, כא.

געלט, ווער מער און ווער ווייניגער, און מען האָט אלע צוזאמען געקויפט אזעלכע פרוכטען, וואָס מיר האָבען געגלויבט, אז זיי קו־מען פון ארץ ישראל. מיר עסען די הארטע זיסע באָקסער, און דער רבי דערציילט אונז, אז אין ארץ ישראל עסען די ציגען די באָקסער; מיר עסען פייגען, און דערמאָנען זיך אויף די בלעטער פון די פייגענבוימער, פון וועלכע אָדם הראשון האָט פאר זיך און פאר זיין פרוי חוה געמאכט גארטלען צו פארדעקען זייער נאקעט־קייט; און אָט עפענט מען א מילגרוים, און דער רבי פארזיכערט אונז, אז אין דעם מילגרוים זיינען פאראן 613 קערנער געגען די תרי״ג מצוות, וואָס אידען האָבען. מיר עסען די פרוכטען, און מיט אונזערע קינדערשע נשמה׳לאך טראָגען מיר זיך איבער צו אונזער הייליגען לאנד.

## קאַפּיטעל 37

# די טעג פון פאַסטען

צום גדליהו. — אסתר תענית. — עשרה בטבת. — שבעה עשר בתמוז. — תשעה באָב.

1. **צום גדליהו.** — ווען די אידען אין ארץ ישראל זיינען באקעמפט געוואָרען דורך די באבילאָנער (586 פ. ק.) און פאר־טריבען געוואָרען קיין בבל, איז א טייל אידען געבליבען אין ארץ ישראל, און דער קעניג פון בבל האָט באשטימט דעם אידען גדליהו צו זיין דער פארוואלטער פון דעם לאנד, איז געקומען איינער פון דער אידישער קעניגליכער אָפּשטאמונג מיט׳ן נאָמען ישמעאל און האָט געטויט גדליהו׳ן, 1) און די לאגע פון די אידען איז דורכדעם פיל ערגער געוואָרען. אזוי ווי דאָס האָט געטראָפען אין מאָנאט תשרי, דעריבער האָט מען באשטימט דעם טאָג וואָס נאָך ראש השנה, אז מען זאָל פאסטען און סליחות זאָגען אין דעם אָנדיינקען פון גדליהו.

2. **אסתר תענית.** — דעם טאָג פאר פורים, 13־טען אָדר, פאסט מען, און דאָס הייסט דער תענית פון אסתר, ווייל דאָס איז אן אָנדיינקען ווי אסתר המלכה צוזאמען מיט אלע אידען האָבען געפאסט און גאָט געבעטען, אז המן הרשע זאָל ניט קאָנען דורכ־

1) מלכים ב, כה, כה.

פירען זיין באשלוס צו פארניכטען אלע אידען (זעה אויבען קאפּי־טעל 34).

3. עשׂרה בטבת. — דעם 10־טען טאָג אין טבת פאסט מען און מען זאָגט סליחות, ווייל מיט 25 הונדערט יאָר צוריק, אין דער צייט פון ערשטען בית המקדש, האָט אין דעם טאָג נבוכדנצר דער קעניג פון בבל באלאגערט די שטאָט ירושלים, 2). די אָנגע־גרייטע שפּייז איז אויסגעגאנגען. מענשען זיינען געפאלען אין די גאסען פון הונגער און מגפות, און די אידישע קריגסלייט פארהונ־גערטע און אויסגעמאטערטע האָבען מער ניט געקאָנט פארטיידיגען די פעסטונגען.

4. שבעה עשר בתמוז. — דעם 17־טען טאָג אין תמוז פאסטען מיר, ווייל אין אָט דעם טאָג האָבען די באבילאָנער דורכ־געבראָכען די וואנט פון דער פעסטונג, אריינגעריסען זיך אין ירושלים און אָנגעפאנגען א שרעקליכע שחיטה, 3). מיט א שרעק־ליכער גרויזאמקייט האָט מען געטויט מענער, פרויען און קליינע קינדער. אלע אוצרות און טייערע כלים פון בית המקדש האָט דער פיינט צוגענומען. אונזער קעניג צדקיהו מיט זיינע זיהן האָט מען געפאנגען; און דער קעניג פון בבל האָט באפעלען צו טויטען צדקיהו'ס זיהן פאר זייער פאָטער אין די אויגען, און צדקיהו'ן האָט מען אויסגעשטאָכען די אויגען, געשמידט אין קייטען און אוועק־געפירט קיין בבל.

5. תשעה באָב. —

ס'נעמט מיך דורך דער אלטער טרויער
אין דעם ניינטען אָב ביי נאכט
אויף דער ערד, דעם קאָפּ געבויגען,
זיץ איך אָבל'דיג, פארשמאכט.....

(רייזען, איכה)

דער ניינטער טאָג אין אָב איז דער גרויסער טרויער טאָג פון אידישען פאָלק. אין אָט דעם טאָג האָבען די באבילאָנער פאר־ברענט דעם ערשטען בית המקדש, 4), וועלכען שלמה המלך האָט געבויט מיט 410 יאָר צוריק, און דער בעסטער טייל פון דער אי־דישער געזעלשאפט איז פארטריבען געוואָרען אין גלות קיין בבל (זעה אויבען קאפּיטעל 12). און מיט 656 יאָר שפּעטער אין דעם זעלבען טאָג, ניינטען אָב, איז דורך די רוימער חרוב געוואָרען אונ־

2) מלכים ב, כה, א.
3) ירמיהו לט, ב, און נב, ו.
4) מלכים ב, כה, ח.

זער צווייטען בית המקדש, 5), און עס האָט זיך אָנגעפאנגען אונזער לאנגער גלות. (זעה אויבען קאפיטעל 28).

אומגעפעהר צוויי טויזענט יאָר זייט מיר זיינען אין גלות, און אונזער פאָטערלאנד האָבען מיר ניט פארגעסען. יעדען יאָר אויף דער גאנצער וועלט, וואו אידען האָבען זיך געפונען האָבען תשעה באָב אלע אידען זיך פארזאמעלט אין די שולען. מענער און פרויען, אלטע און יונגע האָבען מיט טיפען טרויער דערמאָנט זייער ליבע זיסע היים.

ווען איך בין נאָך א קינד געוועזן האָט תשעה באָב אויף מיר געמאכט א טיפען איינדרוק. אין דער נאכט פון תשעה באָב איז אין שול טונקעל, מען צינט ניט אָן די געוויינליכע באלייכטונג; דער אָרון קודש שטייט אָפּגעדעקט, אָהן א פּרוכת; אלע זיצען אויף דער ערד מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ; דער חזן זעצט זיך אויף דער ערד און פאנגט אָן צו זאָגען איכה מיט דעם אומעטיגען ניגון, אלע הערען זיך צו און וויינען, און איך וויין אויך. און אויף מאָרגען, ווען אלע זאָגען קינות, ווערען טייכען טרערען פארגאָסען. דאָס זיי־נען אָבער ניט געוועזן די טרערען, וואָס מען באקלאָגט א טויטען; נאָר דאָס זיינען געוועזן טרערען פון א בייגקענדער נשמה, וועלכע האָפט צו באקומען צוריק וואָס זי האָט פארלאָרען. דער איד האָט געביינקט נאָך ציון ווי א געטרייער זוהן בייגקט נאָך זיין אלטער ליבער מוטער.

5) גרעץ, דברי ימי ישראל ב, ז. 133.

ליבע אייניקלאך, איך גלויב, אז נאָכדעם, וואָס איר האָט אי־בערגעלייענט דעם גאנצען בוך, האָט אין אייך דערוועקט זיך א פארלאנג צו שטודירען די גאנצע אידישע געשיכטע, און איר וועט געוויס אָנווענדען אלע מעגליכקייטען צו דערפילען אייער וואונש; נאָר דערווייל ביז איר וועט לערנען אונזער גאנצע וואונדערבארע געשיכטע, וויל איך דאָ איבערגעבען אין קורצען די געשיכטע פון די אידען אין אלע לענדער זייט מיר זיינען געוואָרען א פאָלק ביז היינטיגען טאָג.

## קאַפּיטעל 38

# אידען אין ארץ ישראל

די ערשטע יאָרען נאָכ'ן חורבן. — אין מיטעלאלטער. — אונטער דער טערקישער רעגירונג. — דאָס אויפלעבען פון אונזער היים.

1. **די ערשטע יאָרען נאָכ'ן חורבן.** — די געשיכטע פון די אידען אין ארץ ישראל ביז דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש האָט איר געהאט אויבען אין די קאַפּיטלאך 11, 12, 27 און 28.

נאָכ'ן חורבן ירושלים (70 נ. ק.) זיינען די מערסטע אידען פארטריבען געוואָרען אין גלות. אין ארץ ישראל איז געבליבען נאָר א קליינער טייל אידען. די רוימישע הערשער האָבען גרויזאם באַהאנדעלט די אידען, ביז די אידען האָבען פארלאָרען זייער געדולד, און רעוואָלטירט געגען די רוימער. אין דער צייט פון דעם רוימישען אימפּעראַטאָר האדריאן האָט זיך אָנגעפאנגען דער אויפשטאַנד. דער אידישער העלד בר כוכבא האָט דריי יאָר אָנגעפירט דעם קאמף (פון 132 ביז 135 יאָר). עס איז געווען א צייט, ווען די אידען האָבען אָפּגענומען די פעסטונגען און פארטריבען די רוימער; און בר כוכבא איז געוואָרען דער הערשער פון ארץ ישראל. פון רוים האָט מען ארויסגעשיקט א גרויסען קריגספירער יוליאוס סעווערוס מיט א גרויסער ארמיי, וועלכע האָבען א גאנצען יאָר געקעמפּט, ביז די אידען זיינען באַקעמפּט געוואָרען. צענדליגע טויזענטער אידען זיינען אומגעקומען אין אָט דער מלחמה. בר כוכבא איז אויך געטויט געוואָרען, און פיל אידען האָט מען גענומען געפאנגען און פארקויפט פאר קנעכט. אָט דאָס איז געווען די טרויעריגע ענדע פון דעם לעצטען קאמף, וואָס דער איד האָט געקעמפּט פאר זיין פרייהייט.

נאָך דער מלחמה האָט דער אימפּעראַטאָר האדריאן גענומען פארפאָלגען די אידען מיט די שרעקליכסטע פארפאָלגונגען. איבערהויפּט האָט ער באשלאָסען אויסצוראָטען דעם אידישען גלויבען. אין ירושלים אויפ'ן אָרט, וואו דער בית המקדש איז געשטאנען, האָט מען אוועקגעשטעלט א טעמפּעל צו יופּיטער'ן; און מען האָט ארויסגעגעבען א גזרה, אז אידען זאָלען ניט אָפּהיטען קיין שבת און יום טוב, און אנדערע אידישע געזעצען, און קיינער

זאָל ניט לערנען קיין תורה. פאַר איבערטרעטען די גזרה האָט מען באַשטראָפט מיט טויט. פיל אידען האָבען דאַן פאַרלאָרען זייער לעבען אלס מארטירער פאַר אונזער גלויבען. די אידישע גייסטיגע פירער האָבען איינגעשטעלט זייער לעבען אין סכנות, און האָבען פאָרטגעזעצט זייער גייסטיגע ארבייט.

די אידען זיינען זעהר פאַראָרימט געוואָרען, און פיל זיינען אנטלאָפען אין אנדערע לענדער. שפּעטער, אין דער צייט פון דעם רוימישען קיסר אנטאָניוס פּיוס, (161-138) איז די אידישע לאַגע בעסער געוואָרען. ער האָט די אידען געגעבען מער פרייהייט. עס האָבען זיך צוריק געעפענט די ישיבות, עס האָט זיך געגרינדעט א סנהדרין, און עס איז ערוויילט געוואָרען א נשיא. פון יענע ישיבות זיינען ארויסגעקומען די גרויסע געלערטע, ווי רבי מאיר, רבי שמעון בן יוחאי, און פיל אנדערע.

אין 170 יאָר איז רבי יהודה געוואָרען דער נשיא. ער איז געווען א גרויסער געלערטער און א גוטער פירער. ער האָט צו־זאמענגעשטעלט די משנה (זעה אויבען קאַפּ. 13). אין 359 איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרען דער תלמוד ירושלמי. אין אלגעמיין האָבען דאַן די אידען געמאכט א גרויסען ערפאָלג אין גייסטיגען לעבען, אָבוואָל זייער מאטעריעלער לעבען איז געווען זעהר א שווערער.

2. **אין מיטעלאַלטער.** — אין 4־טען יאָרהונדערט איז ארץ ישראל אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער דער הערשאפט פון דער קריסטליכער רוימיש־ביזאנטישער מלוכה, וועלכע האָט גענומען שרעקליך פאַרפאָלגען די אידען אין ארץ ישראל. די בעסטע גע־לערנטע האָבען געמוזט עמיגרירען קיין בבל, וואו עס האָט זיך אנט־וויקעלט א נייער צענטער פון תורה. אָבער די ליכט פון דער תורה איז נאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען אין ארץ ישראל. אין 6־טען יאָרהונדערט זיינען דאָרט געשאפען געוואָרען די מדרשים, מכילתא, ספרא און ספרי, און נאָך פיל וויכטיגע ספרים, וועלכע האָבען פאַר די אידען פון דער גאנצער וועלט געדינט אלס בעסטע גייסטיגע שפּייז.

אין 614 יאָר האָבען די פּערסיער איינגענומען דאָס לאַנד, און די אידען האָבען פרייער אָפּגעאָטעמט. אין 628 יאָר האָט די בי־זאנטישע רעגירונג צוריק אָפּגענומען ארץ ישראל, אָבער אין 636 יאָר איז געקומען די ענדע פון דער אָסט רוימישער (ביזאנטישע)

הערשאפט אין סיריען און פאלעסטינע, די אריבער האָבען איינ־
גענומען ארץ ישראל, און זייער הערשאפט האָט זיך געצויגען בערך
900 יאָר. (636־1516). אונטער דער אראבישער הערשאפט האָ־
בען די אידען באקומען פולע רעכט; און אין אלגעמיין האָבען זיי
דאָרט וויינינגער געליטען איידער אין די קריסטליכע לענדער. אין
יענער צייט זיינען דאָרט געווען ישיבות מיט גאונים, און דאָרט
זיינען פארפאסט געוואָרען פיל פיוטים, וועלכע זיינען אריינגעקו־
מען אין אונזערע תפלות. נאָר אין דער צייט פון די קריסטליכע
קרייצציגע (1095־1248) האָבען די אידען אין ארץ ישראל אויך
פיל געליטען.

3. אונטער דער טערקישער רעגירונג. — אין 15־טען
יאָרהונדערט, ווען פאלעסטינע איז געוואָרען א טייל פון דער טער־
קישער מלוכה, האָבען פיל אידען פון אייראָפּע עמיגרירט קיין ארץ
ישראל. אין 16־טען יאָרהונדערט זיינען שוין געווען באדייטענדע
אידישע געמיינדען אין ירושלים, צפת און טבריה. אין ענדע פון
16־טען און אין אָנאפנג פון 17־טען יאָרהונדערט האָבען די אידען
אין ארץ ישראל געליטען פון דעם פאנאטיזם פון דער מוסולמאני־
שער מאַסע און פון דעם דרוק פון די קליינע זעלבסטהערשער. א
גרויסער טייל אידען האָט פארלאָזען דאָס לאנד. אין מיטען פון
17־טען יאָרהונדערט האָט זיך אין ארץ ישראל געפונען א קליינע
אָרימע אידישע באפעלקערונג. צום ענדע פון 18־טען יאָרהונדערט
זיינען אָנגעקומען פון אייראָפּע קיין ארץ ישראל חסידים און
פרושים. די אידישע באפעלקערונג האָט זיך פארגרעסערט, אָבער
זיי זיינען געווען זעהר אָרים, און די מערסטע האָבען געלעבט פון
די נדבות, וואָס אידען האָבען געשיקט פון אנדערע לענדער.

אין 1834 יאָר איז פאָרגעקומען אן אויפשטאנד פון די ווילדע
גרוזען, וועלכע האָבען געמאכט אויף די אידען א שרעקליכען פּאָ־
גראָם. פיל אידען זיינען געטויט געוואָרען, די שולען האָט מען
פארברענט און אלץ צוראבירט.

4. דאָס אויפלעבען פון אונזער היים. — אין דער צוויי־
טער העלפט פון נייצענטען יאָרהונדערט פאנגט זיך אָן דער גע־
דאנק פון אידישער קאָלאָניזאציע אין ארץ ישראל, און די אידישע
באפעלקערונג האָט זיך גענומען פארגרעסערען.

מעכטיגע פעלקער, וואָס האָבען געהערשט איבער ארץ ישראל,
זיינען אָפּגעמעקט געוואָרען; נאָר דער איד, וואָס האָט געליטען
מער פון אלעמען, איז געבליבען. אויסערליך שוואך און נידער־

געשלאָגען, האָט דער איד ארויסגעוויזען א וואונדערבארע לעבענס־קראפט, און אן אומבאגרעניצטע ליבע צו דעם לאנד פון זיינע על־טערען, וועלכע ער האָט ניט געוואָלט פארלאָזען אונטער די שווער־סטע אומשטענדען; און ער האָט אימער געלעבט מיט דער טיפער האָפענונג אויף דער גאולה, אויף דער איבערנאטירליכער אויסליי־זונג. נאָר צום ענדע פון נײנצענטען יאָרהונדערט האָט זיך ביי דעם אידען דערוועקט א שטרעבונג צו אן אויסלייזונג דורך נאטיר־ליכע וועגען און דורך רעאַלע מיטלען פון זעלבסטבאפרייאונג.

## קאַפּיטעל 39

# די אידען אין בבל (באַבילאָן)

נאָכ'ן צווייטען חורבן. — אונטער דער הערשאַפט פון די פּערסיער. — אונטער דער הערשאפט פון די אַראַבער.

1. נאָכ'ן צווייטען חורבן. — אידען האָבען געלעבט אין בבל פון דער צייט פון ערשטען חורבן (586 פ. ק.). ווען די אידען האָבען זיך אומגעקערט פון בבל קיין ארץ ישראל (538 פ. ק.), זיי־נען פיל אידען איבערגעבליבען אין בבל. זיי האָבען דאָרט געלעבט אין באזונדערע קהילות, ניט אויסמישענדיג זיך מיט דער אַרומיגער באפעלקערונג. זיי זיינען געווען פארבונדען מיט זייערע ברידער אין ארץ ישראל, פלעגען קומען קיין ירושלים אויף די גרויסע ימים טובים, און זיי האָבען געהאָלפען אויפהאלטען דעם בית המקדש. און נאָכ'ן צווייטען חורבן (70 נ. ק.) האָבען די אידען אין בבל אויך אנערקענט איבער זיך די פירערשאַפט פון די סנהדרין און פון די לערער אין ארץ ישראל. פיל זיינען געקומען פון בבל קיין ארץ ישראל צו לערנען אין די ישיבות. נאָר אין דריטען יאָרהונדערט האָט זיך צווישען די אידען אין בבל באוויזען א שטרעבונג צו אַ זעלבסטשטענדיגען גייסטיגען לעבען; און ווען די אידען זיינען פארפאָלגט געוואָרען אין ארץ ישראל, האָבען פילע אויסגעוואנדערט קיין בבל, און אנשטאט ארץ ישראל איז בבל געוואָרען דער צענ־טער פון אידענטום.

2. אונטער דער הערשאַפט פון די פּערסיער. — אין 236־טען יאָר זיינען די פּערסיער געוואָרען די הערשער פון בבל, און זיי האָבען גענומען אונטערדריקען די אידען. שפּעטער איז

געוואָרען אן אנדער קעניג, וועלכער האָט געגעבען די אידען צוריק זייער פרייהייט; און די אידישע געמיינדען אין בבל האָבען גענומען אויפבליען. די אידען האָבען געהאט זייער אייגענעם פירער, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „ריש גלותא", אָדער „עקזילארך".

רב און שמואל, צוויי גרויסע געלערטע, וועלכע זיינען אין דער יוגענד אוועק פון בבל קיין ארץ ישראל צו לערנען דאָרט, זיינען אין אָנפאנג פון דריטען יאָרהונדערט געקומען צוריק קיין בבל, און האָבען דאָרט געגרינדעט גרויסע ישיבות, פון וועלכע עס זיינען ארויסגעקומען בארימטע חכמים, וועלכע האָבען געטראָגען דעם נאָמען „אמוראים". רב איז געווען א גרויסער אידישער געלערטער, און האָט זעהר ליב געהאט ערד־ארבייט; און שמואל האָט אויסער זיינע גרויסע אידישע קענטעניש פארנומען זיך מיט מעדיצין, נאטור־וויסענשאפט און מאטעמאטיק. רב און שמואל האָבען געבראכט פון ארץ ישראל די משנה. און שפעטער מיט 200 יאָר האָט רב אשי (370־427) אָנגעפאנגען צונויפשטעלען און ברייינגען אין אָרדענונג אלע מיינונגען, ערקלערונגען און באשלוסען פון די אמוראים, וואָס זיי האָבען געשאפען, לערנענדיג די משנה. נאָך רב אשי'ס טויט האָט מען די אידען אין בבל גענומען ווייטער פארפאָלגען, מען האָט זיי פארבאָטען אָפּצוהיטען שבת, די ישיבות זיינען פארמאכט געוואָרען און די אינגערע תלמידים האָט מען מיט גוואלד ארייינגעבראכט אין דער פערסישער אמונה, וועלכע איז באשטאנען אין דינען צו פייער. פיל אידען זיינען דאן אוועק פון בבל קיין אראביען און קיין אינדיען. און אין יענער שווערער צייט האָבען די אידען אין בבל אומערמידליך פאָרטגעזעצט די ארבייט, וואָס רב אשי האָט אָנגעפאנגען, און רבינא מיט די אנדערע חכמים האָבען פארענדיגט די צוזאמענשטעלונג פון דעם גאנצען תלמוד אין 500־טען יאָר נאָך קריסטוס'ען.

אין אָנהויב פון 6־טען יאָרהונדערט האָבען די אידען אין בבל שרעקליך געליטען, און א טייל פון זיי האָבען געמאכט א אויפשטאנד, ארויסגעטריבען די פערסיער פון דער שטאָט מחוזא, און האָבען זיך דאָרט באפעסטיגט. און דער אידישער עקזילארך מר־זוטרא איז געוואָרען א זעלבסטשטענדיגער אידישער פירשט. שפעטער אָבער מיט זיבען יאָר האָבען די פערסיער צוריק אָפּגענומען די שטאָט, אויפגעהאנגען מר־זוטרא'ן, און די אידען האָט

מען נאָך שטאַרקער גענומען פאַרפאָלגען. ערשט מיט 70 יאָר שפּעטער איז געווען א גוטער פערסישער קעניג חזראי, וועלכער האָט די אידען ערלויבט צו האָבען זייערע אייגענע וועלטליכע באַ־אמטע און אייגענע געזעץ־לערער, און עס האָבען זיך צוריק געעפענט די ישיבות.

3. אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער. — אין 700־טען יאָר האָבען די אַראַבער איינגענומען פערסיען און בבל. דאַן איז די לאַגע פון די אידען אין בבל בעסער געוואָרען. זיי האָבע געהאַט פולע פרייהייט אין זייער אינווענינגסטער פירונג. זיי האָבען געהאַט זייער אייגענעם נשיא (עקזילאַרך), וועלכער האָט גע־האַט די וועלטליכע הערשאַפט איבער די אידען, און די גייסטיגע פאָרשטייער האָבען געהייסען גאונים, וועלכע האָבען פאַרוואַלטעט גרויסע ישיבות, איבערגעפילטע מיט געלערנטע מענשען. פון אַנ־דערע לענדער פלעגט מען זיך ווענדען קיין בבל צו ערקלערען שווע־רע רעליגיעזע פראַגען. די אידען פון אלע לענדער, וואו עס האָבען געהערשט די אַראַבער, זיינען געווען פאַראייניגט אונטער דער אַל־געמיינער גייסטיגער הערשאַפט פון די גאונים פון בבל. די אידען אין בבל האָבען זיך אָפּגעגעבען ניט נאָר מיט תלמוד און מיט די אַנדערע הייליגע ספרים, נאָר אויך מיט אַנדערע וויסענשאַפטען. צווישען זיי זיינען געווען אַסטראָנאָמען, דאָקטוירים, מאַטעמאַטי־קער און פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געשריבען זייערע ווערק אויף אַראַביש. אויך האָבען זיי גענומען פאָרשען די ביבלישע שפּראַך און איר גראַמאַטיק, און מען האָט פאַרפאַסט תפלות און רעליגיעזע שירים „פיוטים".

אין 11־טען יאָרהונדערט איז געפאַלען די הערשאַפט פון די אידישע עקזילאַרכען און גאונים. דער גרעסטער טייל אידען זיינען אוועק אין אַנדערע לענדער, און דער גייסטיגער צענטער האָט זיך איבערגעטראָגען פון בבל קיין אייראָפּע.

## קאפיטעל 40

# די אידען אין אראביען

**דאָס לעבען און שאפען אין אראביען. — די אידישע מלוכה. — אונטער דער הערשאפט פון די מאחמעדאנער.**

1. **דאָס לעבען און שאפען אין אראביען.** — אויפ'ן אראבישען האלב־אינזעל, וועלכער ליגט אין זיד־וועסט פון אזיען, זיינען אידען געוועזען פון אוראלטע צייטען. אין דער צייט פון ערש־טען און פון צווייטען חורבן זיינען פילע אידען אנטלאָפען קיין אראביען; און שפּעטער זיינען פילע געקומען פון די לענדער, וואו מען האָט זיי פארפאָלגט.

די אראבער האָבען געקוקט אויף די אידען ווי אויף קרובים, ווייל די אראבער רעכענען זייער אָפּשטאמונג פון ישמעאל, דער זוהן פון אברהם. די אידען און די אראבער האָבען אן ענליכע סע־מיטישע שפראך, און פילע פאָרמען פון דעם לעבען זיינען אויך געוועזען דיזעלבע. נאָר אין דער רעליגיאָן זיינען די אידען געוועזען אנדערש, און די אידען האָבען שטריינג אָפּגעהיט אלץ, וואָס די תורה הייסט. די אידען האָבען אין אראביען געהאט פולע פריי־הייט גלייך מיט אלעמען. און זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט א קריגערישען גייסט, און ליב געהאט די פולקאָמע פריי־הייט אזוי ווי די אראבער. א טייל אידען האָבען זיך באשעפטיגט מיט ערד־ארבייט און מיט פיה־צוכט, און די מערסטע האָבען גע־פירט געשעפטען מיט אינדיען, פערסיען, און ד. ג. אין אייניגע גע־גענדען זיינען די אידען געוועזען זעלבסטשטענדיג אונטער דער הער־שאפט פון זייערע עלטסטע. אזוי ווי די אראבער האָבען ליב גע־האט פּאָעזיע, און האָבען געהאט באגאבטע פּאָעטען, האָבען די אי־דען אויך ארויסגעגעבען פון זיך גרויסע פּאָעטען, וועלכע האָבען גע־שריבען אראביש. אין בילדונג זיינען די אידען געשטאנען פיל העכער פון די אראבער. זיי האָבען געהאט דעם תנ"ך, און האָבען אימער געצויגען זייער גייסטיגע נארונג פון די ישיבות אין בבל און אין ארץ ישראל. דעריבער האָבען די אראבער גערופען די אידען „עם הספר" — דאָס פאָלק פון בוך, — און פון די אידען האָבען די אראבער זיך אויסגעלערענט שרייבען.

2. די אידישע מלוכה. — אזוי ווי די אידען זיינען דאָרט געווען פאָלקאָם פריי, האָבען זיי גענומען פארשפרייטען די אידישע רעליגיאָן צווישען די אראבער. גאנצע אראבישע שבטים פלעגען אָננעמען די אידישע רעליגיאָן; און אין אָנפאנג פון 6־טען יאָר־הונדערט איז אין זיד־אראביען, אין תימן, געגרינדעט געוואָרען א אידישע מלוכה. דער תימנ'ער קעניג האָט אָנגענומען דאָס אידענ־טום, און פיל אראבער האָבען אים נאָכגעפאָלגט. דיזע מלוכה האָט עקזיסטירט נאָר 30 יאָר, ביז די קריסטליכע וועלט האָט זי אונטער־דריקט.

3. אונטער דער הערשאַפט פון די מאחמעדאנער. — אין 7־טען יאָרהונדערט, ווען מאחמעד האָט גענומען פארשפרייטען זיין נייע רעליגיאָן, און די אידען האָבען ניט געוואָלט אָננעמען זיין גלויבען, האָבען זיי גענומען ליידען פארפאָלגונגען. זיי האָבען אפילו ארויסגעוויזען א העלדישען ווידערשטאנד, אָבער זיי האָבען ניט געקאָנטביישטיין. פיל אידען זיינען געטויט געוואָרען, און פיל זיינען אנטלאָפען אין אנדערע לענדער.

די נייע רעליגיאָן מיט איר תורה, דער קאָראן, וועלכער האָט אין זיך פיל באליידיגונגען אויפ'ן אידישען פאָלק, האָט איינגע־פלאנצט ביי די מאכמעדאנער א שנאה צום אידען, און מאחמעד'ס נאָכפאָלגער האָבען די ערשטע צייט פארפאָלגט די אידען. שפע־טער איז די שנאה שוואכער געוואָרען; און די אידען האָבען גע־קאָנט לעבען רואיג. נאָך אין 11־טען יאָרהונדערט האָבען די אי־דען פון תימן, אין זיד אראביען, זעהר פיל געליטען. מען האָט זיי געצוואונגען אָנצונעמען דעם מאחמעדאנער גלויבען, און פיל אידען האָבען אָנגענומען. אין אראביען זיינען געבליבען ווייניג אידען, וועלכע זיינען זעהר פאראָרימט און אָפגעשטאנען פון דער גאנצער וועלט.

קאַפּיטעל 41

# די אידען אין דער רוימישער אימפעריע

פאר'ן צעפאלען פון דער רוימישער אימפעריע. — נאָכ'ן צעפאלען פון דער רוימישער אימפעריע.

1. **פאַר'ן צעפאַלען פון דער רוימישער אימפעריע.** — אין דעם צווייטען יאָרהונדערט פאר דער נייער צייטרעכענונג האָבען שוין די רוימער געהערשט איבער פיל לענדער אין אייראָפּע, אזיען און אפריקע. דאָס אלץ צוזאמען האָט געהייסען די רוימישע אימפעריע; און אומעטום, אפילו אין רוים אליין, האָבען זיך אידען געפונען נאָך אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש. אין די אלע לענדער אונטער דער הערשאפט פון די רוימער האָבען די אידען געלעבט רואיג. איבעראל האָבען די אידען גענאָסען די רעכט פון רוימישע בירגער, און האָבען זיך פריידליך איינגעלעבט מיט די פרעמדע געצענדינער.

און, ווען די רוימער האָבען צוגענומען ביי די אידען זייער פאָטערלאנד יהודה, האָבען זיי אימער געגעבען שוץ צו די אידען, וועלכע האָבען זיך באזעצט אין זייערע לענדער; און אפילו די אידען, וואָס זיינען פארקויפט געוואָרען פאר קנעכט צו די רוימער, האָבען געהאט פאָלקאָמע רעליגיעזע פרייהייט; און די קנעכט האָבען מיט זייער אויפפירונג געהאט א ווירקונג אויף זייערע הארען, וועלכע האָבען אָנגעפאנגען נאָכצוטאָן די אידישע קנעכט אין זייערע רעליגיעזע דינים און מנהגים; און פיל רוימער פלעגען מיט די אידען גיין אין שול אריין שבת און יום טוב. פיל פון די קנעכט זיינען באפרייט געוואָרען, און האָבען באַקומען בירגערליכע רעכט, 1). איבעראל האָבען די אידען געשפילט א וויכטיגע ראָל אין דער סאָציאל־עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון דער רוימישער אימפעריע.

2. **נאָכ'ן צעפאַלען פון דער רוימישער אימפעריע.** — צו ענדע פון 4־טען יאָרהונדערט איז די רוימישע אימפעריע צעפאַלען אויף צוויי טיילען: די מזרח'דיגע, אָדער ביזאנטיען, מיט דער הויפטשטאָט קאָנסטאנטינאָפּאָל; און די מערב'דיגע, די איטאליע־

1) קורות היהודים ברומא, מאת אברהם כהנא, ע. 6־9.

נישע, מיט דער הויפּטשטאָט רוים. צו דער איטאַליענישער אימ־פּעריע האָבען באַלאַנגט: איטאַליען, גאַליע (פראַנקריירך), שפּאַניען און אַנדערע לענדער. אידען האָבען געלעבט אין ביידע טיילען פון דער רוימישער אימפּעריע, און זיינען געבליבען געשיצט פון דער רעגירונג; אָבער אין דער ביזאַנטישער אימפּעריע האָט די לאַגע אָנגעפאַנגען צו ווערען ערגער, ווייל די פעלקער מיט דער גריכישער קולטור, וועלכע האָבען אָנגענומען דעם קריסטענטום, האָבען גע־נומען דריקען די אידען, און אפילו צווינגען אָנצונעמען דעם קריס־טענטום.

אין 476 יאָר איז די מערב רוימישע אימפּעריע אונטערגע־גאַנגען. די באַרבאַרישע גאָטישע און גערמאַנישע פעלקער האָבען באַזיגט רוים; און עס האָבען זיך געגרינדעט די אָסטגאָטישע מלוכה אין איטאַליען, די פרענקישע מלוכה אין גאַליען און די וועסטגאָטישע אין שפּאַניען. און אַזוי אין 400 יאָר נאָכ'ן חורבן פון ירושלים דורך די רוימער האָבען די אידען געזעהן דעם חורבן פון רוים. דאָס קעניגליכע רוים איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּאַבסטליכען רוים. רוים איז געוואָרען דער וואוינאָרט פון די קאַ־טוילישע פּאַבסטען. די ערשטע פּאַבסטען האָבען גענומען שטאַרק אַרבייטען צו באַקערען די אידען צום קריסטענטום, אָבער זיי האָ־בען די אידען ניט גערריקט; און, ווען די קריסטליכע אמונה האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטען צווישען די באַרבאַרישע פעלקער, זיי־נען אַממערסטען די נייע קריסטען נעענטער געוואָרען צו די אידען, ווייל זיי האָבען געזעהן עגליכס אין דער אידישער און אין דער קריסטליכער רעליגיאָן; אָבער די קריסטליכע גייסטליכע האָבען גענומען פאַרשפּרייטען האַס צווישען די קריסטען און אידען. די גייסטליכע האָבען מורא געהאַט, אַז די נייע קריסטען זאָלען ניט איבערגיין צום אידענטום. פיל גייסטליכע האָבען גענומען צוריי־דען די קעניגע, אַז זיי זאָלען די אידען שמד'ן מיט גוואַלד; אָדער אַרויסטרייבען פון זייערע לענדער; און די אַרבייט פון די גייסט־ליכע איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג, ווי איר וועט זעהן אין די נעקסטע קאַפּיטלאַך.

## קאַפּיטעל 42

# אידען אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל

אונטער דער הערשאַפט פון די ערשטע קריסטען. — אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער. — אונטער דער הערשאַפט פון די אלמוהאדען. — די קריסטען און די אינקוויזיציע. — דאָס אַרויסטרייבען פון שפּאַניען. — אידען אין פּאָרטוגאַל.

1. **אונטער דער הערשאַפט פון די ערשטע קריסטען. —** אין שפּאַניען האָבען אידען געוואוינט פון אַלטע צייטען; און אונטער דער הערשאַפט פון דער רוימישער אימפּעריע האָבען די אידען געלעבט פריי ווי אַלע בירגער. אין 5־טען יאָרהונדערט, ווען די וועסטגאָטען, וועלכע האָבען אָנגענומען קריסטענטום, זיינען געוואָרען די הערשער פון שפּאַניען, האָבען די קריסטליכע גייסטליכע באַקומען א גרויסע מאכט, און זיי האָבען אָנגעפאנגען שטארק צו פאַרפאָלגען די אידען. אין 612־טען יאָר האָט מען ארויסגעגעבען א באַפעל, אז אַלע אידען זאָלען זיך שמד'ן, אָדער זיי מוזען פאַרלאָזען דאָס לאנד. פיל אידען האָבען ארויסגעוואנדערט, און פיל האָבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, און געבליבען אידען באהאַלטענערהייט. אזעלכע אידען האָט מען גערופען מאראנען אָדער אנוסים. אין 694 יאָר איז אַרויס אַ באפעל, אז די אידען, וואָס האָבען אָנגענומען קריסטענטום און היטען ניט אָפּ דעם גלויבען, זאָלען ווערען שקלאַפען ביי די קריסטען, און זייערע קינדער זאָל מען צונעמען פון זיי און אָפּגעבען אין קריסטליכע אנשטאלטען.

2. **אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער. —** צום אידישען גליק האָבען די אראבער באזיגט שפּאַניען; און אין 711 יאָר האָבען די אראבער געגרינדעט זייער מלוכה אין שפּאַניען, וועלכע איז געוואָרען די פרייסטע און קולטורעלסטע מלוכה פון יענער צייט. די אידען האָט מען געגעבען פולע רעליגיעזע פרייהייט און אינערליכע זעלבסטפארוואלטונג; און אין גיכען זיינען דאָרט אויסגעוואקסען גרויסע אידישע קהילות. די אידען האָבען דאָ גענומען א ברייטען פעלד אָנצואווענדען זייערע פייאיגקייטען. זיי האָבען אנטייל גענומען אין האנדעל, אינדוסטריע און לאנד־ווירטשאפט; זיי האָבען א גרויסע ראָל געשפּילט אין דעם פּאָליטישען

לעבען; און אויך אין דעם גייסטיגען לעבען האָבען די אידען גע־האָלפען רייכער צו מאכען די אראבישע וועלט. און צו דערזעלבער צייט האָבען די אידען געשאפען פאר זיך אן אייגענע טיפזיניגע קולטור. דאָס אידישע לעבען האָט זיך דאָרט וואונדערבאר שיין פאנאנדערגעבליט. תורה, פילאָזאָפיע און וויסענשאפט זיינען גע־ווען צוזאמענגעבונדען.

מיט די גייסטיגע קרעפטען פון אָט די צוויי סעמיטישע פעל־קער, די אראבער און די אידען, איז אין שפאניען באשאפען געוואָ־רען אזא הויכע קולטור, וועלכע האָט געמאכט דאָס לאנד פאר דעם ליכטיגסטען ווינקעל אין דער פינסטערער צייט פון מיטעלאלטער. אין 10־טען יאָרהונדערט איז די אראביש־שפאנישע מלוכה שטארק געוואָרען, און צווישען די הערשער (קאליפען) זיינען געווען גרויסע ליבהאָבער פון וויסענשאפט, פאָעזיע און קונסט. יעדער פייאיגער מענש האָט געהאט א מעגליכקייט צו אנטוויקלען זיך. אין דער צייט פון עטליכע הונדערט יאָר האָבען די שפאנישע אידען געהאט גרויסע תלמודיסטען, פילאָזאָפען, פאָעטען און וויסענשאפט־לייט; וועגען וועלכע איר האָט געלעזען אויבען אין קאפיטעל 15. דאָ וויל איך נאָר דערמאָנען די נעמען פון צוויי גרויסע אידישע שטאטסלייט פון יענער צייט.

ר ב  ח ס ד א י  א ב ן  ש פ ר ו ט. — רב חסדאי האָט גע־לעבט פון 915 ביז 970. ער איז געווען א גרויסער געלערטער. ער איז באזעסען די העברייאישע, אראבישע און לאטיינישע שפראכען. ער האָט געלערענט מעדיצין און איז געוואָרען דאָקטאָר. דערצו איז ער באזעסען א פראקטישען פארשטאנד און געקאָנט גוט רעגירען. דערפאר איז ער ערוויילט געוואָרען אלס אויסלענדישער מיניסטער. זייענדיג אן איבערגעגעבענער געטרייער שטאטסמאַן, האָט ער צו דערזעלבער צייט שטארק געאַרבייט צו העלפען זיינע ברידער אין אַלע לענדער. אויך האָט ער געשטיצט די אידישע געלערטע און די העברייאישע שפראך־קענער.

ר ב י  ש מ ו א ל  ה נ ג י ד האָט אין עלפטען יאָרהונדערט געשפילט א גרויסע ראָל אין דער שפאנישער רעגירונג. ער האָט באקומען א הויכע בילדונג, א רעליגיעזע און וועלטליכע. ער האָט געשריבען העברייאיש און אראביש אין א גלענצענדען סטיל. אים האָט די רעגירונג פארטרויט די וויכטיגסטע שטעלעס. ערפילענדיג ערליך זיינע פליכטען צו דער רעגירונג, האָט ער אויך געפונען צייט

צו דינען זיין אייגען פֿאָלק. ער האָט באשיצט די אידען פון אנ־דערע לענדער, און ער איז געווען דער גייסטיגער פירער פון די אידען; ער האָט געפונען צייט צו לערנען תלמוד פאר זיינע תלמידים, און ער האָט אָנגעשריבען דעם „מבוא התלמוד", וואו עס ווערט דערקלערט ווי אזוי דער תלמוד איז געשאפען געוואָרען. אויך האָט ער אָנגעשריבען א זאמלונג פון פילאָזאָפישע געדאנקען, א ספר פון רעליגיעזע געזאנגען און א ספר מיט משלים (פאבלען). — ער איז געשטאָרבען אין 1055.

3. **אונטער דער הערשאַפט פון די אלמוהאדען.** — אין מיטען פון 12־טען יאָרהונדערט איז אויף די אידען אין שפאניען געקומען אַן אומגליק. אין נאָרד אפריקע איז געווען א מאחמעדא־נישע סעקטע „אלמוהאדען", וועלכע האָבען גענומען פארשפרייטען זייער גלויבען מיט דער הילף פון שווערד. אין מאראָקאָ האָבען זיי געצוואונגען די אידען צו אָננעמען דעם נייעם גלויבען, און פיל אי־דען האָבען אָנגענומען, אָבער מער זיינען אנטלאָפען אין אנדערע לענדער. שפעטער האָבען די אלמוהאדען איינגענומען זיד־שפאניען און געוואָרען דאָרט די הערשער. די בליענדע אידישע געמיינדעס זיינען פארוויסט געוואָרען, און די אידען האָבען געמוזט אָננעמען דעם מאחמעדאנישען גלויבען, אָדער פארלאָזען דאָס לאַנד.

4. **די קריסטען און די אינקוויזיציע.** — אין 13־טען יאָרהונדערט האָבען די קריסטליכע קעניגע ארויסגעשטויסען די אראבער פון דעם גרעסטען טייל שפאניען. ביי די אראבער איז נאָר געבליבען א קליינע קעניגרייך מיט דער הויפטשטאָט גראנאדע. אין דער קריסטליכער שפאניען האָבען די גייסטליכע גענומען פאר־פאָלגען די אידען. די רעגירונג אָבער האָט געמוזט האָבען אידישע מיניסטאָרען און ראטגעבער. ביי די שלעכטע אומשטענדען אין דער קריסטליכער שפאניען איז דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען ניט אָפּגעשוואכט געוואָרען. מען האָט אין יענער צייט באארבייט דעם תנ"ך און דעם תלמוד, מען האָט זיך אָפּגעגעבען מיט רעליגיע־זער פילאָזאָפיע, מיט פּאָעזיע און מיט אלגעמיינער וועלטליכער בילדונג. אין 14־טען און 15־טען יאָרהונדערט האָבען די אידען פארנומען אַן אנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער רעגירונג. נאָר די אדעל און די גייסטליכע האָבען געהעצט געגען די אידען; און אין 1391 יאָר האָבען זיי געבראַכט פּאָגראָמען אויף אידען. פיל אידען האָבען דאן אָנגענומען קריסטענטום, און פיל האָבען פארלאָזען דאָס לאַנד.

אין 1474 יאָר האָט דער קעניג פערדינאנד געהייראט די פאַ־נאטישע איזאבעל, וועלכע האָט צוגעזאָגט די גייסטליכע צו אָנווענ־דען אלע קרעפטען אויסצואוואָרצלען אלע „אומגלויביגע”. אין גיך כען האָט די קעניגליכע פּאָר באקומען אן ערלויבעניש פון פּאפּסט איינצופירען ביי זיך די היילינגע אינקוויזיציע. דעם 6־טען יאנואר 1481 יאָר האָט מען ביי פייערליכע קירכליכע צערעמאָניעס פאר־ברענט די ערשטע זעקס גע'שמד'טע אידען פאר זייער אָנהאלטען אידישקייט. טויזענטער אידען אין שפּאניען זיינען פארברענט געוואָרען לעבעדיגערהייט, און איידער זיי האָבען זייער לעבען פאר־לאָרען האָט מען זיי געפּייניגט מיט די שרעקליכסטע יסורים, אונ־טער דער פירערשאפט פון דעם קעניג'ס פּריסט טאָרקוועמאדאָ.

5. דאָס ארויסטרייבען די אידען פון שפּאַניען. — טאָר־קוועמאדאָ האָט אויסגעווירקט ביי דער קעניגליכער פּאָר, אז אלע אידען, וואָס ווילען ניט אָננעמען דעם קריסטענטום, זאָלען אין פאר־לויף פון פיר מאָנאטען ארויסגעטריבען ווערען פון לאנד.

אין יענער צייט איז אין שפּאניען דער פינאנץ מיניסטער גע־ווען אַ איד דאן יצחק אברבנאל, וועלכער איז געווען א פּילזייטיגער געלערטער, א פילאָזאָף און א פרומער איד; און ער האָט זעהר פיל נוצען געבראכט דער רעגירונג. ווען דער באפעל איז געקומען ארויסצוטרייבען אלע אידען, איז דער אברבנאל מיט די פאָרשטייער פון דער געמיינדע אוועק צום קעניג און קעניגין, און מיט טרערען געבעטען, אז זיי זאָלען צוריקרופען דעם באפעל. ווען דער קעניג איז שוין געניינגט געווען נאָכצוגעבען, איז אריינגעקומען טאָרקווע־מאדאָ מיט א צלם אין די הענט, און האָט געווירקט, אז דער באפעל זאָל בלייבען אין קראפט.

דעם 2־טען אויגוסט, 1492 יאָר, פּונקט תשעה באָב, אין דעם טאָג, וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, האָבען דריי הונ־דערט טויזענט אידען געמוזט פארלאָזען שפּאניען, וועלכע זיי האָ־בען ליב געהאט אלס זייער פאָטערלאנד; און וואו זיי האָבען גע־לעבט מער פון פופצען הונדערט יאָר. דריי טעג זיינען אלע אידען געלעגען אויף די קברים פון זייערע ליבע און טייערע. מיט זייערע טרערען האָבען זיי נאָס געמאכט די קברים. שטיקלאך שטיינער פון די מצבות האָבען זיי מיט זיך מיטגענומען אלס אָנדיינקען און אוועקגעלאָזען זיך אין דער גרויסער וועלט.

דאָן יצחק אברבנאל, וועלכען דער קעניג האָט געבעטען ער

זאָל פארבלייבען, איז אויך אוועק צוזאמען מיט אלע וואנדערער. ער האָט ניט געוואָלט זיין אן אויסנאם. הונגער, קראנקהייטען און טויט האָבען באגלייט די פארטריבענע; און די, וואָס זיינען גע־בליבען לעבען, זיינען צעשפּרייט געוואָרען איבער אלע לענדער פון אייראָפּע, אזיען און אפריקע, וואו זיי האָבען געגרינדעט נייע אידי־שע געמיינדען; און האָבען פאָרטגעזעצט זייער עקזיסטענץ אלס אידען. און שפּאניען, פארלירענדיג אזא געבילדעטען קלאס מענ־שען, ווי די אידען, איז געקומען צו פולשטענדיגען חורבן.

6. די אידען אין פּאָרטוגאַל. — פּאָרטוגאל איז געוואָרען א קעניגרייך פאר זיך אין 1094. די אידען, וועלכע האָבען זיך דאָרט באזעצט, האָבען געלעבט גאנץ רואיג, און האָבען פארנומען הויכע אמטען אין דער רעגירונג. צום ענדע פון 14־טען יאָרהונ־דערט זיינען אהער אָנגעקומען פיל אנוסים אנטלאָפענע פון שפּאַ־ניען. אין 15־טען יאָרהונדערט האָבען די אידען אין פּאָרטוגאל אויך אָנגעפאנגען צו ליידען פארפאָלגונגען, און אין 1498 האָט מען אלע אידען ארויסגעטריבען. ביי פיל עלטערען האָט מען אָפּגענו־מען די קינדער און געמאכט פאר קריסטען.

## קאַפּיטעל 43

# די אידען אין טערקיי

די אַרויסגעטריבענע אידען געפינען שוץ אין טערקיי. — די אידען ברייגנען נוצען דעם לאנד. — דון יוסף נשיא.

1. די אידען געפינען שוץ אין טערקיי. — אין 1453־טען יאָר האָט זיך געגרינדעט די טערקישע אימפּעריע. מיט 39 יאָר שפּעטער (1492) זיינען די אידען ארויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאניען און פּאָרטוגאל, א גרויסער טייל פון די ארויסגעטריבענע אידען האָבען געפונען א היים אין טערקיי. די טערקישע סולטאנען האָבען גערען אויפגענומען די אידען. זיי האָבען פארשטאנען, אז די אידען מיט זייער פייאיגקייט וועלען ברייגנען גרויסע נוצען דעם לאנד. דער טערקישער סולטאן באיאזעט דער צווייטער האָט גע־זאָגט: „פערדינאנד פון שפּאניען איז א נארישער קעניג. ער האָט חרוב געמאכט זיין אייגען לאנד, און האָט רייך געמאכט אונזער לאנד".

2. די אידען ברייגנען נוצען דעם לאַנד. — די טערקישע באפעלקערונג איז באשטאנען פון צוויי קלאסען: איין קלאס איז געווען פארנומען מיט מיליטער־קונסט, און א צווייטער קלאס מיט ערד־ארבייט. די אידען מיט זייער אריינקומען אין לאנד האָבען אנטוויקעלט דעם האמדעל סיי אין לאַנד און סיי מיט אנדערע לענ־דער, די אידען האָבען זיך אויך אָפּגעגעבען מיט פארשיידענע מלאכות און טעכניק; און זיי האָבען באקאנט די טערקען מיט די נייסטע ערפינדונגען.

אין 16־טען יאָרהונדערט האָבען אין טערקיי געגרינדעט זיך פיל אידישע געמיינדען פון שפאניש־פּאָרטוגעזישע אידען, וועלכע מען האָט גערופען ספרדים, ווי אויך פון די אידען, וואָס זיינען גע־קומען פון דייטשלאנד, וועלכע מען האָט גערופען אשכנזים. דער פירער פון די אידישע געמיינדען איז געווען דער הויפט רב, אונטער דעם נאָמען „דער חכם״, וועלכער פלעגט באשטעטיגט ווערען פון סולטאן אלס פאָרשטייער פון אידישען פאָלק.

3. דון יוסף נשיא. — אין דער רעגירונג פון די סולטאנען האָבען זיך געפונען אידען אלס שטאַטסמענער, ראטגעבער און פאר־מיטלער אין אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. אָט די אידישע שטאַטסמענער האָבען געבראכט גרויסע נוצען דעם לאַנד; און צו דערזעלבער צייט האָבען זיי פיל גוטס געטאָן זייערע ברידער ניט נאָר ביי זיך אין לאנד, נאָר אויך אין אנדערע לענדער.

צווישען די אידישע שטאַטסמענער אין טערקיי האָט א גרויסע ראָל געשפּילט דון יוסף נשיא. זיין געבורטס לאַנד איז געווען פּאָרטוגאל, וואו מען האָט אים געטויפט מיט גוואלד. די גאנצע משפחה האָט זיך גערעטעט און אַנגעקומען קיין האָלאנד, און גע־וואָרען צוריק אידען. יוסף איז אוועק קיין טערקיי, וואו ער איז אינגיכען געוואָרען דעם סולטאנ׳ס ערשטער ראטגעבער און פאר־מיטלער אין אויסלענדישע ענינים. אָט דער יוסף איז געווען א גע־טרייער בירגער פון זיין לאנד און א הייסער איד מיט א ברייט הארץ און אָפענער האנט. ער האָט געשטיצט די ישיבות און אלע געלערטע, און פלעגט זיך איינשטעלען פאר די אידען וואָס זיינען פארפאָלגט געוואָרען אין די קריסטליכע לענדער. וועגען די אידען אין ארץ ישראל אונטער דער טערקישער הערשאפט זעה אויבען קאפיטעל 38.

## קאַפּיטעל 44

# די אידען אין פראַנקרייך

**אידען ליידען פון דער רעגירונג און פון דער קירכע. — דאָס גייסטיגע שאַפען. — נאָך דער רעוואָלוציע.**

1. **די אידען ליידען פון דער רעגירונג און פון דער קירכע.** — ווען פראַנקרייך איז נאָך געווען א רוימישע פּראָווינץ, האָבען זיך דאָרט געפונען אידען, און זיי האָבען גענאָסען די רעכט גלייך מיט אַלע רוימישע בירגער. און ווען דאָס פאָלק פון פראַנקרייך האט אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, זיינען זיי נאָך פריינדליכער געוואָרען צו די אידען; נאָר די קריסטליכע גייסטליכע האָבען גענומען פאַרשפּרייטען האַס; און דאָס האָט געהאַט א ווירקונג.

אין דער נייער פראַנקישער מלוכה אין 6־טען און 7־טען יאָרהונדערט זיינען די אידען איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענט פון די גייסטליכע. פיל מאָל האָט געטראָפען, אז מען האָט די אידען געצוואונגען אָננעמען דעם קריסטענטום, אויב ניט, האָט מען זיי אַרויסגעטריבען פון גאַנץ פראַנקרייך. נאָר אונטער דער הערשאַפט פון קאַרל דעם גרויסען (768־814) האָבען די אידען ניט געליטען קיין פאַרפאָלגונגען. אין 11־טען און 12־טען יאָרהונדערט זיינען די מערסטע אידישע קהלות אין פראַנקרייך פאַרניכטעט געוואָרען דורך די קרייץ־טרעגער ווען די קריסטליכע פעלקער האָבען זיך פאַראייניגט מלחמה צו האַלטען געגען די מאַהמעדאַנער, און דער ווילדער המון האָט זיין גאַנצען צאָרן אויסגעגאָסען אויף די אידען.

דער ליידענשאַפטליכער רעליגיעזער פאַנאַטיזם, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די קריסטליכע וועלט, האָט אוועקגעשטעלט די אידען אויף א געפערליכען ווּלקאַנישען באָדען. מען האָט וועגען אידען פאַרשפּרייט די שרעקליכסטע בייזע קלאַנגען. דאַן האָט מען צום ערשטען מאָל פאַרשפּרייט די פאַלשע געמיינע באַשולדיגונגען, אַז אידען געברויכען קריסטליך בלוט פּסח אין די מצות. און פראַנקרייך איז געווען די ערשטע צו פאַרגיסען אידיש בלוט פאַר אָט דער באַשולדיגונג, וואָס מען רופט „עלילת דם". אין 1171 יאָר האָט מען אין דער שטאָט בלואַ אַרעסטירט דרייסיג אידען, די פיינסטע

מענשען פון דער געמיינדע אויף דער באשולדיגונג פון עלילת דם. מען האָט זיי פאַרגעשלאָגען, אז זיי זאָלען זיך שמד'ן וועט מען זיי באפרייען. די אידען האָבען זיך אָפּגעזאָגט. האָט מען זיי אלעמען אריינגעווארפען אין א גרויס פייער; און די אידען זיינען העלדיש געשטאָרבען, זינגענדיג „עלינו לשבח".

אין 1182 יאָר האָט מען ארויסגעטריבען אלע אידען פון דעם קרייז פון פאריז. זייער פארמעגען איז געבליבען פאר דעם קעניג, און די אידישע שולען האָט מען פארוואנדעלט אין קירכען. שפּע־טער, ווען דער קעניג האָט זיך גענויטיגט אין געלט, האָט ער ער־לויבט די אידען צו באזעצען זיך אין לאנד, נעמענדיג דערפאר גרויסע אָפּצאָלונגען.

אין אָנהויב פון 13־טען יאָרהונדערט האָט געלעבט דער פּאפּסט אינאקענטי דער דריטער. ער איז געווען א שרעקליכער פאנאטי־קער, א ליבהאָבער צו הערשען, און א שונא ישראל. ער האָט גע־שריבען צו די קעניגע, אז די אידען דארפען אָפּקומען פאר זייערע זינד. דערפאר וואָס זיי האָבען געטויט יעזוס'ען, דארף מען זיי פארקנעכטען, און האלטען אָפּגעזונדערט פון די קריסטען, אלס א רעכטלאָזען נידעריגען קלאס מענשען. אין יענער צייט האָט מען אין פראנקרייך איינגעפירט די אינקוויזיציע, און מען האָט גע־צוואונגען די אידען צו טראָגען א שאנדצייכען. שפּעטער האָט מען אויף דעם באפעל פון דעם פּאפּסט גרעגאָר דער 9־טער אָפּגענומען ביי אלע אידען דעם תלמוד און מען האָט אים פארברענט אין מי־טען גאס אין 1242 יאָר. די נאכריכט האָט ארויסגערופען א טיפען טרויער ביי אלע אידען אין אלע לענדער.

אין 14־טען יאָרהונדערט האָט מען די אידען אין פראנקרייך זעהר געמאטערט. דער קעניג פלעגט צונעמען א טייל פון זייער פארמעגען; און דער קעניג פיליפּ דער 4־טער האָט באשלאָסען ארויסצוטרייבען אלע אידען, און צונעמען אינגאנצען זייער פאר־מעגען. אין 1306 יאָר זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען ארום הונ־דערט טויזענט אידען און אינגאנצען זייער גוטס איז געבליבען פאר דעם קעניג. מיט ניין יאָר שפּעטער האָט דער נייער קעניג לואיס דער צענטער ערלויבט די אידען אומצוקערען זיך קיין פראנקרייך. זיי האָבען זיך אומגעקערט, און עס האָבען זיך אָנגעפאנגען נייע צרות. אין 1320 זיינען פאָרגעקומען שרעקליכע שחיטות אויף אי־דען. אזוי האָבען זיי געליטען ביז דער קעניג קארל דער 6־טער האָט

אין 1394 יאָר ארויסגעגעבען א באפעל ארויסצוטרייבען אלע אידען אויף אימער. 300 יאָר האָבען אידען ניט באוויזען זיך אין פראנק־רייך.

2. **דאָס גייסטיגע שאפען.** — די אידען אין פראנקרייך אין יענע פינסטערע צייטען האָבען דערוויזען, אז די שרעקליכע צרות קאָנען ניט אָפּשוואכען אין דעם אידען זיין שטרעבונג צו גייסטיגער טעטיגקייט. זייענדיג פארפאָלגט, האָט דער איד געפונען א טרייסט אין זיין תורה און אין זיין רעליגיאָן. אין פראנקרייך איז שטארק געווען פארשפּרייט דאָס לערנען פון תלמוד, און זיי האָבען געהאט גרויסע חכמים און רבנים. אין 12־טען און 13־טען יאָרהונדערט זיינען דאָרט געווען די בעלי התוספות, וועלכע האָבען אריינגעדרונגען אין די טיפענישען פון די שווערע תלמודישע פאר־האנדלונגען, און האָבען דערקלערט אלע שווערע שטעלונגען. די גרויסע צרות האָבען אָבער געווירקט, אז די אידען אין פראנקרייך האָבען זיך ניט אָפּגעגעבען מיט וועלטליכע בילדונג און פילאָזאָפיע.

3. **נאָך דער רעוואָלוציע.** — נאָך דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע (1789) איז אנערקענט געוואָרען די גלייכבארעכטיגונג פון די אידען. און אויף דער נאציאָנאלער פארזאמלונג אין 1791 איז פאָרגעקומען א הייסע דיסקוסיע וועגען די אידישע רעכט, ווייל די דעפּוטאטען פון דער קאטוילישער קירכע האָבען זיך געשטעלט דאגעגען. זיי האָבען אָבער ניט אויסגעפירט. די אידען איז געגעבען געוואָרען פולע בירגערליכע רעכט גלייך מיט די קריסטען. אין 1806 יאָר האָט נאפּאָלעאָן דער ערשטער געגרינדעט אין פּאריז א סנהדרין פון 71 מיטגלידער, וועלכע האָבען געדארפט אויסארבייטען א פּלאַן ווי אזוי איינצואָרדענען די אידישע געמיינדען. נאָך דער רעוואָלוציע אין 1848 האָט זיך די לאגע פון די אידען נאָך מער פארבעסערט; אָבער צום ענדע פון 19־טען יאָר־הונדערט האָט זיך אין פראנקרייך אויך פארשפּרייט דער אנטי־סעמיטיזם.

## קאַפּיטעל 45

# די אידען אין גערמאַניע און אין עסטרייך

ביז די קריסטליכע רעפאָרמען. — נאָך די רעפאָרמען. — נאָך דער רעוואָלוציע. — אין עסטרייך און באָהעמיע.

1. **ביז די קריסטליכע רעפאָרמען.** — אין גערמאַניע האָבען אויך אידען געוואוינט נאָך אין דער צייט, ווען גערמאַניע איז געווען א רוימישע פּראָווינץ. די אידען האָבען דאָרט געלעבט גאַנץ רואיג ביז די באַפעלקערונג האָט אָנגענומען דעם קריסטענטום. דאַן האָבען זיך אָנגעפאַנגען דיזעלבע פאַרפאָלגונגען ווי אין פראַנקרייך. די ערשטע קרייץ־טראָגער (1096) האָבען אמווילדעסטען געבושעוועט אין די דייטשע שטעט ארום דעם טייך רהיין. אין וואָרמס, מיינץ און קעהלן זיינען טויזענטער אידען געטויטעט געוואָרען ווי שאָף. פיל האָבען זיך אליין דאָס לעבען גענומען, און פיל האָט מען מיט גוואַלד גע'שמד'ט. דאָסזעלבע האָט זיך איבערגע'חזר'ט אין אלע איבעריגע קרייציגע. באַזונדערס האָבען די דייטשע אידען געליטען פון בלבולים, ווי עלילת דם, און ד. ג. אין 1348 יאָר, אין דער צייט פון שוואַרצען טויט האָבען זיי שרעקליך געליטען. פון 12־טען יאָרהונדערט האָבען זיך די אידען פון גערמאַניע גערעכענט פאַר קנעכט פון די הערשער, און זיי האָבען געדאַרפט צאָלען שטייערען צום קעניג, צו די פירשטען, צום שטאָט און אויך צו דער קירכע. אין די מערסטע שטעט האָבען די אידען געמוזט וואוינען אין די גהעטאָס, און זיי האָבען געמוזט טראָגען דעם שאַנדצייכען, א געלע לאַטע אויף די קליידער, אָדער אַן עקעלהאַפטע הוט מיט שפּיצען. די מערסטע אידען זיינען געווען זעהר אָרים. מען האָט זיי ניט צוגעלאָזען צו די בעסערע מלאכות. אזוי האָבען די אידען געלעבט אין דייטשלאַנד ווי דערשראָקענע שאָף, ערוואַרטענדיג אימער דעם אָנפאַל פון ווילדע חיות; און דאָך האָבען די אידען געהאַט ישיבות, וואו מען האָט געלערענט תורה, און עס זיינען געווען גרויסע רבנים און חכמים, וועלכע האָבען געלערענט די אידען ווי צו פירען זיך אין זייער אינערליכען לעבען. פון די דייטשע רבנים זיינען געבליבען פיל ספרים פון דער תלמודישער און רעלי־

גיעזער ליטעראַטור. אָבער מיט וועלטליכע בילדונג און פילאָזאָפיע האָבען זיי זיך ניט אָפּגעגעבען.

2. **נאָך די רעפאָרמען.** — אין אָנפאַנג פון 16־טען־יאָר־הונדערט האָט זיך אָנגעפאַנגען די באַוועגונג פון דער רעפאָרמאַציע אין קריסטענטום. דייטשלאַנד איז געווען פון די ערשטע צו פּראָ־טעסטירען געגען דער קאַטוילישער קירכע; און דער באַרימטער רעפאָרמאַטאָר מאַרטין לוטהער (1517) האָט פון אָנפאַנג געזאָגט, אַז צו די אידען דאַרף מען זיך פאַרהאַלטען מיט מילדקייט. אין איינע פון זיינע ווערק האָט ער זיך אויסגעדריקט: „ווען איך וואָלט געווען אַ איד, און וואָלט געזעהן ווי אַזוי אַזעלכע דומקעפּ פאַר־וואַלטען די קירכע, וואָלט איך בעסער וועלען זיין אַ שוויין איידער אַ קאַטאָליק. די אידען זיינען דאָך אונזערע קרובים און די ברידער פון אונזער האַר". אָבער שפּעטער, ווען לוטהער האָט באַקומען די מאַכט, האָט ער געביטען זיין מיינונג, און האָט גענומען פּריי־דיגען, אַז מען זאָל די אידען פאַרפאָלגען, אַז מען זאָל צעשטערען די אידישע שולען, מען זאָל צונעמען ביי די אידען דעם תלמוד און די סידורים, מען זאָל פאַרבאָטען צו לערנען די תורה, מען זאָל זיי דריקען אין זייערע באַשעפטיגונגען, און די געזונטע זאָל מען שי־קען אויף צוואַנגס ארבייט; און פאַר זיין טויט האָט לוטהער גע־זאָגט, אַז מען דאַרף אַלע אידען אויס־שמד'ן, אָדער אַרויסטרייבען פון לאַנד. אָט דאָס איז געוואָרען די לערע פון דער דייטשער רע־פאָרמאַציע, וועלכע איז געקומען קעמפען געגען פינסטערניש פון דער קירכע, און אַזוי איז די אידישע לאַגע נאָך דער רעפאָרמאַציע ניט בעסער געוואָרען. אין 16־טען און 17־טען יאָרהונדערט האָ־בען די אידען אין דייטשלאַנד אָפט געליטען פון פּאָגראָמען און שחיטות.

3. **נאָך דער רעוואָלוציע.** — ערשט נאָך דער רעוואָלוציע אין 1848 יאָר איז אין דייטשלאַנד געקומען די גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען. די אידען האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען גרויס ער־פאָלג אויף אַלע געביטען פון מענשליכער טעטיגקייט; און אויך אויף דעם געביט פון אידישע וויסענשאַפט און געשיכטע. צו דער־זעלבער צייט אָבער האָט די פרייהייט געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג. עס איז באַשאַפען געוואָרען אַ נייע ריכטונג אונטער דעם נאָמען אסימילאַציע. דער יונגער דור האָט זיך דערווייטערט פון אידענ־טום און האָט גענומען צונויפמישען זיך מיט די קריסטען. צום

ענדע פון 19־טען יאָרהונדערט, ווען אין דייטשלאַנד האָט זיך אנט־וויקעלט דער מאָדערנער אנטיסעמיטיזם, האָבען זיך אייניגע אידען דערמאָנט, אז זיי זיינען אידען.

4. די אידען אין עסטרייך און באָהעמיע. — אין עסט־רייך און באָהעמיע האָבען די אידען געליטען דיזעלבע צרות וואָס אין דייטשלאַנד סיי פון די גייסטליכע און סיי פון דער רעגירונג. אין דער צייט פון דעם 30־יעריגען קריג צווישען די קאַטאָליגען און די פּראָטעסטאַנטען (1618־1648) האָבען אידען שרעקליך גע־ליטען פון פּאָגראָמען און גוואַלדטאַטען. אין 1630 יאָר האָט דער קעניג פערדינאַנד דער 2־טער ארויסגעגעבען א באפעל צו צווינגען די אידען פון ווין און פּראַג, אז זיי זאָלען זיך פארזאַמלען יעדער שבת אויסצוהערען דרשות פון קאַטוילישע גייסטליכע. אין 1670 יאָר האָט דער קעניג לעאָפּאָלד געטאָן דעם ווילען פון זיין פרומער פרוי, און האָט ארויסגעטריבען אַלע אידען פון ווין און נידער־עסטרייך, און די אידישע שולען האָט מען פארוואַנדעלט אין קלויס־טערס. ערשט אין 1867 יאָר האָבען די עסטרייכישע אידען בא־קומען גלייכע רעכט.

דער גייסטיגער לעבען פון די אידען אין עסטרייך איז געווען דערזעלבער ווי אין דייטשלאַנד. און אין די לעצטע הונדערט יאָר האָט זיך דאָרט שטאַרק אנטוויקעלט דער חסידיזם מיט גוטע אידען.

## קאַפּיטעל 46

# די אידען אין ענגלאַנד

ביז קראָמוועלען. — נאָך קראָמוועלען. — נאָך דער עמאַנסיפּאַציע.

1. ביז קראָמוועלען. — אין ענגלאַנד האָבען זיך געפונען אידען אין די ערשטע הונדערטער יאָרען פון דער נייער צייט־רעכענונג, ווען ענגלאַנד האָט נאָך געהערט צו דער רוימישער אימ־פּעריע. אין 11־טען יאָרהונדערט זיינען אין ענגלאַנד געווען פיל אידען, און זיי האָבען געלעבט אין א גוטען צושטאַנד, און מיט דער באַפעלקערונג זיינען די באַציאונגען געווען זעהר פריינדליכע. פון די ערשטע צוויי קרייצצוגען אין 11־טען און 12־טען יאָרהונדערט האָבען די אידען אין ענגלאַנד ניט געליטען; דערפאַר אָבער האָבען

זיי שרעקליך געליטען פון דעם דריטען קרייצצוג אין 1189 יאָר, און אונטער דער ווירקונג פון ארכיעפּיסקאָפּ באלדווין האָט דער קעניג ריטשארד דער לייבענהארציגער אָנגעפאנגען צו פארפאָלגען די אי־דען; און ער האָט דערלאָזט צו מאכען אויף אידען שרעקליכע פּאָגראָמען, און ווען די קריסטען האָבען דערזעהן, אז די אידען ווע־רען ניט באשיצט, זיינען זיי געוואָרען ווי ווילדע חיות, און האָבען די אידען געפּייניגט, געהרג'עט, פארניכטעט די אידישע הייזער און צערויבט זייער גוטס. פיל אידען האָט מען געצוואונגען צו שמד'ן זיך.

נאָך די קרייצצוגען האָבען די אידען פיל געליטען פון די קע־ניגע, פון די פירשטען און פון די גייסטליכע. די קעניגע האָבען גערעכענט די אידען פאר זייערע קנעכט, און דאָס אידישע פאר־מעגען פאר זייער אייגענטום. און די קריסטליכע גייסטליכע האָבען דורכגעפירט די באפעלען פון דעם פּאפּסט. אין אָנפאנג פון 13־טען יאָרהונדערט האָט מען די אידען געצוואונגען צו טראָגען דעם שאנד־צייכען; מען האָט זיי פארבאָטען צו בויען שולען, און מען האָט זיי געצוואונגען צו צאָלען באזונדערע שטייערען אויף דער קירכע. און ווען די אידען האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי ערלויבען פאר־לאָזען דאָס לאנד, האָט מען ניט ערלויבט, ווייל זיי זיינען געווען א קוואל פון איינקינפטע פאר דער רעגירונג.

דער קעניג עדווארד דער ערשטער האָט געצוואונגען די אידען אויסצוהערען די דרשות פון די קריסטליכע גייסטליכע, וועלכע האָ־בען אָנגעווענדעט אלע מיטלען צו ברייננען די אידען אונטער'ן קריסטענטום.

אין יולי פון יאָר 1290 האָט דער קעניג עדווארד ארויסגעגע־בען א באפעל, אז אלע אידען זאָלען פארלאָזען ענגלאנד. 16,500 ענגלישע אידען האָבען אויף אייביג פארלאָזען זייער גרויזאמען פאָטערלאנד, און זיינען ארייגעפאלען אין אנדערע לענדער, וואו זיי האָבען געליטען פיל צרות.

דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען אין ענגלאנד האָט זיך ניט געקאָנט אנטוויקלען אונטער אזעלכע שלעכטע אומשטענדען. עס האָבען זיך געפונען אייניגע גרויסע רבנים און געלערטע, אָבער זיי האָבען גאָר ניט אויפגעטאָן.

2. **נאָך קראָמוועלען.** — אומגעפער 350 יאָר זיינען אין

ענגלאנד ניט געווען קיין אידען. אין דער צייט זיינען די מערסטע ענגלענדער אריבער פון קאטוילישען צום רעפאָרמערישען גלויבען. עס האָט זיך געגרינדעט די סעקטע „פוריטאנער“. וועלכע האָבען מיט גרויס ליבע געלערענט אונזער תנ"ך, און דאָרט געזוכט די פרינ־ציפען פון אמת'ן גלויבען. דאָס האָט דערנעהענטערט די ענגלישע רעפאָרמער צום אידענטום.

אין 17־טען יאָרהונדערט, ווען ענגלאנד איז געוואָרען א רע־פובליק, און דער פוריטאנער אָליווער קראמוועל (1599־1658) איז געווען פראָטעקטאָר, האָבען די אידען פון האָלאנד אין 1655 יאָר געשיקט צו קראמוועלען דעם אידישען געלערטען רבי מנשה בן ישראל צו בעטען, אז מען זאָל ערלויבען די אידען צו באזעצען זיך אין ענגלאנד און צו געבען זיי פרייהייט פון רעליגיאָן. דאן האָבען אידען אָנגעפאנגען ביסלאכווייז צו באזעצען זיך אין ענגלאנד. און, ווען שפעטער (1660) האָבען ווייטער גענומען הערשען קעניגע אין ענגלאנד, האָט מען אויך ערלויבט די אידען צו באזעצען זיך אין ענגלאנד; נאָר מען האָט זיי גערעכענט פאר פרעמדע, און זיי האָ־בען געמוזט באצאָלען באזונדערע שטייערען. אין 1753 יאָר האָט די רעגירונג באשלאָסען, אז די אידען קאָנען ווערען בירגער פון לאנד. אָבער די ענגלישע סוחרים זיינען געווען שטארק דאגעגען, און די רעגירונג האָט געמוזט צוריקרופען דעם געזעץ (1754). דער בעסערער טייל פון דעם ענגלישען פאָלק האָבען אָבער געהאלטען מיט די אידען, און די פולע עמאנסיפאציע פון די אידען איז אָנגע־נומען געוואָרען אין 1858.

3. נאָך דער עמאַנסיפּאַציע. — און אין ענגלאנד האָט זיך אנטוויקעלט א פולקאָמע מענשליכע באציאונג צווישען די אי־דען און די ענגלענדער. די אידען האָבען גענומען שפילען א וויכ־טיגע ראָל, און האָבען געבראכט גרויס נוצען זייער פאָטערלאנד. דער איד ביקאָנספעלד איז געווען איינער פון די גרעסטע שטאאטס־מענער פון דער וועלט, און דער גרעסטער פאטריאָט פון ענגלאנד. די ראָטשילדס אין ענגלאנד זיינען אימער געווען געטרייע ניצליכע בירגער פון לאנד, און איבערגעגעבענע אידען צום אידישען פאָלק. דאָרט איז געווען ר' משה מאָנטעפיאָר, וועלכער איז געווען באַ־ליבט און געשעצט אין קעניגליכען הויף און ביי דעם גאנצען פאָלק; און מיט זיין גאנצען הארצען איז ער אימער געווען גרייט צו העל־פען און באשיצען זיינע ברידער אין אלע לענדער. זעהר פיל גרויסע

אידישע שטאַטסמענער און פילאַנטראָפּען האָט ענגלאַנד געהאַט און האָט. די אידען האָבען דאָרטווירקליך גענאָסען די פולע פריי־הייט; נאָר אין דער לעצטער צייט האָט זיך דער אנטיסעמיטיזם אריינגעכאַפּט אויך אין ענגלאַנד.

## קאַפּיטעל 47

# די אידען אין איטאַליען

**די ערשטע אידען אין איטאַליען. — אין מיטעלאַלטער. — אין די לעצטע פיר הונדערט יאָר.**

1. **די ערשטע אידען אין איטאַליען.** — אין איטאַליען, איבערהויפּט אין רוים, האָבען זיך אידען געפונען נאָך אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש. די רעגירונג האָט די אידען באַשיצט גלייך מיט אַלע בירגער; און די באַפעלקערונג האָט גאַנץ פריינד־ליך געלעבט מיט די אידען. ווען די רוימער האָבען באַזיגט ארץ ישראל, האָבען זיי פיל אידען גענומען געפאַנגען, געבראַכט קיין רוים און פאַרקויפט פאַר קנעכט. אָבער די מערסטע קנעכט זיינען שפּעטער באַפרייט געוואָרען, און האָבען ניט נאָר געלעבט ווי פרייע בירגער, נאָר זיי האָבען אויך געהאַט אַן איינפלוס אויף די רוימער, און פיל רוימער האָבען גענומען נאָכטאָן די אידען אין זייער רעלי־גיעזער אויפפירונג, און דאָס האָט פיל געהאָלפען, אַז די רוימער זאָלען שפּעטער אָננעמען דעם קריסטענטום, ווייל מען האָט זיי ער־קלערט, אַז קריסטענטום איז אַ פאָרטזעצונג פון אידענטום. די באַ־ציאונגען צווישען די ערשטע קריסטען און די אידען זיינען אויך געוועזען פריינדליכע; און אפילו די ערשטע פּאַפּסטען, וועלכע האָבען שטאַרק געוואָלט באַקערען די אידען צום קריסטענטום, האָבען באַ־האַנדעלט די אידען מענשליך.

2. **אין מיטעלאַלטער.** — די טויזענט יאָר פון דער צייט, וואָס די מערב־רוימישע אימפּעריע איז אונטערגעגאַנגען (אין 476 יאָר) ביז דער אנטדעקונג פון אַמעריקע (אין 1492 יאָר) ווערט אין דער געשיכטע אָנגערופען „מיטעלאַלטער״. דאָס זיינען געווען די טויזענט יאָר, וואָס אידען האָבען אומעטום שרעקליך געליטען; נאָר אין איטאַליען האָבען די אידען געליטען וויניגער איידער אין די אַנדערע קריסטליכע לענדער. גרויסע אידישע געמיינדען האָבען

זיך געפונען אין רוים, ווענעדיג, נעאפּל און אויפ'ן אינזעל סיציליען.

ווען די פּאבסטען האָבען מיט ערפאָלג פארשפּרייט רעליגיעזע אונטאָלעראנץ אין אלע לענדער פון אייראָפּע, האָבען זיי ניט געקאָנט פארפלאנצען דיזען בייזען גייסט אין איטאליען; און שפּעטער, אין 13־טען יאָרהונדערט, ווען אין איטאליען האָט זיך באוויזען דער ערשטער שטראל פון אויפקלערונג און באנייאונג פון דעם גייסטיגען און געזעלשאפטליכען לעבען, האָט זיך די אידען אין איטאליען געלעבט גאנץ גוט. די עקאָנאָמישע לאגע איז געווען בעסער איידער אין אנדערע לענדער. זיי האָבען זיך פארנומען מיט גרויס האנדעל, און האָבען אנטייל גענומען אין אלוועלטליכען פעלקער־האנדעל; זיי האָבען זיך באשעפטיגט מיט אלערליי מלאכות, מיט ערד־ארבייט און מיט זייד־אינדוסטריע, און צווישען די אידען זיינען אויך געווען הויך געבילדעטע מענשען. אין די הויפען פון די קעניגע זיינען אממייסטען געווען אידישע דאָקטוי־רים. אין אלגעמיין האָבען די אידען דאָרט אנטוויקעלט א פיל־זייטיגע גייסטיגע שאפונג.

ווען מען האָט די אידען ארויסגעטריבען פון שפּאניען (1492) האָבען זיך פיל באזעצט אין איטאליען. צווישען אָט די וואנדערער איז אויך געווען דון יצחק אברבנאל, דער לעצטער גרויסער פירער פון שפּאנישען אידענטום.

3. **אין די לעצטע פיר הונדערט יאָר.** — אין זעכצענטען יאָרהונדערט איז ערגער געוואָרען די לאגע פון די אידען אין אי־טאליען. די פּאבסטען האָבען גענומען דורכפירען זייערע פּלענער צו פארפאָלגען די אידען. מען האָט דאָ אויך איינגעפירט גהעטאָס מיט דעם געוויסען שאנד־צייכען, וואָס אידען האָבען געמוזט טראָ־גען. מען האָט די קריסטען פארבאָטען צו היילען זיך ביי אידישע דאָקטוירים, און נאָך פיל שלעכטע געזעצען זיינען געמאכט געוואָ־רען געגען די אידען; און דאָס האָט זיי געבראכט צו א שרעקליכען עקאָנאָמישען צושטאנד.

דער צוועק פון די אלע פארפאָלגונגען איז געווען צו צווינגען די אידען, אז זיי זאָלען אָננעמען דעם קריסטענטום. יעדען שבת האָט מען די אידען געטריבען אין די קירכען אויסצוהערען די רע־דעס פון די קריסטליכע גייסטליכע. און אין 1553 יאָר האָט מען אין רוים און אין אנדערע שטעט פארברענט טויזענטער גמרא'ס (תלמוד).

און ניט קוקענדיג אויף זייער שווערער לאַגע, האָבען די אידען אין איטאַליען אין 16־טען און 17־טען יאָרהונדערט דערגרייכט א הויכע שטופע פון גייסטיגער אנטוויקלונג אויף אַלע געביטען. דאָרט זיינען געווען בארימטע תלמודיסטען, גרויסע שפּראַך־קענער און באוואוסטע דיינקער. אפילו די פרויען האָבען דאָרט פיל ביינע־טראַגען צו דער אידישער ליטעראַטור.

ערשט אין 1848 יאָר איז אין איטאַליען אנערקענט געוואָרען די גלייכבארעכטיגונג פון די אידען; און די אידען האָבען פיל אויפגעטאָן פאר איטאַליען אויף אַלע געביטען פון מענשליכען פאָרטשריט; אָבער די אידישקייט איז ביי זיי אָפּגעשוואכט גע־וואָרען, עס האָט גענומען דערגיין צו א פולער צונויפמישונג פון די אידען מיט די קריסטען, ווי מען רופט עס „אסימילאַציע".

## קאַפּיטעל 48

# די אידען אין האָלאַנד

די ערשטע אידען אין האָלאַנד. — די פרייע רעפּובליק. — דער גייסטיגער לעבען פון די אידען.

1. די ערשטע אידען אין האָלאַנד. — אין מיטעלאַלטער האָבען זיך ווייניג אידען געפונען אין האָלאַנד; און די ביסעל, וואָס האָבען זיך דאָרט געפינען, זיינען כמעט אינגאנצען פארניכ־טעט געוואָרען אין דער צייט פון די קרייצצוגען און פון דעם שוואר־צען טויט. אין 16־טען יאָרהונדערט, ווען האָלאַנד איז אונטער־געפאַלען אונטער דער הערשאפט פון שפּאַניען, האָט דער קעניג קאַרלוס ארויסגעגעבען א באפעל ארויסצוטרייבען אלע אידען פון האָלאַנד.

2. די פרייע רעפּובליק. — אין דער צווייטער העלפט פון 16־טען יאָרהונדערט האָט זיך האָלאַנד באפרייט פון דער רוימישער קירכע; און שפּעטער נאָך א העלדישען קאמף האָבען זיי זיך אויך באפרייט פון דער הערשאפט פון שפּאַניען. און אין 1579 יאָר האָט זיך געגרינדעט די האָלאַנדישע פרייע רעפּובליק, וואו אידען האָבען געפונען א זיכערע היים.

טויזענטע מאַראַנען, דאָס מיינט, מיט געוואַלד־אָפּגע'שמד'טע אידען, פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל זיינען געקומען קיין האָלאַנד

און זיינען צוריק אידען געוואָרען. צווישען זיי זיינען געווען דאָק־טוירים, געוועזענע באאמטע פון דער רעגירונג, אָפיצירען און סוחרים. אין אמסטערדאם האָט זיך געבילדעט א גרויסע אידישע קהילה, און אויך אין אנדערע שטעט אין האָלאנד זיינען אויפגעקו־מען אידישע געמיינדען. די האָלאנדישע רעגירונג האָט די אידען געגעבען פולע זעלבסטפארוואלטונג.

3. דער גייסטיגער לעבען. — צווישען די אידען אין האָ־לאנד זיינען געווען גרויסע טאלאנטען אין ליטעראטור און וויסענ־שאפט. זיי האָבען געשריבען אויף העברייאיש, לאטיין, שפאניש און פאָרטוגעזיש. אין דער ליטעראטור האָבען פארנומען א באַ־דייטענדען פלאץ פאָעזיע און קבלה, נאָר עס האָבען זיך אויך גע־פונען פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געוואָלט דורכפירען אין רעליגיאָן דעם פרייען געדאנק. איינער פון זיי איז געווען אוריאל אקאָסטא (געב. 1590) ער איז געווען א קינד פון די אנוסים אין פאָרטוגאל. ער האָט באקומען א קאטוילישע ערציאונג, און האָט פלייסיג גע־שטודירט די קריסטליכע רעליגיאָן, נאכהער האָט ער גענומען לער־נען דעם תנ״ך, און אין אים האָט ערוואכט א שטארקער פארלאנג צו ווערען א איד. איז ער אנטלאָפען פון פאָרטוגאל און געקומען קיין אמסטערדאם, וואו ער איז געוואָרען א איד. ער האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכפאָלגען אלע דינים און מנהגים פון דער תלמודי־שער ליטעראטור, און ער האָט אָנגעשריבען א ווערק פול מיט זיינע פרייע געדאנקען. די רבנים האָבען אים אויסגעשלאָסען פון דער אידישער געמיינדע; און ווען אקאָסטא׳ן איז שווער געוואָרען דער איינזאמער לעבען, האָט ער עפענטליך געבעטען מחילה פון די רבנים, און איז געוואָרען א בעל תשובה. אָבער זיין צעטרייסעלטע נשמה האָט ניט געקאָנט בארואיגען זיך, און ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען. דער דייטשער שריפטשטעלער גוצקאָוו האָט אָנגע־שריבען די טראגעדיע „אוריאל אקאָסטא", וועלכע ווערט פאָרגע־שטעלט אין אלע טעאַטערס אין אלע לענדער.

א צווייטער אידישער פריידיינקער אין האָלאנד איז געווען ברוך שפינאָזא (געב. 1632), וועגען וועלכען איר האָט געלעזען אויבען אין קאפיטעל 15 פאראגראף 3.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טען יאָרהונדערט זיינען פיל אידען אנטלאָפען פון פוילען קיין האָלאנד, און צווישען זיי זיינען

געוועזן גרויסע רבנים, וועלכע האָבען פארשטארקט דעם אידענטום אין האָלאנד; אָבער די שאפענדע גייסטיגע קראפט איז ביי די אידען אין האָלאנד אָפּגעשוואכט געוואָרען.

קאפּיטעל 49

# די אידען אין פוילען און ליטע

די רעגירונג באשיצט די אידען. — דער אוקראַאינער אויפשטאנד. דאָס גייסטיגע לעבען פון די פוילישע אידען. — אידען אין ליטא.

1. **די פוילישע רעגירונג באַשיצט די אידען.** — אין נײַנטען יאָרהונדערט האָבען פיל אידען אויסגעוואנדערט פון דייטשלאנד קיין פוילען. צום ענדע פון צענטען יאָרהונדערט האָט דאָס פוילישע פאָלק אָנגענומען דאָס קריסטענטום, און דורך דער קירכע זיינען זיי נעהענטער געוואָרען צו די פעלקער פון מערב־אייראָפּע, צווישען וועלכע אידען האָבען געלעבט אין גרויסע צאָלען. דאן האָט זיך פארשטארקט דאָס אויסוואנדערען פון אידען נאָך פוילען. איבערהויפּט האָבען פיל אידען עמיגרירט פון דייטשלאנד קיין פוילען. די פוילישע פירשטען האָבען פריינדליך אויפגענומען די אידען, ווייל די אידען האָבען אנטוויקעלט האנדעל און מלאכה. די פירשטען האָבען פארבאָטען יעדע גוואלדטאט געגען אידען. אויף די פוילישע געלט פון יענער צייט געפינען זיך אפילו אידישע בוכשטאבען. אין 1264 יאָר האָט דער קעניג באליסלאוו ארויסגעגעבען א דעקרעט, אין וועלכען עס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען די אידישע רעכט. איבערהויפּט צו באשיצען די אידען געגען דעם בייזען ווילען פון די קריסטען, ווייל די קאטוילישע גייסטליכע האָבען באקומען א באפעל פון פאפּסט צו אונטערדריקען די אידען, זיי האָבען געוואָלט אויך אין פוילען איינפירען די גהעטאָ און דעם שאנדצייכען; אָבער די הערשער און דער גרעסטער טייל פון דעם פוילישען פאָלק האָבען זיך ניט צוגעהערט צו די העצעריייען, און די אידען האָבען זיך געלעבט רואיג.

אין פערצענטען יאָרהונדערט זיינען ווייטער פיל אידען אנטלאָפען פון דייטשלאנד קיין פוילען. דער פוילישער קעניג קאזימיר האָט באשיצט די אידען אין אלע הינזיכטען; ער האָט געגעבען די אידען אפילו דאָס רעכט צו משפט׳ן צווישען זיך נאָך די אידישע

געזעצען נאָך. אָבער צום ענדע פון פערצענטען יאָרהונדערט האָבען די קאטוילישע גייסטליכע אין פוילען באקומען אן אויבערהאנט, און האָבען גענומען פארשפרייטען בלבולים געגען די אידען. אין 1399 יאָר האָט מען די אידען באשולדיגט, אז זיי האָבען גע׳גנב׳עט הייליגע ברויט פון קירכע. האָט מען דעם רב פון פאזנאן מיט דריי־צען עלטסטע פון דער אידישער געמיינדע צוגעבונדען צו סלופעס, און מען האָט זיי לאנגזאם פארברענט.

אין פופצענטען יאָרהונדערט האָט דער קעניג קאזימיר דער פערטער באשטעטיגט אלע פריערדיגע רעכט און פרייהייטען פון די אידען. האָבען אָבער די גייסטליכע אָנגעפאנגען א שטארקען קאמף, און דער קעניג האָט געמוזט זיך בייגען פאר די גייסטליכע, און אין 1454 יאָר זיינען די מערסטע אידישע רעכט צוריקגעצויגען געוואָרען, און אין 1494 האָט מען אין דער פוילישער הויפטשטאָט קראקוי איינגעפירט א אידיש גהעטאָ.

אין 16־טען יאָרהונדערט איז אין פוילען געווען א גרויסע צאָל אידען; און זייער לאגע איז בעסער געוואָרען, און זיי זיינען געוואָרען א גרויסע עקאָנאָמישע און געזעלשאפטליכע קראפט אין לאנד. זיי האָבען זיך געלעבט רואיג, געניסענדיג פרייהייט און זעלבסטפאר־וואלטונג; און פוילען איז געוואָרען דער גייסטיגער צענטער פון די אידען. די קאטוילישע גייסטליכע האָבען אפילו אָנגעווענדעט אלע מיטלען צו אונטערדריקען די אידען, אָבער די קעניגע האָבען זיך ניט צוגעהערט. שפעטער אָבער, ווען אין פוילען האָט זיך באפעס־טיגט דער אָרדען פון די קאטוילישע יעזואיטען האָבען זיי געהאט א ווירקונג; און אין דער ערשטער העלפט פון 17־טען יאָרהונדערט האָבען די קעניגע ווייניג באשיצט די אידען. די אידען אָבער אליין זיינען געווען גענוג שטארק, און האָבען געקאָנט קעמפען געגען זייע־רע געגנער, ווייל די אידען דורך זייער זעלבסטפארוואלטונג זיינען געווען גוט פאראייניגט.

2. דער אוקראַאינער אויפשטאַנד. — אין די מזרח־געגענדען פון פוילען, וועלכע מען רופט אוקראַינע, האָבען געוואוינט רוסען. די מערסטע פון די רוסען, די פויערים, זיינען געווען שטארק געדריקט פון די פוילישע פריצים — גוטבאזיצער. א טייל פון די רוסען זיינען געווען די פרייע קאָזאקען. האָבען די קאָזאקען מיט כמעלניצקי׳ן אלס זייער פירער, געמאכט אן אויפשטאנד געגען פוילען. די רוסען האָבען זעהר געהאסט די אידען, ערשטענס, ווייל

די אידען האָבען פארנומען דעם מיטעלען פלאַץ צווישען די פּוילי־שע פּריצים און די רוסישע פּויערים. אָפּט האָבען די אידען געהאַל־טען אויף ארענדע די פּוילישע גיטער, און זיי האָבען טיילווייז גע־האט איבער דעם פּויער דיזעלבע מאכט ווי דער פּריץ האָט געהאט. צווייטענס, האָט דער פינסטערער רוסישער המון געטראָגען אין זיך אַ האס געגען דעם אידען פאר זיין רעליגיאָן. איצטער, ווען זיי האָ־בען געמאכט דעם אויפשטאנד געגען פּוילען, האָבען זיי נקמה גע־נומען פון די אידען.

זיבען הונדערט אידישע געמיינדעס זיינען דאן פארניכטעט געוואָרען. היסטאָריקער גיבען אָן, אז מער פון א האלבען מיליאָן אידען זיינען אומגעקומען אין כמעלניצקי׳ס צייטען — (זעה אויבען קאפּיטעל 31, פּאראגראף 9). אין פּוילען איז דאן איבערגעבליבען נאָר איין צענטעל פון דער גאנצער אידישער באפעלקערונג.

אין 18־טען יאָרהונדערט איז פּוילען דורך פארשידענע מלחמות אָפּגעשוואכט געוואָרען; און די באציאונגען צו די אידען זיינען אלץ ערגער געוואָרען. די יעזואיטען פלעגען אויפהעצען דעם המון צו מאכען פּאָגראָמען אויף אידען. אין יענער צייט, אין 18־טען יאָרהונדערט, האָבען די אוקראַינער רוסען געבילדעט פרייע באנדעס אונטער דעם נאָמען היידאמאקען, וועלכע פלעגען באפאַ־לען די גיטער פון די פּוילישע גוטבאזיצער, און צו דער זעלבער צייט מאכען פּאָגראָמען אויף אידען. אין 1768 יאָר זיינען טויזענדע אידען אומגעקומען פון די היידאמאקען.

אין 1795 איז פּוילען צעפאלען, און איז צעטיילט געוואָרען צווישען רוסלאנד, עסטרייך און פּרייסען. אין דער רוסישער פּוי־לען האָבען זיך צום ענדע פון 19־טען יאָרהונדערט געפונען בערך דריי מיליאָן אידען; און זייער געשיכטע איז די זעלבע ווי פון די אידען אין רוסלאנד.

3. דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען אין פּוילען. — דאָס גייסטיגע לעבען פון די פּוילישע אידען, ווען פּוילען איז נאָך געווען זעלבסטשטענדיג, האָט זיך שטארק אנטוויקעלט. זיי האָבען אליין פארוואלטעט זייער אינערליכען לעבען דורך ערוויילטע פאָר־שטייער, וועלכע פלעגען אויסגעקליבען ווערען יעדען יאָר. די קער־פּערשאפט פון די פאָרשטייער אין יעדער שטאָט האָט געהייסען „קהל"; און דער קהל האָט פארוואלטעט סיי די וועלטליכע און סיי די גייסטליכע אינטערעסען פון דער געמיינדע; און יעדען יאָר

פלעגט אָפּגעהאלטען ווערען א קאָנפערענץ פון די פאָרשטייער פון אַלע קהילות, דאָס האָט געהייסען „ועד ארבע ארצות", וואו עס זיי־נען אויסגעארבייט געוואָרען רעגעלען (תקנות) ווי עס זאָל זיך פי־רען דאָס געזעלשאפטליכע און גייסטיגע לעבען פון די אידען. זיי האָבען געזאָרגט צו פארשטארקען די איינהייט פון אידישען פאָלק און צו פארהיטען זיין נאציאָנאַלען גייסט. יעדער קהל האָט געהאט א ישיבה, און די שטאָט האָט אויסגעהאלטען די בחורים, וועלכע האָבען דאָרט געלערענט. אין 17־טען יאָרהונדערט האָט די לומדות אין פוילען געבליט אזוי ווי אמאָל אין בבל. גרויסע רבנים האָבען דאָרט געלעבט, וועלכע האָבען איבערגעלאָזען וויכטיגע ספרים. מיט וועלטליכע בילדונג האָבען די אידען אין פוילען ווייניג זיך פאר־נומען. דאָך געפינען מיר פיל אידען דאָקטוירים; פון אָנפאנג זיינען זיי געקומען פון אנדערע לענדער; נאכהער פלעגען פוילישע אידען פאָרען קיין איטאַליען שטודירען מעדיצין.

די צרות, וואָס די פוילישע אידען האָבען איבערגעלעבט אין 17־טען יאָרהונדערט, האָבען געהאט א שלעכטע ווירקונג אויף זייער גייסטיגען לעבען. די אָרימע מאסען זיינען פארזונקען געוואָרען אין אומוויסענהייט און אבערגלויבען; די צאָל לומדים איז גע־וואָרען קלענער; דאָס לערנען פון תלמוד איז אָפּגעשוואכט גע־וואָרען, און מען האָט גענומען מער לערנען קבלה; און עס האָט זיך פארשפרייט דער גלויבען אין פאלשע משיחים, און שפעטער האָט זיך פארשפרייט דער חסידיזם, וועלכער האָט געהאט א שטאַר־קע ווירקונג אויף דעם לעבען פון די פוילישע אידען.

4. **די אידען אין ליטע.** — אין ליטע האָבען אידען גענומען באזעצען זיך אין 11־טען יאָרהונדערט. און אין 14־טען יאָרהונ־דערט, ווען דאָס ליטווישע פאָלק האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום, האָבען שוין אין ליטע עקזיסטירט גרויסע אידישע קהילות, און די אידען זיינען געווען א קלאַס פון פרייע איינוואוינער מיט אויטאָ־נאָמיע אין זייערע אינערליכע ענינים. אויסער האנדעל און מלאכה האָבען די ליטווישע אידען אויך באשעפטיגט זיך מיט ערד־ארבייט.

צום ענדע פון 15־טען יאָרהונדערט האָבען זיך אָנגעפאנגען פארפאָלגונגען אויף די ליטווישע אידען; און אין 1495 יאָר האָט מען ארויסגעטריבען אַלע אידען פון ליטע, און אין גאנצען זייער אייגענטום איז געבליבען פאר דעם פירשט פון לאנד. שפעטער אונטער דער רעגירונג פון אן אנדער הערשער האָט מען די אידען

ערלויבט אומצוקערען זיך צוריק אין ליטע ; און מען האָט זיי צו־ריקגעגעבען, וואָס מען האָט ביי זיי אָפּגענומען.

אין 16־טען יאָרהונדערט איז פאר די אידען אין ליטע געווען א גילדערנע עפּאָכע. עס האָבען זיך דאָרט אנטוויקעלט גרויסע, רייכע אידישע קהילות, ווי בריסק, גראָדנע, פינסק און אנדערע.

דער אינערליכער לעבען פון די אידען אין ליטע איז געווען אזוי ווי אין פוילען. זיי האָבען דאָ אויך געהאט די פארוואלטונג פון קהל ; און דאָס לערנען פון תורה איז אין ליטע געווען שטארק פארשפרייט. אין 11־טען יאָרהונדערט האָט שוין ליטא איבערגע־שטיגען פוילען מיט איר לומדות ; און שפּעטער איז ליטא געבלי־בען דער הויפט צענטער פון אידישע לומדות.

אין 1795 יאָר איז ליטע אריינגעפאלען אונטער דער הערשאפט פון רוסלאנד ; און דער שיקזאל פון די ליטווישע אידען ווערט פארבונדען מיט דעם שיקזאל פון די אלע אידען, וואָס האָבען גע־לעבט אין דער גרויסער רוסישער אימפעריע.

## קאַפּיטעל 50

# די אידען אין רוסלאַנד און די כאַזאַרען

אין קיעווער רוסלאנד. — אין מאָסקווער רוסלאנד. — די האָפענונגען און אנטוישונקען. — דאָס גייסטיגע לעבען. — די כאזארען.

**1. אין קיעווער רוסלאַנד.** —אין די ערשטע צייטען פון קריסטענטום האָבען זיך אידען באזעצט צו צפון פון שווארצען ים און אין קרים, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען א טייל פון זיד רוסלאנד. די ערשטע הערשער זיינען דאָרט געווען טאטארען פון מאהמעדאַנער גלויבען ; און זיי האָבען געלאָזט די אידען רואיג לעבען.

אין דעם קיעווער רוסלאנד זיינען אידען אָנגעקומען צום ענדע פון 10־טען יאָרהונדערט (986). קיעוו האָט צוגעצויגען אידישע סוחרים, און זיי האָבען געהאָלפען צו אנטוויקלען דעם האנדעל פון וועסט אייראָפּע מיט אזיען.

אין 1654 יאָר, ווען אוקראינע איז אריבער אונטער דער הער־שאפט פון דעם מאָסקווער צאַר, האָט ער געשיקט אן ארמיי מלחמה

צו האַלטען מיט פוילען. האָבען דאן די אידען פון ווייס־רוסלאַנד און ליטע פיל געליטען. אין פיל שטעט האָט מען די אידען ענט־ווערער געטויט, אָדער מען האָט זיי ארויסגעטריבען פון לאַנד.

2. אין מאָסקווער רוסלאַנד. — אין דער מאָסקווער רוס־לאַנד האָט מען ניט אריינגעלאָזען קיין אידען. ווען דער צאַר אי־וואַן גראָזני האָט אין 1563 יאָר אַפגענומען ביי פוילען די שטאָט פאָלאָצק, האָט ער געהייסען אויס׳שמד׳ן אַלע אידען; און די, וואָס ווילען ניט ווערען שמד׳ן זיך, זאָל מען דערטרינקען. אין דער צווייטער העלפט פון 17־טען יאָרהונדערט האָט דער צאַר אַלעקסעי ארויסגעטריבען די אידען פון ליטע און ווייס רוסלאַנד. אין דער צייט פון פעטער דעם גרויסען (1672־1725) האָבען אידען אָנגעפאנגען צו באזעצען זיך אין די רוסישע געגענדען, נאָענט פון פוילישען גרענעץ, און פעטער האָט זיי געלאָזען צורוה. אָבער נאָך זיין טויט, האָט יעקאַטערינא די ערשטע ארויסגעטריבען אַלע אידען פון קליין רוסלאַנד (1727). יעקאַטערינא די צווייטע, צום ענדע פון 18־טען יאָרהונדערט, האָט ערלויבט די אידען צו באזעצען זיך נאָר אין אייניגע געגענדען. אַלכסנדר דער ערשטער האָט אין 1804 יאָר צוגעלאָזען אידען צו רוסישע בילדונגס אנשטאַלטען, און האָט באשטימט לאַנד אין קליין רוסלאַנד (אוקראַינע), וואו אידען זאָלען ווערען ערד־ארבייטער. דערפאַר אָבער האָט מען ארויסגעטריבען אַלע אידען פון די דערפער. ניקאָלאַי דער ערשטער האָט אין 1827 יאָר ארויסגעגעבען א באפעל, אז אידען זאָלען דינען אין מי־ליטער דינסט 25 יאָר, און די אידישע סאָלדאַטען זאָלען פארשיקט ווערען אין די וויייטסטע טיילען פון רוסלאַנד, וואו עס געפינען זיך ניט קיין אידען. אין דער צייט פון ניקאָלאַי׳ס רעגירונג האָט מען איינגעפירט צו כאַפּען קליינע אידישע קינדער און אָפּגעבען זיי אין מיליטער דינסט, וואו מען פלעגט זיי מאַטערען מיט אַלערליי יסורים צו צווינגען זיי, אז זיי זאָלען אָננעמען דאָס קריסטענטום. דאָס וואוינרעכט פאַר אידען איז אויך געווען באגרעניצט, ניט אומעטום איז ערלויבט געווען דעם אידען צו וואוינען. ניקאָלאַי האָט זעהר געוואָלט, אז די אידען זאָלען זיך מער אויסמישען מיט די רוסען, און זאָלען זיך אסימילירען, דעריבער האָט ער געזוכט צו פארשפּרייטען בילדונג צווישען די אידען, אום צו דערנעענטערען זיי צום רו־סישען פאָלק. און דורכגעפירט האָט ער דאָס מיט גרויזאַמקייט. ער האָט געוואָלט מיט גוואַלד ארויפצייען אויף די אידען זיינע אי־

דייען, און די אידען האָבען מיט אלע מעגליכקייטען געזעהן אויס־צומיידען זיינע טובות.

3. די האָפענונגען און אַנטוישונג. — דער צאר אלכסנדר דער צווייטער (1855־1881) האט אביסעל גרינגער געמאכט די אי־דישע לאגע. ער האט אָפּגעשאפט די מיליטער דינסט פון קליינע קינדער. אידען מיט העכערע בילדונג און בעלי מלאכות, ווי אויך סוחרים פון ערשטען קלאס, האט ער ערלויבט צו וואוינען אין גאנץ רוסלאנד, און ער האט געוואָלט, אז אידען זאָלען באקומען מער וועלטליכע בילדונג. אין אלגעמיין איז דאָס געווען פאר אידען א ליכטיגע צייט פון גוטע האָפענונגען. די אלע האָפענונגען זיינען אָבער צעשטערט געוואָרען אין דער צייט פון אלכסנדר דעם דריטען (1881־1894). ער איז געווען א שונא ישראל. דערצו נאָך האט אויף אים א גרויסע ווירקונג געהאט דער עלטסטער פון די גייסט־ליכע פאביעדאָנאָסצאָוו, וועלכער איז געווען א אידען־פיינט. מען האט גענומען טרייבען אידען פון די רוסישע שטעט, מען האט פאר־ווערט אידען צו באזעצען זיך אין דערפער, א איד האט ניט געטאָרט קויפען, אָדער ארענדירען ערד, מען האט ניט דערלאָזען די אידישע קינדער צו אלגעמיינע בילדונג, מען האט ניט צוגעלאָזען קיין איד צו א רעגירונגס אמט; און אין זיין צייט האָבען זיך אָנגעפאנגען די פּאָגראָמען אויף אידען (1881).

אין 1894 יאָר איז ארויף אויף דעם טראָן ניקאָלאי דער צוויי־טער; און אָט דער אומוויסענדער שלעכטער קערעל האט זיך גע־לאָזט פירען פון די גייסטליכע און פון די אנדערע אנטיסעמיטען; און ער האט פארביטערט דעם אידישען לעבען. אין 1903 יאָר האט די רעגירונג דורכגעפירט דעם ערשטען שרעקליכען פּאָגראָם אין קעשענעוו, וואו מען האט געפייניגט און געטויט אידישע מע־נער, פרויען און קינדער, און זייער גוטס האט מען צערויבט. שפּע־טער, ווען דער צאר האט דערפילט דעם רעוואָלוציאָנס גייסט, וואָס פארשפּרייט זיך אין לאנד, האט ער געוואָלט אָפּציען די אויפמערק־זאמקייט פון דעם פאָלק, און האט געהייסען מאכען פּאָגראָמען אויף אידען. אין 1905 יאָר האט מען געמאכט אמת׳ע שחיטות אויף אידען. פון די, וואָס האָבען זיך געראטעוועט, זיינען פיל אנטלאָפען קיין אמעריקע און אנדערע לענדער.

אין 1917 יאָר, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען רוסלאנד האט זיך באפרייט פון צאריזם, האָבען די אידען גענומען האָפען

אויף א בעסערער צוקונפט; אָבער זייערע האָפענונגען האָבען זיך אויסגעלאָזען שרעקליך טרויעריג. די רעאקציאָנערע פארטייען זיי־נען ארויס קעמפען געגען די עקסטרעמע רעוואָלוציאָנערען, און איינגאנצען זייער טייוועלשען צאָרן האָבען זיי אויסגעגאָסען אויפ'ן אידישען פאָלק. צענדליגע טויזענטער אידען זיינען געטויט געוואָ־רען מיט די שרעקליכסטע טויטען. גאנצע אידישע שטעטלאך זיי־נען אָפּגעמעקט געוואָרען.

4. דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען אין רוסלאַנד. — ווען פוילען און ליטע זיינען צום ענדע פון 18־טען יאָרהונדערט געוואָרען אלס א טייל פון דער רוסישער אימפעריע, איז דער אידי־שער גייסטיגער צענטער געבליבען אין פוילען און ליטע. איבער־הויפּט ליטע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט לערנען תורה. עס זיי־נען געווען טויזענטע ישיבות, וואו מען האָט געלערענט תלמוד. תלמידים זיינען זיך צונויפגעקומען פון פארשידענע שטעט, און די אידען פון שטאָט האָבען אויסגעהאלטען אָט די אלע לערנער. על־טערע מענשען האָבען געהאט חברות צו לערנען תלמוד, אָדער משניות, און מען האָט געלערענט יעדען טאָג אין א באשטימטער צייט. פאר דעם המון, וואָס קאָן אליין ניט לערנען, האָט מען אין צווענט יעדען טאָג געזאָגט פאר זיי עין יעקב, אָדער מדרש, אָדער תנ"ך. די גרעסטע אכטונג האָבען געהאט די לומדים, און ניט די נגידים. דער גרעסטער גליק פון די עלטערען איז געווען צו זעהן זייערע זיהן וואויל־געלערטע, און נעמען פאר די טעכטער מענער וואָס קאָנען לערנען.

אין 18־טען יאָרהונדערט האָט זיך פארשפּרייט דער חסידיזם, וועלכער איז איינגאנצען פאר זיך א שיינע לערע, נאָר דאָס האָט גע־שטערט דעם אידען צו געניסען פון דעם אלוועלטליכען פּראָגרעס. איבערהויפּט אין פוילען און וואָלין האָבען די חסידים געלעבט אונ־טער דעם איינפלוס פון זייערע פירער, די גוטע אידען, וועלכע האָ־בען זיך פארמערט און געוואָלט פארכאפּען די הערשאפט איינע ביי די אנדערע. און זיי האָבען געשפּייזט דעם פאָלק מיט וואונדער און בלינדען גלויבען. אָבער דער חסידיזם אין ליטע און ווייס־רוסלאנד איז געווען מער ראציאָנאל פארנינפטיג. רבי זלמן שניאורסאָן פון לאדי, דער באוואוסטער רבי פון די חסידים, האָט געבויט זיין לערע אויף ווייזהייט, פארשטיין און וויסען, אין העברייאיש הייסט עס

חכמה בינה דעה. די ערשטע בוכשטאבען פון די דריי ווערטער איז חב"ד דערפאר הייסען די חסידים חבד'ניקעס.

ערשט צום ענדע פון 18־טען יאָרהונדערט האָט אָנגעפאנגען ביסלאכווייז אריינצודרינגען א פרייער גייסט און א שטרעבונג צו אלגעמיינע בילדונג. די חסידים מיט זייערע געגנער די מתנגדים האָבען זיך פאראייניגט צו קעמפען געגען אלגעמיינער בילדונג. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. די נייע גייסטיגע באוועגונגען פון מערב־אייראָפּע האָבען זיך ארייגגעריסען אין רוסלאנד. אין אָנ־פאנג פון 19־טען יאָרהונדערט האָט ר' יצחק בער לעווענסאָן גע־שריבען זיינע ווערק, וואו ער האָט פארטיידיגט אלגעמיינע ביל־דונג, און ערקלערט די אנטוויקלונג פון אידענטום. מרדכי אהרן גינצבורג האָט געשריבען ערציילונגען, היסטאָרישע פאָרשונגען, רייזע באשרייבונגען, און ד. ג. אָדם הכהן און זיין זוהן מיכה יוסף האָבען געשריבען גאנצע ווערק מיט שירים אין העברייאיש.

שפּעטער, אין דער צייט פון דעם קייסר אלכסנדר דער צוויי־טער (1855־1881), האָט די רעגירונג ערמוטיגט די אלגעמיינע ביל־דונג פאר אידען. פיל יונגע לייט האָבען פארלאָזען די ישיבות און זיינען אוועק אין די גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען. די מערסטע פון די געבילדעטע האָבען געשטרעבט זיך צוזאמענגיסען מיט דעם רוסישען פאָלק, און האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע אינטערעסען פון זייער פאָלק. עס זיינען אָבער אויך געווען אויפגעקלערטע מענ־שען, ווי אברהם מפּו, יהודה לייב גאָרדאָן, פּרץ סמאָלענסקין, און פיל אנדערע, וועלכע זיינען געשטאנען נאָענט צום פאָלק, און זיי האָבען אויפגעלעבט די העברייאישע ליטעראטור.

אין אָנפאנג פון די זעכציגסטע יאָרען פון 19־טען יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעפאנגען א אידישע ליטעראטור אין דער רוסישער שפּראַך. ראבינאָוויץ, לעוואנדע, באגראוו, ארשאנסקי און פיל אנ־דערע האָבען אין דער אידיש־רוסישער ליטעראטור געקעמפט פאר דער בירגערליכער באפרייאונג פון די אידען.

אין דער צייט פון אלכסנדר דעם דריטען (1881־94), ווען אי־דען זיינען פארפאָלגט געוואָרען אויף אלע געביטען, האָט מען אי־דישע קינדער ניט דערלאָזען צו אלגעמיינע בילדונג. דאָס האָט אָבער דעם אידען ניט אָפּגעהאַלטען. מיט דער גרעסטער זעלבסט־אָפּפערונג האָט מען געלערענט. פיל זיינען אוועק קיין וועסט איי־ראָפּע צו שטודירען. די מערסטע פון זיי האָבען געלעבט אין גרויס

נויט, און דאָך זיינען זיי ניט אנטוישט געוואָרען, זיי האָבען פליי־סיג געלערענט, און האָבען באַרייכערט די וועלט מיט גרויסע גע־לערטע מענשען אויף אלע געביטען; און פיל פון זיי זיינען געקו־מען צוריק צו זייערע ברידער צו דינען דעם אייגענעם פאָלק. רוס־לאנד, אין וועלכער עס גייען אריין ליטע און פוילען, האָט אונז גע־געבען די גרעסטע העברייאישע און אידישע שריפטשטעלער. פון רוסלאנד זיינען געקומען די באוואוסטזיניגע ציוניסטען, און די גרע־סטע קעמפער פאר אלגעמיינער מענשליכער פרייהייט. דער רוסי־שער איד האָט דערוויזען נאָך אמאָל דעם אלטען היסטאָרישען פאקט, אז מען קאָן נאָר דריקען דעם אידען'ס קערפּער, אָבער ניט זיין נשמה.

5. **די כאזארען ווערען אידען.** — נאָכדעם, וואָס איך האָב אייך דערציילט די געשיכטע פון די אידען אין רוסלאנד, וויל איך אייך דאָ דערציילען א זעלטענעם היסטאָרישען צופאל, וואָס איז פארבונדען מיט אונזער געשיכטע. ווען די קריסטליכע וועלט און טיילווייז אויך די מאחמעדאנער וועלט, האָבען פארפאָלגט דעם אי־דען פאר זיין גלויבען, איז געשעהן א וואונדער, א גאנץ פאָלק האָט אָנגענומען דעם אידישען גלויבען.

אויף דעם נאָרדליכען ברעג פון קאספּישען ים, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען א טייל פון רוסלאנד, איז געווען א מעכטיגע מלוכה פון טאָטערשען אָפּשטאַם, מיט דעם נאָמען כאזאראַן. זיי האָ־בען זיך באפעסטיגט אין קרים, און האָבען פארברייטערט זייער הער־שאפט ביז צו דעם מיטען פון דעם טייך דניעפּער. די כאזארען זיי־נען געווען געצען־דינער. דער קעניג פון די כאזארען מיט דעם נאָ־מען בולאַן האָט באשלאָסען אוועקצוואַרפען די געצענדינסט, און אָננעמען א רעליגיאָן פון די באוואוסטע רעליגיאָנען. האָט ער איינגעלאדען צו זיך געלערטע פון די דריי הויפּט־רעליגיאָנען: א איד, א קריסט און א מאחמעדאנער; און האָט זיי געבעטען דעבאַ־טירען וועגען זייערע רעליגיאָנען אין זיין אָנוועזענהייט. פון דער דעבאַטע האָט ער ניט געקאָנט קומען צו א באשלוס. האָט ער גע־נומען די געלערטע איינציגווייז, און האָט יעדען געפרעגט זיין מיי־נונג, וועלכע רעליגיאָן איז די בעסטע פון די צוויי אנדערע, אויסער זיין אייגענער. דער קריסט האָט געענטפערט, דאָס אויסער זיין רעליגיאָן, איז די אידישע די בעסטע; דער מאחמעדאנער האָט

געענטפערט, אז אויסער דער מאהמעדאנישער, איז די אידישע די בעסטע. דאן האָט ער אָנגענומען דעם אידענטום.

דער כאזארישער קעניג האָט זיך באקענט מיט א אידישען געלערטען ר' יצחק סנגרי, וועלכער האָט באקאנט דעם קעניג מיט די פרינציפען פון דער אידישער אמונה; און דער קעניג צוזאמען מיט פיל פון זיין פאָלק האָבען אָנגענומען די אידישע רעליגיאָן אין 730 יאָר.

די מלכים פון די כאזארען האָבען זיך גערופען כהנים. איינער פון בולאנ'ס יורשים, מיט דעם נאָמען עובדיה, איז געווען זעהר א גרויסער אָנהיינגער פון אידענטום. ער האָט אראָפּגעבראכט געלערטע אידען, אז זיי זאָלען לערנען זיין פאָלק די אידישע תורה; ער האָט געבויט שולען און איינגעפירט די אידישע תפלות. די אידישע תורה האָט געהאט א גוטע ווירקונג אויף אָט דעם האלב־ווילדען פאָלק. זיי האָבען באקומען שענערע זיטען און זייער כאַראקטער איז געוואָרען ווייכער און מענשליכער.

אין דעם 10־טען יאָרהונדערט איז אין דער אראבישער שפּאַניען דער אויסלענדישער מיניסטער געווען א איד רב חסדאי אבן־שפרוט, וועלכער האָט געשפילט א גרויסע ראָל אין דער רעגירונג, און צו דערזעלבער צייט איז ער געווען א הייסער איבערגעגעבענער איד. אלס אן אויסלענדישער מיניסטער האָט ער פיל געהאָלפען די אידען פון אנדערע לענדער. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז ערגעץ אין א וויטען לאנד איז פאראן א זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה מיט א אידישען קעניג, און מען רופט זיי כוזרים, האָט ער אוועקגעשיקט א שליח מיט א בריף צו דעם מלך פון די כוזרים, וועלכער האָט געהייסען יוסף.

דער גרויסער שטאַטסמאַן רב חסדאי האָט געשריבען דעם פאָלגענדען ווארימען בריף צום קעניג יוסף: „ווען איך וואָלט געוואוסט, אז אונזער פאָלק האָט אן אייגענע מלוכה אויף דער וועלט, וואָלט איך פארלאָזט מיין הויכע שטעלע, וואָלט איבערגעלאָזט מיין הויז־געזינדע, און וואָלט געגאנגען איבער בערג און טאָלען, איבער ים און יבשה, ביז איך וואָלט געקומען אין דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך מיין האַר, דער אידישער מלך. איך וואָלט געזעהן ווי עס לעבט רואיג דער רעשט פון אידישען פאָלק, און וואָלט אויסגעגאָסען מיין נשמה אין לויב־געזאנגען צו גאָט, וועלכער האָט ניט אָפּגעטאָן זיין גנאָד פון זיין אומגליקליכען פאָלק. לאנג ווארט אונזער פאָלק אויף

זיין גאולה, וואָגלענדיג זיך פון לאנד צו לאנד. אונזער כבוד איז גערויבט, מיר זיינען ערנידעריגט אין גלות, און מיר קאָנען גאָר ניט ענטפערען די יעניגע, וואָס ווארפען אונז פאָר, אז יעדעס פאָלק האָט א מלוכה״, 1).

צום באדויערען האָט די אידישע מלוכה עקזיסטירט נאָר בערך 240 יאָר, ווייל דער קיעווער פירשט האָט איינגענומען דאָס לאנד פון די כאזארען (969), און דאָס פאָלק איז פארטריבען געוואָרען פון דער קאספּישער געגענד. זיי זיינען צעזעעט און שפּרייט געוואָרען איבער אלע לענדער.

עס איז ניט באשערט געווען רב חסדאי׳ן צו באזעצען זיך אין דעם אידישען קעניגרייך, נאָר פארקערט די קינדער פון די כוזרישע מלכים האָבען געדארפט זוכען רעטונג אין שפּאניען, 2).

קאפּיטעל 51

# די אידען אין אַמעריקע

די אידישע אימיגראנטען. — אידען העלפען בויען דאָס לאנד. — דאָס אידישע לעבען און שאפען אין אמעריקע. — דער אנטיסעמיטיזם. — אידען אין אנדערע לענדער.

1. **די אידישע אימיגראַנטען.** — דעם צווייטען אויגוסט 1492 יאָר האָט מען ארויסגעטריבען אלע אידען פון שפּאניען; און דעם נעקסטען טאָג, 3־טען אויגוסט, 1492 יאָר, איז קאָלומבוס ארויסגעפאָרען אויפ׳ן ים צו זוכען א וועג קיין אָסט אינדיען; און פאָרענדיג האָט ער אנטדעקט אמעריקע; א נייע וועלט פאר די אונטערדריקטע פון אלע נאציאָנען, וואו דער אייביגער וואנדערער, דער איד, האָט שפּעטער געפונען א רואיגע היים.

די געשיכטע פון די אידען אין אמעריקע ווערט ביי די היסטאָריקער צעטיילט אין דריי פּעריאָדען. צום ערשטען פּעריאָד באַלאנגען די שפּאנישע און פּאָרטוגעזישע מאראנען, דאָס מיינט, די אידען, וואָס מען האָט מיט געוואלד אָפּגע׳שמד׳ט. זיי האָבען אָנגעפאנגען צו קומען קיין אמעריקע איינגיכען נאָכ׳ן אנטדעקען דאָס לאנד. צום צווייטען פּעריאָד באלאנגען די דייטשע אידען, וועלכע

1) דובנאוו, אידישע געשיכטע, איבערזעצונג פון ח. ליבערמאן, 3־טער באנד, ז. 30.

2) גרעץ, דברי ימי ישראל, ח״ג, 199־204, 379.

האבען אנגעפאנגען צו קומען קיין אמעריקע נאך דער אמעריקאנער רעוואלוציע אין 1776 יאר; און איבערהויפט נאך דער דייטשער רעוואלוציע אין 1848. צום דריטען פעריאד באלאנגען די רוסישע אידען, וועלכע האבען אין 1882 יאר אנגעפאנגען אריינצוקומען מאסענווייז.

די ערשטע אידען, די שפאנישע און פארטוגעזישע, וועלכע זיינען געלאפען קיין אמעריקע אום זיי זאלען קאנען אומקערען זיך צו דעם גלויבען פון זייערע עלטערען, האבען אין אמעריקע אויך געפונען דיזעלבע פארפאלגונגען, וואס אין אייראפע. די אלע לענ־דער אין דער נייער וועלט זיינען געווען אונטער דער הערשאפט פון שפאניען און פארטוגאל; און אין 1511 יאר איז די אינקוויזיציע איינגעפירט געווארען אין דער נייער וועלט. אין די ערשטע פאר הונדערט יאר האבען די אידען אין בראזיליען, מעקסיקא, פערו, און ד. ג. זעהר פיל געליטען פאר זייער גלויבען. פיל אידען זיינען פאר־ברענט געווארען לעבעדיגערהייט אדער פארפייניגט צום טויט דורך די אינקוויזיטארען.

קיין ניו יארק, וועלכע האט דאן געהייסען ניו אמסטערדאם, און האט באלאנגט צו די האלענדער, זיינען די ערשטע 27 אידען אנגעקומען אין 1654 יאר. דאס זיינען געווען די ערשטע אידען, וועלכע זיינען אנגעקומען אין די איצטיגע פאראייניגטע שטאטען, און זיי זיינען דאן זעהר פיינדליך אויפגענומען געווארען. שפעטער, ווען די ענגלענדער האבען איינגענומען די שטאט ניו יארק אין 1664 יאר, איז די אידישע לאגע געבליבען דיזעלבע. אין 1683 יאר זיינען די אידען געזעצליך אויסגעשלאסען געווארען פון די פריי־ווילעגיען פון רעליגיאנס־פרייהייט; מען האט זיי אפילו פארבא־טען צו דאוונען עפענטליך אין שולען. שפעטער מיט א פאר צענד־ליג יאר האט אנגעפאנגען זייער לאגע ביסלאכווייז אויסצובעסערען זיך. די אידישע געמיינדע האט אנגעפאנגען צו שטייגען אין צאל און אין ערפאלג. פון ניו יארק האבען זיך די אידען פארשפרייט אין איינציגע אנדערע שטעט.

די אמת'ע פרייהייט פון די אמעריקאנער אידען איז געקומען ערשט נאך דער רעוואלוציע אין 1776 יאר, ווען אמעריקע האט זיך באפרייט פון ענגלאנד'ס יאך, און האט פראקלאמירט פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע מענשען

2. **אידען העלפען בויען דאס לאנד.** — די אידען האבען

געהאָלפען אמעריקע צו אנטוויקלען זיך. דער איד האָט דערוויזען זיין טרייהייט און איבערגעגעבענהייט סיי אין דער צייט פון פריי־דען און סיי אין דער צייט פון קריג. דער איד האָט דערפילט א שטארקע ליבע צו זיין נייען פאָטערלאנד, וואו ער קאָן לעבען פריי נאָך די פאָדערונגען פון זיין רעליגיאָן. און קאָן געניסען פון אלע גלייך מיט אלע בירגער.

איצטער האָבען מיר אין די פאראייניגטע שטאטען מער פון דריי מיליאָן אידען. דער גרעסטער טייל באשעפטיגט זיך מיט האנדעל. אין זייערע הענט איז א גרויסער טייל פון אייניגע אינ־דוסטריען, איבערהויפט אין דער קליידער פאבריקאציע; און פיל באשעפטיגען זיך מיט אומבאוועגליכען אייגענטום (ריעל עסטייט); אויך זיינען פאראן א באדייטענדע צאָל איינפאכע ארבייטער און ערד־ארבייטער. די אידען האָבען פיל געהאָלפען ניט נאָר אין דער מאטעריעלער אנטוויקלונג פון אמעריקע; נאָר אויך א גרויסען בייטראג האָבען די אידען געבראכט צו אירע גייסטיגע און קינסט־לערישע שאפונגען. אידען האָבען גרויסע סקולפטאָרען, מאלערס, מוזיקער און גרויסע פאָרשער פון וויסענשאפט. אידען זיינען גוט פארטראָטען אין די פאָדערשטע רייען פון די מעדיצינישע און יור־ריסטישע פראָפעסיעס. אידען האָבען מיר אויף אלע ליטערארישע געביטען. פיל פארנעמען פראָמינענטע שטעלונגען אלס זשורנא־ליסטען, רעדאקטערע און ארויסגעבער פון צייטונגען, ווי אויך גוטע בעלעטריסטען.

3. דאָס אידישע לעבען און שאפען אין אמעריקע. — דאָס גייסטיגע לעבען פון די אמעריקאנער אידען, אלס אידען, האָט זיך לאנגזאם אנטוויקעלט. די שפאנישע און פאָרטוגעזישע אידען זיינען באזעסען וויניג אידישע קענטעניש, אָבער זיי האָבען זעהר אָפּגעהיט אידישע טראדיציעס. די דייטשע אידען האָבען געהאט א שטארקע שטרעבונג צו רעליגיעזע רעפאָרמען, און פיל פון די רעפאָרמירטע זיינען אריבער צו פולקאָמער אסימילאציע, און האָבען זיך אינגאנצען דערווייטערט פון אייגענעם פאָלק. צווישען די אי־דען פון די סלאווישע לענדער, און איבערהויפט פון רוסלאנד, איז געוואָרען א שטארקע שפאלטונג: פון איין זייט די אָרטאָדאָקסען, און פון דער צווייטער זייט די ראדיקאלען; און פון די אָרטאָדאָק־סען, ווען זיי זיינען רייך געוואָרען, זיינען פיל אריינגעטראָטען צו די רעפאָרמער. די מערהייט אָבער פון די אָרטאָדאָקסען האָט זיך

געהאַלטען מיט דער קראַפט פון די נייע־אַנגעקומענע. נאָר די אומ־שטענדען און די נייע באַדינגונגען אין לעבען האָבען אָפּגעשוואַכט דעם אָרטאָדאָקסישען אידענטום.

דאָס אַמעריקאַנער אידענטום, איבערהויפּט צווישען די רע־פאָרמער, האָט פון זיך אַרויסגעגעבען גרויסע געלערטע אין אידישע קענטעניש, וועלכע האָבען באַרייכערט אונזער ליטעראַטור, ווי די דזשואיש ענציקלאָפּעדיע, און פיל אַנדערע וויכטיגע ווערק. אויך זיינען דאָ געוועזען פּראָמינענטע אָרטאָדאָקסישע רבנים, וועלכע זיי־נען געקומען פון אייראָפּע. אין דער תלמודישער ליטעראַטור, ווי אויך אין דער מאָדערנער העברייאישער און אידישער ליטעראַטור, איז ביז די לעצטע יאָרען ווייניג אויפגעטאָן געוואָרען; און דאָס, וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרען, איז דאָס אויך געקומען פון די אי־מיגראַנטען פון די סלאַווישע לענדער.

די ערשטע ספרים דאָ אין לאַנד זיינען געווען רבנישע. שפּע־טער האָט מען גענומען שרייבען אין לשון קודש אויך אַנדערע ווערק, ווי דער „אוצר ישראל", א העברייאישע ענציקלאָפּעדיע פון י. ד. אייזענשטיין, און דער „מקרא כפשוטו" פון א. עהרליך און דער „אוצר השמות" פון א. ח. ראָזענבערג און ד. ג. די ליטעראַטור אין דער אידישער שפּראַך האָט דאָ ערדייכט א גאַנץ הויכע שטופע סיי אין אָריגינעלע ווערק און סיי אין איבערזעצונגען.

וועגען דער אידישער וואָלטעטיגקייט דאָ אין לאַנד קאָן מען זאָגען, אז דאָס שטייט זעהר אויף א הויכער שטופע. אלע אידישע געמיינדען האָבען וואונדערבאַרע וואָלטעטיגע אַנשטאַלטען. אויך זיינען פאַראַן גרויסע אָרגאַניזאַציעס צו פאַרשפּרייטען צווישען אי־דען וויסענשאַפט, סיי אידישע און סיי אַלגעמיינע, ווי די אַמעריי־קאַנער־אידישע היסטאָרישע געזעלשאַפט, און די דזשואיש פּאָבלי־קיישאָן סאָסייעטי, און פיל אַנדערע. אויך זיינען פאַראַן גרויסע אַנשטאַלטען פאַר אידישער בילדונג, ווי די אידישע טעאָלאָגישע סעמינאַרי אין ניו יאָרק, דער היברו יוניאָן קאַלעדזש אין סינסינעטי, און דראָפּסי קאַלעדזש אין פילאַדעלפיע.

וואָס אַנבאַלאַנגט די אידישע ערציאונג פון די קינדער איז ביז די לעצטע צען יאָר געווען גאָר ניט צופרידענשטעלענד: עס זיינען געווען תלמוד תורות, חדרים און פּריוואַטע לערער, אָבער אַלץ אָהן ערפאָלג, ווייל די לערער און מעטאָדען האָבען זיך ניט געקאָנט צו־פּאַסען צו די אומשטענדען, אין וועלכע דאָס אידיש קינד אין אַמע־

ריקע געפינט זיך. אָבער אין דער לעצטער צייט האָט זיך גענומען אויסבעסערען די אידישע ערציאונג. מיר האָבען אויסגעצייכענטע תלמוד תורות, און פארשידענע אנדערע שולען. מיר האָבען איצט די בעסטע מאָדערנע העברייאישע לערער. מיר האָבען ישיבות, וואו מען לערענט גמרא, תנ״ך און וועלטליכע בילדונג.

4. דער אַנטיסעמיטיזם. — אמעריקע איז געווען דער איינציגער פּלאץ אויפ׳ן ערד־קוגעל, וואו אלע מענשען האָבען גע־פונען א גוטע היים; ובפרט פאר אונז אידען איז אמעריקע געווען א רעטונגס פּלאץ, וואו מיר האָבען געקאָנט לעבען אלס פרייע מענ־שען און אלס אידען. צו באדויערען אָבער האָט זיך דער אנטי־סעמיטיזם אריינגעכאפּט אויך אין דיזען געבענשטען לאנד. די נייע אנטי־עמיגראציע געזעצען זיינען איבערהויפּט געצילט געגען אידען. מיר האָבען א קו־קלוקס־קלען, אַן אָרגאניזאציע, וועלכע איז גע־פערליך אנטיסעמיטיש, און צווישען אירע פירער זיינען פאראן מענשען מיט א שטארקען איינפלוס אין געזעלשאפטליכען לעבען. איבערהויפּט די קריסטליכע גייסטליכע, וועלכע שפּילען אימער א שטארקע ראָל אין אלע רעאקציאָנערע פינסטערע באוועגונגען, שפּילען אין דעם אמעריקאנעם אנטיסעמיטיזם אויך א גרויס ראָל. עס איז אזוי ווייט דערגאנגען, אז מען וויל אפילו באשריינקען די צאָל פון אידישע סטודענטען אין די קאלעדזשעס און אוניווערזי־טעטען. דער פּרעזידענט פון הארווארד אוניווערזיטעט האָט אין יוני 1922 געשריבען: „ווען יעדער קאלעדזש אין לאנד וואָלט אריינגעמען א באגרעניצטע צאָל אידען, וואָלט דאָס באזייטיגען דעם ראסען־האַס ...אויב מיר וועלען דאָס ניט טאָן, וועט זיך דער פּאָראורטייל פארמערען״...

אין אלגעמיין האָט זיך אמעריקע געענדערט אין דער לעצטער צייט. עס האָט זיך אנטוויקעלט א גראָבע אומטאָלעראנץ, און עס ווערט פארשפּרייט אומעטום ראסען־האַס; איבערהויפּט ווערט פארשפּרייט א געפערליכער האַס געגען אידען. מיר, אלס אמעריקאנער בירגער, מוזען קעמפען געגען אזעלכע אנטי־אמערי־קאנישע באוועגונגען. עס זיינען געווים פאראן גענוג פּראָגרעסיווע אָרענטליכע אמעריקאנער, וועלכע זיינען געגען אזעלכע אוממענש־ליכע באציאונגען צווישען מענשען, און מיר מוזען צוזאמען מיט זיי אָנפירען א געמיינזאמען קאמף געגען אלע רעאַקציאָנערע באַ־וועגונגען.

5. אין אַנדערע לענדער. — אויסער די אלע אויבענדער־מאנטע לענדער, געפינען זיך אידען אין כינע, יאפאן, אין פארשי־דענע לענדער אין אפריקע און אין אויסטראליע. מען קאָן זאָגען מיט זיכערהייט, אז אין יעדען לאנד אויפ׳ן ערד־קוגעל געפינען זיך אידען.

צעזייט און צעשפּרייט זיינען מיר געוואָרען איבער דער גאנ־צער וועלט; און דאָך האָט איין גייסטיגע קראפט אונז אלעמען פאראייניגט. אומעטום אין אלע צייטען האָבען מיר אלע געלעבט מיט דיזעלבע שטרעבונגען און האָפענונגען. אין דער גאנצער וועלט דריי מאָל אין טאָג ווענדעט זיך דער איד מיט זיין פּנים צום מזרח, דאָרט וואו ציון ליגט; און מיט אן ערנסטען טיפען גלויבען, און מיט א שטאַרקער האָפענונג זאָגט ער: „וקבצנו יחד מארבע כנפות הארץ״ — און פארזאמעל אונז צוזאמען פון די פיר עקען פון דער ערד.

## קאַפּיטעל 52

# די ערוואַכונג

אַ בליק צוריק. — וואָס איז אַ נאַציאָן. — קאָסמאָפּאָליטיזם. — נאַציאָנאַליזם. — אינטערנאַציאָנאַליזם. — מען קערט זיך צוריק. — משה העס.

1. **אַ בליק צוריק.** — אין די פריערדיגע קאַפּיטלאַך האָבען מיר געזעהן, אז צווישען די ציוויליזירטע פעלקער איז דאָס אידישע פאָלק דאָס עלטסטע; און אין פארגלייך מיט אלע פעלקער איז דעם אידענ'ס בייטראַג צו דער אנטוויקלונג פון דער מענשהייט געווען פיל גרעסער פון אנדערע פעלקער. דער איד האָט פּראָקלאַמירט אין דער וועלט דעם גלויבען אין איין גאָט; ער האָט געגעבען דער וועלט די ביבעל, וועלכע אנטהאַלט די לערע פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט צווישען מענשען. דער איד מיט זיין תורה האָט געוועקט אין דער מענשהייט די שטרעבונג צו פרייהייט. דאָס אידישע פאָלק מיט זיין גלויבען, מיט זיין לערע, מיט זיין וועלט אָנשויאונג און מיט זיין גאַנצער קולטור האָט אנטוויקעלט אין זיך אַ וואונדערבאַרע גייסטיגע ווידערשטאַנדס־קראַפט, וועלכע האָט ניט געקאָנט באַזיגט ווערען פון די שטאַרקסטע פעלקער און פון די גרויזאַמסטע פאַרפאָלגונגען. דער איד איז אומעטום, אלע מאָל געווען אַ געטרייער, געהאָרזאַמער בירגער אין אלע זיינע גלות־לענדער; און צו דער זעלבער צייט האָט ער אימער טיף אין זיין נשמה געטראָגען די האָפענונג אומצוקערען זיך צו זיין היים, קיין ארץ ישראל. דער איד האָט אומעטום גענומען אנטייל אין דער אנטוויקלונג פון דער אלוועלטליכער קולטור, מיט די בעסטע קרעפטען פון אלע פעלקער האָט דער איד געאַרבייט צוזאַמען אויף אלע געביטען פון מענשליכען פּראָגרעס; און דאָך איז ער געבליבען אַ געטריי קינד פון זיין פאָלק, און מיט זיין אינערליכען לעבען איז ער געווען אָפּגעזונדערט פון אלע פעלקער, מיט אַ טיפער באַוואוסטזיניגער איבערצייגונג האָט ער געדיינקט און געפילט, אז ער איז אַ קינד פון אַ באַזונדער נאַציאָן.

צום באַדויערען האָט דער נאַציאָנאַלער געפיל גענומען אָפּשטאַרבען ביי פיל אידען. די פאַרשיידענע רעליגיעזע רעפאָרמען

און די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באוועגונגען האָבען אריינגעבראכט אין דער וועלט נייע באגריפען; און צוזאמען מיט די שיינע שטרע־בונגען האָט מען גענומען פארשפּרייטען די טעאָריעס פון קאָסמאָ־פּאָליטיזם און אינטערנאציאָנאליזם, אז דער אונטערשייד צווישען פעלקער זאָל פארשווינדען, און אלע פעלקער זאָלען ווערען איין פאָלק. ביי אלע נאציאָנען איז דאָס דערווייל געבליבען נאָר אלס א שיינע טעאָריע; אָבער ביי אונז אידען האָט מען גענומען דורכ־פירען אין לעבען אָט די טעאָריעס. די רעפאָרמירטע און ראדיקאלע אידען האָבען גענומען לייקענען זייער נאציאָנאליטעט, איַניגע פון זיי זאָגען, אז מיר זיינען שוין לאנג ניט קיין נאציאָן, ווייל מיר האָ־בען ניט אונזער אייגען לאנד און אונזער אייגענע רעגירונג; און אנדערע זאָגען, אויב מיר זיינען א נאציאָן, דארפען מיר ניט וועלען בלייבען אלס א באזונדער נאציאָן.

איך וויל דאָ אייך, קינדערלאך, ווייזען, אז דיביידע באהויפּ־טונגען זיינען ניט ריכטיג און ניט ווינשענסווערט.

1. וואָס איז נאַציאָן. — עס זיינען פאראן אידען, וועלכע זאָגען, אז אידען זיינען נאָר א רעליגיעזע סעקטע, אָבער ניט קיין נאציאָן, ווייל זיי האָבען ניט קיין אייגען לאנד און ניט קיין אלגע־מיינע שפּראך; און דעריבער, זאָגען זיי, באלאנגט דער איד צו דער נאציאָן פון דעם לאנד, אין וועלכען דער איד וואוינט. דאָס הייסט, אז דער איד אין פראנקרייך איז א פראנצויז, אין אמעריקע איז ער אן אמעריקאנער, און אז. וו.

מענשען, וועלכע מאכען אזא באהויפּטונג, ווייסען ניט די באַ־דייטונג פון דעם וואָרט נאציאָן. אָט ליגט פאר מיר אן ענציקלאָ־פּעדיע, און איך לעז: „נאציאָן איז א פאראייניגונג פון איינצעלנע מענשען, וועלכע זיינען צוזאמענגעבונדען מיט דעם באוואוסטזיין פון זייער אייניגקייט; און די הויפּט פאקטאָרען פון זייער איי־ניגקייט זיינען: וואָס זיי קומען ארויס פון איין שטאַם, וואָס זיי האָבען איין שפּראך, איין רעליגיאָן, איין לעבענסארט, איינע זיטען און מנהגים, און איין היסטאָרישע פארגאנגענהייט. די פּאָליטישע היסטאָריע איז דער שטארקסטער נאציאָנאלער צוזאמענבונד".

דאָ זעהען מיר דייטליך, אז די הויפּט פאקטאָרען אין דער נאַ־ציאָנאלער אייניגקייט זיינען: דאָס ארויסקומען פון איין שטאַם, די היסטאָרישע פארגאנגענהייט, די שפּראך, די רעליגיאָן, די זיטען און מנהגים.

אין וועבסטער׳ס ענגלישען ווערטער־בוך אויף דעם וואָרט „ניישאָן" ווערט ערקלערט: „ערשטענס, מענשען פון איין לאנד, אָדער פאראייניגט אונטער איין רעגירונג; צווייטענס, מענשען מיט איין שפראך, אָדער וועלכע האָבען געהאט אן אייגענע רעגי־רונג און זיינען באקעמפט געוואָרען, ווי צום ביישפיל, די רוסישע אימפעריע איז צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענע נאציאָנען". דאָס הייסט, אז א פאָלק, וואָס האָט פארלאָרען זיין לאנד און זיין רעגירונג, הייסט נאָך אלץ נאציאָן, אָבוואָל זיי זיינען אונטער דער הערשאפט פון אן אנדער נאציאָן.

ווען מיר נעמען די אויבענדערמאנטע פאקטאָרען, וועלכע גי־בען דאָס רעכט צו רופען זיך נאציאָן, זעהען מיר ,אז אידען האָבען דאָס פולקאָמע רעכט אָנצורופען זיך נאציאָן? וועלכע גרופע מענ־שען האָט אזוי ווי מיר, אידען, אין משך פון פילע דורות געלעבט אין א געמיינזאמער קולטורעלער אַטמאָספערע, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעארבייט אין גאנצען זייער לעבען, סיי קערפערליך און סיי גייסטיג אנדערש פון אלע אנדערע מענשליכע גרופען?

אונז פעלט אן אייגען לאנד, דערפאר אָבער זיינען ביי אונז די אלע אנדערע פאקטאָרען פיל שטארקער איידער ביי אלע אנדערע פעלקער. ווער נאָך פון די ציוויליזירטע נאציאָנען האָט אן אלטע, רייכע, שיינע צוזאמענבינדענדע פארגאנגענהייט? אָנשטאָט א מענשליכער רעגירונג, וועלכע קאָן באזיגט ווערען פון א שטארקע־רער רעגירונג, האָבען מיר זיך איבערגעגעבען אונטער דער אל־מאכטיגער רעגירונג פון גאָט, און גאָט האָט פראָקלאמירט: „און איך וועל אייך נעמען זיך פאר א פאָלק, און איך וועל זיין אייער גאָט, 1) און, ווען מיר זיינען שוין געווען אין א פרעמד לאנד, האָט גאָט געזאָגט דורך דעם נביא: „און זיי וועלען וויסען, אז איך דער אייביגער זייער גאָט בין מיט זיי, און אז דאָס הויז פון ישראל איז מיין פאָלק, 2)".

אָנשטאָט דער פארלאָרענער פאָליטישער מאכט האָט דאָס אידישע פאָלק געשאפען אן אומגעהייערע אומבאזיגבארע מאכט, דאָס איז זיין רעליגיאָן. קיינע קאנאָנען און פעסטונגען האָבען אזוי ניט באשיצט די אנדערע פעלקער, ווי דעם אידענ׳ס רעליגיאָן האָט אים באשיצט. און וואָס עס אָנבאלאנגט דער איינינקייט פון שפראך, האָבען אלע אידען פון דער גאנצער וועלט געהאט זייער

1) שמות, יד, ז. 2) יחזקאל, לד.

אייגענע שפראך, די העברייאישע. אין דעם וואָכעדיגען לעבען האָבען זיי גערעדט אויף אנדערע שפראכען, אָבער אינגאנצען זייער גייסטיגער לעבען איז צוזאמענגעבונדען געווען מיט דער העברייאישער שפראך. דאָס אידישע קינד האָט זיין ערציאונג באקומען אין דער העברייאישער שפראך, קאָנען לערנען האָט געמיינט קאָנען אין העברייאיש. וואוהין דער איד איז געקומען האָט ער געפונען א שול, וואו אלע דאוונען אין העברייאיש. אויב ביי יעדען פאָלק איז די שפראך א פאקטאָר פון זייער נאציאָנאליטעט, איז ביי אונז אידען אונזער שפראך געווים איינע פון די שטארקסטע פאקטאָרען, 3).

די אידען, וואָס זאָגען, אז זיי באלאנגען צו די נאציאָנען, צווישען וועלכע זיי לעבען, זיינען פארבלענדעט, און זעהען ניט און פילען ניט, אז די נאציאָנען אנערקענען דאָס ניט. א לאנד קאָן רעכענען דעם אידען אלס א גלייכבארעכטיגטען בירגער, אָבער קיין נאציאָן קאָן אים ניט רעכענען פאר איר קינד, ווייל ער איז ניט זייער קינד. פאר דער וועלט וועט דער איד קיינמאָל ניט פארלירען זיין נאציאָנאליטעט; ער בלייבט פאר זיי א פרעמדער. און עס קומט אויס, אז דער איד, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגענער נאציאָן, בלייבט אינגאנצען אָהן א נאציאָן. און דאָס איז אן אומנאָרמאלע זאך. אזוי ווי יעדעס גליד פון דעם מענשען'ס קערפּער ציט זיין לעבענס־קראפט פון דעם גאנצען אָרגאניזם, אזוי איז יעדער איינצעלנער מענש ציט זיין לעבענס־קראפט פון דעם גרויסען אָרגאניזם, וואָס מען רופט נאציאָן.

ווענען די אידען, וואָס פארלייקענען זייער נאציאָנאליטעט, האָט געזאָגט בערנארד לאזאר: „זיי זיינען ניט קיין אידען און ניט קיין קריסטען, זיי זיינען ניט פייאיג צו שאפען זיך א פילאָזאָפיע, און נאָך וויניגער זיינען זיי פייאיג צו שאפען א פרייע מאָראל, 4)".

2. קאָסמאָפּאָליטיזם. — קאָסמאָפּאָליטיזם איז א אידעע, אז יעדער מענש דארף זיך רעכענען אלס בירגער פון דער גאנצער וועלט. ער דארף ארבייטען פאר דער גאנצער מענשהייט, און ניט נאָר פאר זיין נאציאָן, ווייל די פּראָגרעסיווע אנטוויקלונג פון דער וועלט דארף זיין אן אלגעמיין מענשליכע, און אזוי וועלען פאר־

3) אחד העם, על פרשת דרכים, ח"ב, 128־125 וגם עפ"ד, ח"ד, מאמר ריב לשונות.
4) ברנר לאזאר, הדור, 1901, נומער 21.

שוואונדען ווערען אלע נאציאָנען, און עס וועט ווערען איין גרויסע פאראייניגטע מענשהייט.

דאָס איז א גאנץ פיינע אידעע, וועלכע קאָן פּילייכט פאר־ווירקליכט ווערען מיט טויזענטער יאָרען שפּעטער, דערווייל איז דאָס ניט מער ווי א טרוים; ערשטענס, ווייל דאָס איז אוממעגליך; און צווייטענס, ווייל דאָס איז ניט ווינשענסווערט. אוממעגליך איז דאָס, ווייל אלע פעלקער זיינען שרעקליך עגאָאיסטיש. ניט נאָר די גרעסערע ווילען איינשלינגען די גאנצע וועלט, נאָר אויך די קלע־נערע ווילען באהערשען איינע די אנדערע; און, ווען אפילו דאָס וואָלט מעגליך געווען, איז דאָס ניט ווינשענסווערט; די מענש־הייט וואָלט זעהר פיל פארלירען, ווען אלע נאציאָנען וואָלטען זיך צוזאמענגיסען אין איין גרופּע מענשען, און וואָלטען פארלירען זייע־רע נאציאָנאלע אייגענשאפטען. אין יעדען פאָלק איז פאראן עט־וואָס, וואָס איז אומבאמערקבאר, אָדער אומבאגרייפליך פאר דעם פרעמדען, און פאר דעם קינד פון פאָלק איז דאָס א גייסטיגע שפּייז, וועלכע מאכט אים שענער, ניט נאָר אלס קינד פון זיין נאציאָן, נאָר אלס מענש אין אלגעמיין. אין יעדער צווייג פון דער מענשליכער קולטור בריינגט יעדעס פאָלק ארויס זיינע אייגענארטיגע טאלאנ־טען. פון דער פרייער אנטוויקלונג פון יעדען פאָלק׳ס גייסטיגע און קולטורעלע קרעפטען קומט דער פּראָגרעס פון דער מענשהייט. וואָס מער א פאָלק באררייכערט זיינע גייסטיגע אוצרות, אלץ רייכער ווערט די גאנצע מענשהייט, 5).

ווען די גאנצע וועלט וואָלט ווערען ווי איין גרופּע מענשען מיט איין אלגעמיינער קולטור, וואָלט דאָס זיין ווי א גרויסער אָר־קעסטער פון מוזיק זאָל נעמען שפּילען נאָר אויף איין מוזיקאלישען אינסטרומענט. ווי גוט זיי וואָלטען ניט שפּילען, וואָלט עס ניט האָבען קיין געשמאק. די שיינקייט פון אן אָרקעסטער איז נאָר דאן, ווען מען שפּילט אויף פארשיידענע אינסטרומענטען; נאָר צווישען די שפּילער דארף זיין א פולקאָמע הארמאָניע.

3. **נאַציאָנאַליזם.** — נאציאָנאליזם איז פונקט פארקערט פון קאָסמאָפּאָליטיזם. נאציאָנאליזם מיינט די שטארקע צוגעבונ־דענקייט און איבערגעגעבענהייט צו דער אייגענער נאציאָן, און די אנערקענונג פון דעם רעכט פון יעדער נאציאָן אויף זעלבסטשטענ־דיגער נאציאָנאלער אנטוויקלונג.

5) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 2־טער באנד, **איד און מענש**, חשלוח כרך ח, 385־388.

נאציאָנאַליזם איז באַרעכטיגט אַלס א נאַטירליכעס געפיל, ווען ער דערגייט ניט צו פאַנאַטיזם. יעדער מענש האָט פולע רעכט צו ליבען און אכטען זיין נאציאָן מער איידער אנדערע נאציאָנען; אָבער צו דערזעלבער צייט דאַרף ער זיך באַציען מיט ליבע און גע־רעכטיגקייט צו דער גאַנצער מענשהייט. יעדע נאציאָן מעג און דאַרף שטרעבען צו שטיין אויף דער העכסטער שטופע פון אַנטוויק־לונג און פון גליקזעליגקייט, אָבער זי זאָל ניט שטערען קיין אנדער נאציאָן צו לעבען נאָך אירע שטרעבונגען. צום באַדויערען, גייט אָפט דער נאציאָנאַליזם צו אַן עקסטרעם, וואָס מען רופט שאָווי־ניזם, דאָס מיינט, אז די אייגענע נאציאָן רעכענט מען פאַר דער בעסטער און שענסטער, און אויף אַלע אַנדערע נאציאָנען קוקט מען פון אויבען אַראָפּ; און דעם אייגענעם גליק וויל מען בויען אויף דעם אומגליק פון דער צווייטער נאציאָן.

4. **אינטערנאַציאָנאַליזם.** — אינטערנאַציאָנאַליזם איז אַן אידעע, וועלכע אַנערקענט די עקזיסטענץ פון פאַרשיידענע נאציאָ־נען, נאָר זי פאָדערט, אז אַלע נאציאָנען זאָלען זיין סאָלידאַריש איינע מיט די אנדערע, עס זאָלען ניט זיין קיינע מלחמות, און זיי זאָלען העלפען איינע די אנדערע אין זייער פּראָגרעסיווער אַנט־וויקלונג.

א וויכטיגע אינטערנאציאָנאַלע קערפּערשאַפט איז געווען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך געגרינ־דעט אין 1864 יאָר מיט דעם צוועק צו פאַראייניגען די אַרבייטער פון אַלע לענדער, אז זיי זאָלען קאָנען צוזאַמען פאַרטייטיגען זייערע אינטערעסען. אין 1873 יאָר איז אָט דער פאַרבאַנד צעפאַלען גע־וואָרען איבער אינערליכע מיינונגס פאַרשיידענהייטען.

אונז אידען איז די אידעע פון אינטערנאַציאָנאַליזם ניט פרעמד געווען. דער איד איז מיט זיין דיינקען און מיט זיין פילען דער גרעסטער אינטערנאַציאָנאַליסט. אונזערע נביאים זיינען געווען די ערשטע צו פּראָפּאַגאַנדירען ברידערשאַפט און גלייכהייט צווישען אַלע נאציאָנען; אָבער צו דערזעלבער צייט איז דעם אידען'ס אי־דעאַל, אז יעדע נאציאָן זאָל בלייבען אַלס אַ נאַציאָן.

אונזער נביא האָט געזאָגט: „לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדון עוד מלחמה... כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו, ואנחנו נלך בשם ד' אלהינו, 6)" דאָס מיינט, אז איין פאָלק וועט ניט

6) מיכה, ד, ג־ה.

אויפהויבען קיין שווערד געגען דעם צווייטען פאָלק און זיי וועלען מער ניט לערנען זיך מלחמה צו האַלטען אָבוואָל יעדעס פאָלק וועט זיך גיין אין דעם נאָמען פון זיין גאָט, און מיר וועלען גיין אין דעם נאָמען פון אונזער גאָט. דאָס הייסט, אז יעדע נאַציאָן זאָל זיך קאָנען לעבען מיט זיינע נאַציאָנאַלע אייגענשאַפטען, און דאָך זאָל זיין פולקאָמער פרידען און ברידערליכע באַציאונגען צווישען אַלע מענשען.

צום באַדויערען האָבען פיל ראַדיקאַלען אָנגענומען די באַדייטונג פון אינטערנאַציאָנאַליזם אַלס קאָסמאָפּאָליטיזם. איבערהויפּט האָבען זיך אין אָט דער הינזיכט אויסגעצייכענט אונזערע ראַדיקאַלען. עס קאָן זיין, אז די אורזאַך איז, ווייל דער איד טראָגט אין זיך זייט טויזענטער יאָרען דעם הויכען אידעאַל פון גלייכהייט און ברידערשאַפט פאַר אַלע מענשען, דערפאַר איז דער איד מער פון אַנדערע געקומען צום געדאַנק, אז דער אונטערשייד פון נאַציאָנען זאָל אָפּגעמעקט ווערען, און די גאַנצע וועלט זאָל לעבען ווי איין גרויסע משפחה. דאָס איז אַ שיינע אידעע אָבער די ווירקליכקייט ווייזט, אז דאָס איז ניט מער ווי אַ זיסער חלום, וועלכער איז ניט ווינשענסווערט, ווי מיר האָבען געזען אויבען.

5. מען קערט זיך צוריק. — אַ גרויסער טייל פון אונזערע ראַדיקאַלען האָט ענדליך ערוואַכט פון דעם קאָסמאָפּאָליטישען חלום. זיי זיינען געגאַנגען צו דער וועלט מיט אַן ערנסטקייט ווי אמת׳ע אידעאַליסטען. מיט אַ שטאַרקען גלויבען, אז די מענשהייט וועט אינגיכען פאַרברידערט ווערען; זיי האָבען זיך פאַרגעשטעלט אַ שיינע וועלט מיט ליכטיגע האָריזאָנטען פאַר דער מענשליכער צוקונפט; און באַגעגענט האָבען זיי האַס און פאַראַכטונג. זיי האָבען דערפילט דעם גאַנצען צער פון אונזער גלות, אז מער פון אַלעמען ליידעט דער איד; און זיי האָבען זיך אומגעקערט צו זייער אייגען פאָלק, און זיינען געוואָרען באַוואוסטזיניגע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע אידען, וועלכע זיינען מיט אינגאַנצען זייער האַרצען איבערגעגעבען צו די בעסטע אַלמענשליכע שטרעבונגען און אידעאַלען, און צו דערזעלבער צייט זיינען זיי מיט זייער גאַנצער נשמה איבערגעגעבענע קינדער פון זייער פאָלק.

דאָקטאָר ח. זשיטלאָווסקי דערציילט וועגען זיין ערוואַכונג מיט פאָלגענדע ווערטער: „איך האָב גענומען איינזעהן מיין טעות. איך האָב זיך אריינגעוואָרפען אין דעם גרויסען ים פון אונזער גייס־

טיגער פארגאנגענהייט, און אין דער ליכט פון מיין סאָציאַליסטיש־אידישער וועלטאַנשויאונג איז ביסלאכווייז ארויסגעוואקסען פון דעם טונקעל א וועלט, וואָס האָט מיך באצויבערט דורך אינוויינינג־סטער רייכקייט, קראפט און אומגעהויערער ראָל, וועלכע זי האָט געשפילט אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק..... 7)".

6. משה העס. — פון די ערשטע, וואָס האָבען זיך צוריק אומגעקערט צו אונז איז געווען אן אינטערעסאנטע פערזענליכקייט אין דייטשלאנד. דאָס איז משה העס (געבאָרען 1812 געשטאָרבען 1875). משה העס איז געווען א טיפער דיינקער, אן אמת'ער ערנסטער סטודענט פון פילאָזאָפיע, א גרויסער קענער אין פאָליטי־שע עקאָנאָמיע, און איינער פון די פייאיגסטע זשורנאליסטען און רעדאקטאָרען אין דייטשלאנד; און איז אויך געווען גוט באקאנט מיט דער תלמודישער ליטעראטור. גאנץ יונג איז ער אוועק פון די אידישע אידעאַלען. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פון אינטערנאציאָנאליזם. ער איז געווען א קאָמוניסט, אן אנאר־כיסט און א סאָציאַליסט. מיט אַלץ האָט ער זיך גוט באקאנט; און דער סוף איז געווען, אז ער איז געוואָרען א הייסער אידישער נאציאָנאליסט. צוויי זאכען האָבען אים צוריקגעבראכט צו זיין פאָלק: די גרויסע מאָראל, וועלכע די אידען האָבען ארייננגעבראכט אין דער וועלט, און די שרעקליכע פארפאָלגונגען, וועלכע זיי האָבען אימזיסט אויסגעליטען און ליידען נאָך איצט פון זייערע שונאים. איבערהויפט האָט די לעצטע אורזאך פארוואנדעלט דעם קאָסמאָפאָ־ליט אין א הייסען נאציאָנאליסט. ער האָט זיך איבערצייגט, אז דער גיפט פון אידען־האס איז טיף איינגעוואָרצעלט אין די הערצער פון אלע פעלקער, און דער איד מוז שטרעבען צוריקקערען זיך צו זיין אלטער היים, וואו ער זאָל קאָנען לעבען א פרייען נאציאָנאלען לעבען גלייך מיט אלע פעלקער, 8).

אין יאָר 1862 האָט ער ארויסגעגעבען זיין ווערק „ראָם אונד יערוזאלעם", אין וועלכען ער האָט מיט שמחה ערקלערט דאָס ער קערט זיך צוריק צו זיין פאָלק, ווייל דער איד, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון זיין פאָלק, געפינט זיך אימער אין אן אומנאָרמאלען צושטאנד. ער מעג אָנטאָן טויזענט מאסקעס, בייטען זיין נאָמען, זיינע מאנע־רען, און אפילו זיין רעליגיאָן, וועט ער אלץ ניט קאָנען דערשטיקען אין זיך דעם נאציאָנאלען געפיל...

7) דר. ח. זשיטלאָווסקי, געזאמעלטע שריפטען, 2־טער באנד, ז. 150.
8) פאָגט, וועלט געשיכטע, באנד 12, ז. 16 און 175.

די גערדאנקען, וואָס משה העס זאָגט ארויס, זיינען געשטיצט אויף באווייזען פון געשיכטע, טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. די אידען קאָנען ניט אונטערגיין ניט דורך זעלבסטמאָרד פון אינווייניג, און ניט דורך די פארניכטונג פון דרויסען... מיט ביטערען שפּאָט רעדט ער וועגען די דייטשע אידען, וועלכע אנערקענען ניט די אידען אלס א נאציאָן... די אידישע אסימילאטאָרען האָבען זיך אָפּגעקערט פון זייער פאָלק, און זיינען אוועק צו די דייטשען, אום צו באקומען אביסעל עמאנציפּאציע... אָבער זייער קריכען אויף אלע פיר האָט זיי גאָר ניט געהאָלפען; דער דייטש האסט דעם אידען אזוי ווי פריער, און פיליכט נאָך ערגער... ווייל דער איד דאָס די פעלקער זאָלען אים רעספּעקטירען, מוז ער פריער לערנען זיך זעלבסט רע־ספּעקטירען אויפ׳ן גרונד פון זיין גלענצענדער פארגאנגענהייט, וואָס האָט ניט זיין גלייכען אין דער געשיכטע פון אלע פעלקער, 9)".

## קאַפּיטעל 53

# ציוניזם

די חובבי־ציון. — דאָקטאָר הערצל. — מאָדערנער ציוניזם.

1. די חובבי ציון. — איינער פון די קוועלען, פון וועלכע דער איד האָט געשעפּט זיין לעבענס־קראפט, איז געווען זיין שטאר־קער גלויבען, אז ער וועט זיך אומקערען צו זיין היים, קיין ארץ ישראל; און אָט דער גלויבען איז געוואָרען איינע פון די הויפּט־דאָגמען פון אידענטום.

אין אָנפאנג פון די אכציגסטע יאָרען אין ניינצענטען יאָרהונ־דערט איז די האָפענונג אומצוקערען זיך צו אונזער לאנד פארוואנ־דעלט געוואָרען אין א פּראקטישער באוועגונג. דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך פארשפּרייט אין אלע לענדער. אין רוסלאנד, וואו דער גרעסטער טייל אידען האָבען זיך געפונען, האָבען זיך אָנגעפאנגען שרעקליכע פארפאָלגונגען געגען אידען. אונזער לעבען איז געוואָ־רען אומערטרעגליך. איבערהויפּט האָט אונזער יוגענד דערפילט דעם ביטערען צושטאנד; און א גרופּע פון יונגע אינטעליגענטע אידישע יונגע לייט אין רוסלאנד האָבען באשלאָסען צו גיין קיין ארץ ישראל אלס פּיאָנירען אָנצופאנגען צו בויען א אידישען צענ־

9) משה העס, רומא וירושלים, אגרת ד, ואגדת ז.

טער אין דעם לאנד פון אונזערע עלטערען. דאן האָט זיך אין רוס־לאנד געגרינדעט די חברה „חובבי ציון”, וועלכע איז באשטאנען אממייסטען פון די אָרימערע קלאסען, און זיי האָבען אָנגעווענדעט אלע מעגליכקייטען צו העלפען די ערשטע פּיאָנערען אין ארץ ישראל, וועלכע האָבען דאָרט איבערגעלעבט שרעקליכע שוועריגקייטען. דאן האָט ערוואכט די נאָבעלע זעעלע פון דעם באראָן עדמונד ראָטשילד פון פּאריז, וועלכער האָט מיט גרויס ליבע צו דער אידעע גענומען העלפען מיט אַן אָפענער האנט; און עס האָבען זיך אָנגעפאנגען צו גרינדען די אידישע קאָלאָניעס, און די אידען האָבען באוויזען, אז זיי קאָנען א ווילדערניש פארוואנדלען אין א פרוכטבאר לאנד.

די חובבי ציון, איבערהויפּט די מער באוואוסטזיניגע, האָבען געקוקט אויף דער קאָלאָניזאציע אין ארץ ישראל מער איידער אויף א געוויינליכער קאָלאָניזאציע, וואו מען זוכט נאָר אויסצובעסערען דעם מאטעריעלען צושטאנד; נאָר זיי האָבען געשטרעבט און גע־האָפט, אַז דאָרט אין ארץ ישראל זאָל ווערען א אידישער צענטער אין דעם פולען זין פון דעם וואָרט, וואו דער איד זאָל געפינען א היים ניט נאָר פאר זיין קערפּער, נאָר אויך פאר זיין נשמה, וואו ער זאָל קאָנען אנטוויקלען זיינע גייסטיגע אייגענשאפטען און פייאיג־קייטען אָהן שטערונגען, און ארץ ישראל זאָל ווערען אַן אמת'ע היים פאר דעם אידישען פאָלק.

2. דאָקטאָר הערצל. — צום ענדע פון נייגצענטען יאָר־הונדערט האָט דאָקטאָר הערצל אָנגעפאנגען זיין גרויסע היסטאָרישע ארבייט צו פאראייניגען אלע אידישע בעסטע קרעפטען, און צו פאַראינטערעסירען די מעכטע פון דער וועלט צו העלפען דורכפירען זיין פּלאן, אומקערען די אידען צו זייער לאנד.

אין 1897 יאָר האָט דר. הערצל צוזאמענגערופען דעם ערשטען אידישען קאָנגרעס אין שווייצערלאנד, וואו עס איז געלייגט געוואָ־רען דער פונדאמענט פון דעם מאָדערנעם ציוניזם, וועלכער האָט פאראייניגט א טייל אידען פון דער וועלט, און האָט אריינגעטראָ־גען א לעבעדיגען שטראָם אין דעם אידישען לעבען. „ווער עס האָט נאָכגעפאָלגט די אידישע אנטוויקלונג אין די לעצטע עטליכע צענד־ליג יאָר, מוז מודה זיין, אז דער צוזאמענשלוס פון אידישען פאָלק איז געוואָרען שטארקער; און דאָס אידישע לעבען איז געוואָרען פולער און רייכער אין נאַציאָנאלען זין, 1)”.

1) דר. שמריה לעווין, אין מלחמה צייטען, זייטען 135־138.

אין 1917, ווען ענגלאנד האָט מלחמה געהאַלטען מיט טערקיי, האָט זי פּראָקלאַמירט, אַז פּאַלעסטינע וועט ווערען די אידישע היים־לאַנד; און שפּעטער האָבען די גרעסטע לענדער אַנערקענט אונזער רעכט צו שאַפען אונזער היים אין אונזער אַלטען לאַנד.

3. דער מאָדערנער ציוניזם. — די בעסטע קינדער פון דעם אידישען פאָלק זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אונזער לעבען איז אוננאָרמאַל. דער איד איז אַ בירגער פון דער גאַנצער וועלט און איז אומעטום אַ פרעמדער; ער אַרבייט און שאַפט אויף אַלע געביטען און איז אונפעהיג צו שאַפען עטוואָס זיינס אָריגינעלעס; אונזערע גייסטיגע רייכטימער ווערען אַלץ ווייניגער און שוואַכער; דער איד פאַרלירט זיין לעבענס קראַפט; ער הערט אפילו אויף צו פילען, אַז ער איז אַן אוננאָרמאַלע ערשיינונג; און ער פאַרלירט דעם נאַטירליכען אינסטינקט צו שטרעבען צו אַ שעהנערער צוקונפט.2). און די דענקענדע אידען פאַרשטייען, אַז ווען מיר זאָלען אפילו וועלען באַגיין אַ נאַציאָנאַלען זעלבסטמאָרד איז דאָס אוממעגליך, אינגאַנצען אָפּשטאַרבען קאָן ניט דאָס אידישע פאָלק. לעבען לאָזט מען אונז ניט, און שטאַרבען קאָנען מיר ניט. און אויב מיר מוזען לעבען, דאַרף מען לעבען באַוואוסטזיניג אַלס אַ פאָלק, און צו לעבען אַלס אַ פאָלק מוז מען האָבען אַן אייגענעם ווינקעל אויף דער ערד, וואו מיר זאָלען קאָנען לעבען אַ מענשליכען לעבען, און שאַפען פאַר זיך און פאַר דער וועלט. אפילו עקסטרעמע ראַדיקאַלען אונזערע האָבען אָנגעפאַנגען מודה צו זיין, אַז די סאָציאַלע רעפאָרמען וועלען ניט פאַרענטפערען די אידען פראַגע, ווייל דאָס איז אַ פראַגע ניט נאָר פון מאַטעריעלער נויט, נאָר דאָס איז אַ קולטורעל־נאַציאָנאַלע פראַגע, וועלכע קאָן געלייזט ווערען נאָר דאַן, ווען דער איד וועט האָבען זיין אייגען לאַנד.

עדוואַרד בערענשטיין, וועלכער איז דער באַדייטענדסטער סאָציאַליסטישער טעאָרעטיקער פון אונזער צייט, האָט זיך אין דער לעצטער צייט אָנגעשלאָסען אָן דעם ציוניזם. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פּועלי ציון אין בערלין האָט ער זיך אויסגעדריקט: „ציוניזם איז אַ גרויסער אידעאַל, און אידעאַלען געווינען סוף כל סוף אין דער געשיכטע".

דאָקטאָר א. רופּין זאָגט: „אויפ'ן ציוניזם קאָן מען ניט

2) הלל צייטלין, שריפטען, זז. 125־129.

זאָגען, אז דאָס איז ניט מער ווי א נאציאָנאלער, אָדער שאָוויניסטי־שער קאפּריז. ניין, דאָס איז א געוואגטער ווידערשטאנד נעגען דעם אונטערגאנג און פארשווינדען פון אידישען פאָלק, 3)".

אלע אמת'ע ציוניסטען פארשטייען גוט, אז מיר ווילען זיך אומקערען קיין ארץ ישראל ניט נאָר צוליב אויסבעסערען אונזער מאטעריעלען צושטאנד, נאָר אויך אום צו האָבען די מעגליכקייט צו אנטוויקלען און פארווירקליכען אלע אונזערע שאפענדע קרעפ־טען, וועלכע זיינען צושפּרייט אויף דער גאנצער וועלט, און צו־נויפגיסען זיי אין איין גרויסער נאציאָנאלער קראפט, וועלכע וועט קאָנען ברייננען גרעסערע נוצען אי זיך, אי דער גאנצער וועלט.

דער דענקער משה העם האָט געזאָגט: „מיט יעדער באפריי־אונג פון א געזעלשאפטליכער פּאָליטישער שקלאפעריי קומט אויך די באפרייאונג פון גייסט און די באפרוכטבערונג פון דעם נאציאָ־נאלען געניוס. דעם ערשטען פעריאָד אזא האָט דער איד געהאט, ווען ער איז ארויס פון מצרים; דער צווייטער פעריאָד איז געווען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון גלות בבל, און דער דריטער וועט קומען מיט דער ערוואַרטעטער ערלייזונג, 4)".

יעצט אין דעם יאָר תרפ"ד, 1924, ווען איך שרייב אָט דעם קאפּיטעל, איז שוין פיל אויפגעטאָן געוואָרען דורכ'ן ציוניזם פאַר דער אויפלעבונג פון אונזער אלטער היים. עס גייט דאָרט אָן א גאנץ באדייטענדע טעטיגקייט. ווי עס זאָגען עדות סיי אידען און סיי קריסטען, וועלכע האָבען באזוכט ארץ ישראל. געוויס האָט גע־דארפט און געקאָנט מער אויפגעטאָן ווערען, ווען אלע אידען וואָל־טען באגרייפען אונזער איצטיגען וויכטיגען היסטאָרישען מאָמענט, דאָך פילט זיך א צופרידענהייט מיט דעם, וואָס איז געשאפען גע־וואָרען ביז יעצט; און איבערהויפט ווערט דאָס הארץ אָנגעפילט מיט פרייד ווען מיר לעזען וועגען דער שענסטער, שטאַרקסטער שאפונג, וואָס דער ציוניזם האָט געשאפען, דאָס איז אונזער יוגענד „די חלוצים", וואָס זיינען געקומען קיין ארץ ישראל צו פארוואנד־לען ווילדערניס אין בליענדע פעלדער. אלע טוריסטען באוואונ־דערען די אידישע חלוצים אין ארץ ישראל. יונגע מענשען, מענער און פרויען, מיט דיפּלאָמען פון פארשיידענע העכערע פּראָפעסיאָ־נען, זיינען געקומען פון אלע לענדער צו בויען א היים פאַר זייער

3) Dr. A. Rupin, The Jew of Today, p. 300.

4) משה העם, רומא וירושלים, זייט 52.

פאָלק. די שווערסטע ארבייט טוען זיי, נויט לײדען זײ, און דאָך פילען זיי זיך גליקלאך, וואָס אויף זייער גורל איז אויסגעפאלען צו שאַפען א ווינקעל אויפ'ן ערד־קוגעל, וואו דער גלות־איד זאָל קאָנען געפינען שפייז פאר זיין קערפער און פאר זיין נשמה.

אָט ליגט פאר מיר איינער פון די פילע בריף, געשריבען פון דעם קינסטלער און שריפטשטעלער שאול ראסקין, וועלכער איז יעצט א דריטען מאָל אויף א באזוך אין ארץ ישראל. אין היינטי־גען בריף באשרייבט ער די נאכט פון תשעה באב אין ארץ ישראל ארום דער וואנט, וואָס איז איבערגעבליבען פון בית המקדש, וואָס מיר רופען „כותל מערבי", וועלכע ווערט באנעצט מיט אידישע טרערענביינאהע 19 הונדערט יאָר. ה' ראסקין באשרייבט ווי תשעה באב ביי דער נאכט זיצען די אלטע לייט אויף דער ערד ארום „כותל מערבי", זאָגען „איכה" און קלאָגען אויפ'ן חורבן; און מיט א מאָל זיינען אָנגעקומען פיל הונדערטע יונגע לייט און מיידלאך. „זיי האָבען דערפילט מיט אלע חושים ווער זיי זיינען, די קינדער פון אן אלט, אוראלט פאָלק... אויף יעדען פנים האָט מען געקאָנט לייענען די ווערטער: „מיר באוויינען דעם חורבן, אָבער מיר בויען דאָך ווידער... מיר קערען זיך אום צו אונזער מאכט און הערליכקייט... אויב א טרער ציטערט, זאָל עס זיין א טרער פון שמחה..."

און ד' ראסקין, וועלכער האָט זיך גוט באקאנט מיט דעם לעבען פון אָט דער יוגענד אין ארץ ישראל, שרייבט: „האָט איר דען א באגריף פון דעם וואָס פאר א יוגענד מיר האָבען אין ארץ ישראל? ניטאָ אויף דער וועלט אזא איידעלע, מוטיגע, זעלבסט־באוואוסטע גייסט־און־קערפערליך הערליכע יוגענד ווי מיר האָבען דאָ! אזא יוגענד ווערט געבוירען ווען א פאָלק לעבט איבער אנטשיידענע מאָמענטען אין זיין געשיכטליכען גורל. די יוגענד אין ארץ ישראל שאפט דאָס לעבען. זי איז אומעטום, באטייליגט זיך אין אלע געשעענישען, פאָליטישע, סאָציאלע און אפילו רעלי־גיעזע, נישט זייענדיג אליין רעליגיעז; און די יוגענד מאכט פון יעדער קלענסטער זאך א גרויסען, אימפּאָזאנטען יום טוב"(5).

(5) שאול ראסקין, טאָג, 7־טען סעפטעמבער, 1924.

## קאפיטעל 54
# די אַלגעמיינע געגענוואַרט און צוקונפט

סאָציאַלע אומגערעכטיגקייט. — מאָדערנע שקלאַפעריי. — יאגענים נאָך רייכטום. — די גייסטיגע אומאָרדענונג. — די צוקונפט אין אַלגעמיין. — דער איד אין דער צוקונפט.

1. סאָציאַלע אומגערעכטיגקייט. — ווען איך בין א קינד געווען, האָב איך שרעקליך געליטען פון ארמוט, נויט און דחקות. מיט קנאה האָב איך געקוקט אויף די קינדער, וועלכע לײדען ניט קיין הונגער ווי איך לייד; און, ווען איך האָב געזעהן א קינד אין נייע קליידער, פלעגט זיך אין מיין קינדערשען הערצעלע אָנצינדען א פארדרוס; און איך האָב געפרעגט מיין מאמען „פארוואָס בין איך נאקעט און באָרפוס?" ; און מיין מאמע האָט מיר געענט־פערט: „מיין קינד, אזוי איז דער ווילען פון גאָט". איר ענטפער האָט מיך ניט צופרידענגעשטעלט. מיין קינדערשער מוח'ל האָט ניט געקאָנט באגרייפען, און מיין „פארוואָס?" איז מיט א פייער־דיגען פראגע־צייכען אויף אייביג איינגעקריצט געוואָרען אין מיין נשמה.

ווען איך בין עלטער געוואָרען און האָב געלערנט און פאר־שטאנען אונזער תנ"ך, האָב איך דערהערט פון אונזערע פּראָפעטען דעם שטארקען פּראָטעסט געגען די סאָציאַלע אומגערעכטיגקייט, וואָס די רייכע פארכאפּען אלעס, און די אָרימע לײדען נויט. די ווערטער פון די נביאים האָבען זיך טיף איינגעקריצט אין מיין נשמה, זיי זיינען געוואָרען מיינע וועג־ווייזער אין לעבען; און דער אלטעגליכער לעבען אויף יעדען טראָט לאָזט מיך ניט פאר־געסען די פּראָפעטישע פּראָטעסטען.

מיינע ליבע אייניקלאך, ווען איך וועל מיט אייך ריידען וועגען דער סאָציאַלער אומגערעכטיגקייט, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט, וועל איך ניט אריינלאָזען זיך אין טיפע עקאָנאָמישע פּראָב־לעמען; איך וועל אייך נאָר איבערגעבען מיינע באָאָבאכטונגען פון איין טאָג; דאָס זיינען פאסירונגען געוויינליכע, וועלכע איר האָט, ווארשיינליך, געזעהן אזוי ווי איך, נאָר זיי האָבען ניט ארויס־

גערופען אין אייך די געהעריגע אויפמערקזאמקייט, און איר האָט זיך ניט פארטראכט וועגען זיי.

דאָס איז געווען א ווינטער־טאָג. אין די קוילען־מינען איז א סטרייק. די ארבייטער פון די מינען, וועלכע זיינען לעבעדיגער־הייד באגראָבען אין דער ערד אויסצוגראָבען דאָרט פאר אונז די קוילען, אָט די אומגליקליכע מענשען, וועלכע שטעלען זייער לעבען אין געפאר פארשאָטען צו ווערען מיט ערד, אָדער פארטרונקען צו ווערען פון די אונטערערדישע וואסערען, אָדער דערשטיקט צו ווערען פון די שלעכטע גאזען; אָט די מענשען האָבען געבעטען ביי זייערע ברויט־געבער, אז מען זאָל זיי אביסעל פארגרעסערען זייער געצאָלט, אום זיי זאָלען קאָנען עטוואס אויסבעסערען זייער אונערטרעגליכען לעבען, האָבען די מאגנאטען ענטזאגט זיי צו פארגרעסערען זייער געצאָלט. האָט ביי די ארבייטער געפלאצט זייער געדולד, און זיי האָבען געוואָרפען די ארבייט. איז געוואָרען א מאנגעל אין קוילען. די מינען אייגענטימער און די ספעקולאנ־טען האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט, און גענומען רייסען הויכע פרייזען פאר קוילען. די אָרימע קלאסען ליידען דערפון שרעקליך. ניטאָ מיט וואָס צו באהייצען די וואוינונגען, זיצט מען אין קעלט. גיי איך זעהן ווי מיינע נאָענטע פריינד לעבען. איך גיי אין די געדיכט באפעלקערטע גאסען פון ניו יאָרק. א שניידענדער ווינט שטעכט ווי מיט נאָדלען. הונדערטער פרויען און קינדער שטייען אין רייען, און ווארטען ביז זיי וועלען באקומען א זעקעלע קוילען. אָט לויפט א אינגעלע פון א יאָר צוועלף, שלעפענדיג א זעקעלע קוילען אויף אן אלטען קינדערשען וועגעלע. דער שנעע קריכט אין די לעכער פון זיינע צוריסענע שיך, און דער ווינט רייסט די שמאטעס, אין וועלכע זיין אויסגעדארטער קערפערל איז איינגע־וויקעלט. און איך דערמאָן זיך, אז איך האָב ערשט געלייענט אין א צייטונג, אז דער מיליאָנער ג., וועלכער געפינט זיך ערשט מיט זיין פרוי אין דער ווארימער שיינער פלאָרידע, האָט איבערגעלאָזען אין דער היים, אין ניו יאָרק, זיין יונגען זינדעלע. האָט דער טאטע געשריבען, אז מען זאָל אויף דעם דאך פון זיין פאלאץ אָנגיסען וואסער און לאָזען פארפראָרען ווערען, אז דאָס קינד זאָל האָבען וואו צו גליצען זיך. האָט מען געפאָלגט דעם באפעל, און דאָס אינגעלע האָט א פראכטפולען פלאץ צום גליצען זיך אונטער דער אויפזיכט פון גאָווערנאנטקעס און לערער. איך שטיי און טראכט

וועגן די צוויי אינגעלעך, און פארביי מיר שלעפּט זיך אַ פרוי מיט אַ קינד אויפ'ן האנט און מיט אַ זעקעל קוילען אויפ'ן פּלייצע. דער ווינט שמייסט איר אין פּנים און שלעפּט די האָר פון אונטער איר שאַל; און דאָס קינד שרייט און צאַפּעלט זיך פון קעלט; און אָט פּאָרט פארביי אַ גרויסער פארמאכטער אָטאָמאָביל, אין וועלכען עס זיצט אַ לײדי ברייט אָנגעשפּארט, און אויף איר שוים האלט זי אַ קליין ווייס הינטעלע אויסגעפּוצט אין אַ פּליושענע קליידעלע מיט אַ זיידענעם באנד אויפ'ן האלז. דאָס הינטעלע האָט דורכ'ן פענסטער פון אָטאָמאָביל געקוקט, און האָט גוטמוטיג געבולען, ווי איינער זאָגט: „בעסער צו זיין אַ הינטעל ביי אַ רייכער לײדי איידער צו זיין אַ קינד ביי אַן אָרימער מוטער".

מיט אַ ביטערען געמיט גיי איך פון דאָרט זעהן וואָס מאכט מיין קראַנקער פריינד. פון קינדוווייז אָן האָט ער אָנגעפאנגען צו ארבייטען שווער. איצט, ווען ער איז געקומען צו די עלטערע יאָרען, און איז קראנק מיט עטליכע קראנקהייטען, טויג ער שוין מער ניט פאר אַן ארבייטער אין שאַפּ אָדער אַ פאבריק. נעמט ער ארבייט אהיים. די פרוי העלפט אים ארבייטען, און זיי מוזען ארבייטען זעכצען שטונדען אין מעת לעת אום צו קאָנען אויפהאל־טען די צוואווייטאָגטע נשמות אין די צובראָכענע קערפּער. איך קום אריין אין זיין וואוינונג אויף דעם אונטערשטען פלאָר (עטאזש). די ווענט און דער סילינג (סופיט) זיינען שווארץ און ארומגעריסען, דער פלאָר איז מיט לעכער, פון קעלער שפּארט אַ קעלט, און דער שלאָף־צימער איז אַ פינסטערער; און אָט פאר אָט דעם קבר מוז מען באצאָלען אַ העלפט פון אלע זייערע פאר־דינסטען. ווען איך בין אריינגעקומען אין הויז, האָב איך דער־פילט, אז דאָ איז קילער איידער אין דרויסען. מיין קראַנקער פריינד מיט זיין פרוי זיצען איינגעוויקעלט אין פארשיידענע אלטע קליידער, און מען ארבייט מיט די לעצטע קרעפטען. דער מאַן ארבייט אויף דער מאשין, און די פרוי פארענדיגט מיט די הענט. די מאשין קלאַפּט מאָנאָטאָנע, און מיין פריינד הוסט צום טאקט. אַ זעלטענע מוזיק. פּלוצלונג פארווילט זיך מיין פריינד צו געבען אַ קאָנצערט, צו ווייזען וואָס ער קאָן. די מאשין ווערט שטיל, און ער גיט אַ הוסט ווי אַ קלאַפּ אין אַ דראָם (באראבאן). דאָס איז דער סיגנאל. און נאָכדעם קומען פארשיידענע וואריאציעס. אָט צושפּילט זיך ביי אים אין האלז עפּעס אזעלכעס, וואָס איז

ענליך צו דעם געשריי פון א קינד; און אַט הער איך דעם ברומען פון א חיה, וועלכע מען האָט געשאָסען און ניט דערשאָסען צום טויט. די גוטע, קלוגע, ציוויליזירטע וועלט האָט פון מיין פריימד א קינסטלער געמאכט. זיינע לונגען זיינען געוואָרען א וואונדער־בארער אינסטרומענט, הוסט ער זיך אויף פארשיידענע טענער, און אקאמפּאנירט מיט זיימע אויסגעדארטע פינגער, רייבענדיג די פיס, אין וועלכע עס האָט זיך אריינגעכאפּט א ברענענדיגער רומאטיזם. ער איז שטיל געוואָרען, אויסגעווישט די אויגען וואס זיינען פאר־גאָסען מיט בלוט, אָפּגעכאפּט דעם אטעם, א זופּ געטאָן אביסעל קאלטע וואסער, און די מאשין האָט ווייטער אָנגעפאנגען צו קלאַ־פּען; און איך דערמאָן זיך, אז מיט אייניגע טעג פריהער האָב איך געלייענט אין א צייטונג, אז אין דער שטאָט פּיופאָרט האָט די רייכע געזעלשאפט געפייערט דעם געבורטסטאג פון א פערד, וועל־כער איז צו די עלטערע יאָרען באפרייט געוואָרען פון ארבייט, און לעבט זיך רואיג. דעם שטאָל, וואו דער פערד שטייט, האָט מען שיין געדעקאָרירט; דעם פערד האָט מען באשפּריצט מיט די טייערסטע פארפיומען, און אויסגעפּוצט מיט די שענסטע פרישע בלומען. אן ארקעסטער מוזיק האָט געשפּילט; און די הערען און דאמעס האָבען געגעסען, געטרונקען און געטאנצט. א ריכטיגער רייכער אריסטאָקראטישער באַל.

מיט טרערען אין די אויגען פארלאָז איך מיין פריינד'ס וואוי־נונג. געהענדיג אהיים, גיי איך דורך א גאס, וואו עס וואוינען מאָר רייכע. וואונדערבארע שיינע פּאלאצען שטייען דאָ. פיר, פינף מענשען פארנעמען צען, צוועלף צימערען. אין אייניגע פּאלאצען זיימען פארקלאפּט טיר און פענסטער, די אייגענטימער זיינען אוועק אין די ווארימע געגענדען.

מיין הארץ ווערט אָנגעפילט מיט ווייטאָג און צאָרן, און אין מיין נשמה קלינגען די ווערטער פון דעם נביא ישעיה: „הוי מגיעי בית בבית, שדה בשדה יקריבו, עד אפס מקום, והושבתם לבדכם בקרב הארץ, 1)“ — הייזער און פעלדער האָט איר פאר־כאפּט אין אייערע הענט, פאר אנדערע בלייבט ניט קיין פּלאַץ. — און אָט שרייט אויס דער נביא: „גזלת העני בבתיכם. 2)“ — רויב פון דעם אָרעמאַן איז אין אייערע הייזער. און דער נביא

---

1) ישעיה, ה, ח.
2) ישעיה, ג, יד.

מיכה שטורמט מיט זיינע פייערדיגע רייד: „גוזלי עורם מעליהם ושארם מעל עצמותם, 3)" — איר רויבט פון די אָרימע די הויט און פלייש פון זייערע ביינער.

2. מאָדערנע שקלאפעריי. — איר ווייסט געוויס, אז אין ניינצענטען יאָרהונדערט האָט נאָך עקזיסטירט שקלאפעריי. מען פלעגט ארויספירען אין מארק מענשען אזוי ווי מען פירט פערד און פיה, און מען פלעגט זיי פארקויפען פאר אייביגע שקלאפען. און איר האָט געוויס געלעזען אין דער געשיכטע, אז שקלאפעריי איז אָפגעשאפען געוואָרען.

אין דער אמת'ן אָבער עקזיסטירט נאָך שקלאפעריי. מיר האָבען א מאָדערנע שקלאפעריי. א קליינע צאָל מענשען האָבען פארכאפט אין זייערע הענט די גוטס פון יעדען לאנד, זיי זיינען געוואָרען די באזיצער פון די רייכטימער פון דער וועלט, זיי זיינען די אייגענטימער פון אלץ, אין וואָס דער מענש נויטיגט זיך; און די מערהייט, דער גרעסטער צאָל מעמשען, מוז זיך פארקויפען צו זיי, צו די איינצעלנע, פארקויפען זיך אום צו קאָנען עקזיסטירען. און די מאָדערנע פארשקלאפונג פון מענשען איז ניט וויניגער גרויזאם און ברוטאל איידער די אמאָליגע שקלאפעריי. די אויסערליכע פאָרם איז נאָר שענער, צוגעפוצט, ווערליג אונזער ציווילי־זאציע קאָן יעדע זאך צופוצען. איצטער ווערען מענשען ניט ארויסגעפירט אין מארק צום פארקויפען. די קאפיטאליסטישע הערשער האָבען אזוי געמאכט, אז מען לויפט אליין, און מען בעט זיך: „קויף מיך". און אין איניגע הינזיכטען איז די מאָדערנע שקלאפעריי גרעבער איידער די אמאָליגע. די גריכישע פילאָזאָפען האָבען אנערקענט שקלאפעריי, אום די גייסטיגע פירער פון פאָלק זאָלען זיין אבסאָלוט פריי צו אנטוויקלען זייערע גייסטיגע פעאיג־קייטען צו דער העכסטער שטופע, און זיי זאָלען קאָמען לעבען נאָך זייער אייגענעם וואונש נאָך. היינט אָבער זיינען אלע פאר־שקלאפט. די ווּיסענשאפטס־לייטע און די גייסטיגע פירער, אויב זיי ווילען נאָר געניסען פון לעבען פיל וויניג, מוזען זיי פארקויפען זיך צו די קאפיטאליסטען. זאָל א פראָפעסאָר, אָדער א גייסטלי־כער, ארויסזאָגען א פרייען געדאנק, ווערט ער גלייך ארויסגעשליי־דערט פון זיין פאָזיציע. אפילו די געזעצגעבער און די ריכטער זיימען אונטער דעם איינפלוס פון די קאפיטאליסטישע הערשער.

3) מיכה, ג, ב.

מיר זיינען פּטור געוואָרען פון די אויטאָקראַטען, פון די גע־קרוינטע הערשער, אָבער זייער פּלאַץ האָבען פאַרנומען די קאַפּי־טאַליסטען. זיי זיינען די מעכטיגע הערשער פון דער וועלט. זיי האַלטען אַרמעען און פירען מלחמות; זיי לעבען אין לוקסוס און ווערען ווילד פון נאָכגעגעבעמהייט; און דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט מוז זיך פאַרקויפען צו זיי פאַר א שטיקעל ברויט. פאַר יעדען טראָט, פאַר יעדען אָטעם מוז דער מענש באַצאָלען מיט זיין בלוט און מאַרך, מיט זיין קערפּער און מיט זיין נשמה. און זעהר אָפט, ווען די רייכע צוליב זייערע פּערזענליכע רעכענונגען געפינען פאַר בעסער אָפּצושטעלען אַלע אַרבייטען, בלייבען שטיין די פאַבריקען געשלאָסען; די אייגענטימער צופאָרען זיך אין די שענסטע געגענדען און געניסען דאָרט פון דאָס בעסטע און שענ־סטע אין דער וועלט; און דאָ גייען אַרום מיליאָנען מענשען הונ־געריגע און נאַקעטע, ווייל זיי געפינען ניט קיין אַרבייט. און ווען זיי אַרבייטען באַקומען זיי נאָר גענוג צו דערהאַלטען די נשמה. דער מענש איז ניט פאַרזאָרגט פאַר די עלטערע יאָרען. ווען ער ווערט אַלט און שוואַך און קאָן שוין מער ניט שלעפּען די שווערע לאַסט פון דער אייביגער שקלאַפערייַ, קומט אים אויס צו שטאַרבען פון הונגער, אָדער אָנקומען צו נדבות פון די באַרימהערציגע רייכע, וועלכע האָבען פון זיין בלוט און שוויים אָנגעזאַמעלט זייערע רייכ־טימער.

ווען איך קוק זיך צו, און באַטראַכט די איצטיגע שקלאַפעריי, דערמאָן איך זיך אויף די ווערטער פון דעם יונגען דיכטער:

ווען איך זעה דיינע הערשער, וואָס טרינקען דיין בלוט —
דיין בלוט, וואָס ביי מיר איז זאָ טייער,
דאַן צינדט זיך אין האַרצען ביי מיר אָן א גלוט,
עס פלאַקערט באַלד אויף דאָרט א פייער...

נור, שקלאַף, ווען איך זעה, אַז דו גיסט זיך ניט קיין ריר
און ווילסט זיך גאָר בעסער ניט מאַכען —
אָ, דאַן ווערט דאָס האַרץ שיער צושפּרונגען אין מיר,
איך הויב אָן פאַר ווייטאָג צו לאַכען... 4)

3. די יאָגענים נאָך רייכטום. — אַלע מאָל זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען געהאַט א שטאַרקען פאַרלאַנג צו ווערען

4) י. באָוושאָווער, געזאַמעלטע שריפטען, צום שקלאַף.

רייך. מיר, אידען, האָבען אויך געהאט אזעלכע מענשען; דאָס זיינען אָבער געווען אויסנאמען. אייניגע זיינען געווען אוואנטיר־ריסטען מיט אייזערנע כאראקטערען, וועלכע האָבען געקאָמט קרי־כען אין די גרעסטע געפארען, און אָפטמאָל די שרעקליכסטע פאר־ברעכענס; און אייניגע זיינען געווען זעהר פעאיגע מענשען, וועלכע האָבען געקאָנט אויסנוצען יעדע געלעגענהייט צוליב איי־גענע אינטערעסען. דאָס זיינען געווען מענשען מיט א גרויסען אונטערנעמונגס־גייסט, וועלכע האָבען געקאָנט פאָראויסזעהן ענדע־רונגען וואס קאָנען קומען. דאָס זיינען געווען אויסנאמען, אָבער דער גרעסטער טייל מענשען, איבערהויפט ביי אידען, זיינען צו־פרידען געווען, ווען זיי האָבען געקאָנט פארזאָרגען זיך מיט אלעם וואָס איז אבסאָלוט נויטיג; און זייער הויפט פארלאנג איז געווען, צו קאָנען לעבען א שטילען, רואיגען לעבען קערפערליך און גייסטיג.

היינט אָבער איז די יאָגעניש נאָך רייכטום אן אלגעמיינע קראנקהייט. די אורזאך דערפון איז, ווייל די עקאָנאָמישע אומ־שטענדען האָבען זיך געביטען. אמאָל איז די וועלט ניט אזוי רייך געווען ווי איצטער, און די רייכקייט איז געלעגען אין די הענט פון איינצעלנע מענשען; און אממייסטען איז דאָס רייכטום אי־בערגעגאנגען בירושה פון עלטערען צו קינדער. דער מענש האָט גאָר ניט געהאט די געלעגענהייט צו ווערען זעהר רייך; און ער האָט זעלטען געזעהן אן אמדער מענשען, וועלכער איז געוואָרען זעהר רייך. היינט אָבער, מיט דער ענדעקונג פון נייע לענדער, מיט דער עקספּלואטירונג פון אלע רייכטימער פון דער נאטור, מיט דער אנטוויקלונג פון די גרויסע אינדאָסטריען און מיט דער אויפ־בויאונג פון גרויסע שטעט, האָבען מענשען באקומען די מעגליכקייט רייך צו ווערען. ווער עס האָט נאָר פארשטאנען דעם קונץ פון פארכאפּען, פון עקספּלואטירען סיי די נאַטור און סיי דעם מענשען, זיינען זיי רייך געוואָרען. איבערהויפט דאָ אין אמעריקע, און נאָך מעהר אין דער צייט פון דער לעצטער שרעקליכער וועלט־מלחמה (1914—1918) זיינען פיל מענשען זעהר רייך געוואָרען. קיינמאָל האָט די וועלט ניט געהאט אזוי פיל רייכע מענשען ווי איצטער; דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער אפּעטיט צו ווערען רייך האָט זיך אזוי שטארק אנטוויקעלט. ווען מען זעהט אזוי פיל טויגעניכטסען אונוויסענדע זיינען רייך געוואָרען, טראכט מען זיך: „איך מעג דאָך אויך זוכען מיין גליק, אז איך זאָל אויך

קאָמען געניסען אין לעבען פון די אַלע פאַרגעניגענס, פון וועלכע עס ווייסען נאָר די רייכע"; און אַזוי האָט זיך פאַרשפּרייט די עפּידעמיע פון יאָגענים נאָך רייכטום; און איבערהויפּט צווישען דער יוגענד.

א יונגער מאַן, וואָס אים פעלט דער אייזערנער כאַראַקטער פון אַן אַוואַנטוריסט, און ער באַזיצט ניט די פעאיגקייטען, וועלכע זיימען נויטיג צו אַן אונטערנעמונגס־גייסט; און ער באַגרייפט ניט, אַז אין היינטיגער עקאָנאָמישער אָרדנונג איז דער שיקזאַל פון דעם מיטעל־קלאַס אין די הענט פון די גרויסע קאַפּיטאַליסטען; און אָט מיט די אַלע פעלערען לאָזט ער זיך אין דער יאָגענים נאָך רייכטום. ניט קענענדיג שווימען וואַרפט ער זיך אַריין אין דעם שטורמדיגען ים פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, און מוז מיט זיינע שוואַכע קרעפטען ראַנגלען זיך מיט די ברויזענדע וועלען; מיט א שרעקליכער פאַרצווייפלונג קעמפען צווישען לעבען און טויט; און נאָר א קליינע צאָל פון זיי דערגרייכט צו א ברעג. די מערסטע אָדער זיי ווערען דערטרונגען, אָדער די וועלען שליידערען זיי אַרויס צובראָכענע קערפּערליך און גייסטיג.

איך וויים פון יונגע לייט, וועלכע זיינען באַזעסען שיינע זיטען, ריינע פאַרלאַנגען, איידעלע שטרעבונגען, א שטאַרקע ווילענס־קראַפט און אַן אוצר מיט ענערגיע. אַזעלכע יונגע מענשען אונטער א גערעכטיגער סאָציאַלער אָרדנונג וואָלטען געווען מיצליכע מענשען פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט, און וואָלטען קאָנען לעבען א שיינעם רואיגען מענשליכען לעבען; און היינט, אין די יאָגענים נאָך רייכ־טום, פאַרשווענדען זיי זייער צייט און עמערגיע, זייערע געפילען און זייער פאַרשטאַנד, אַלעם פאַרשווענדען זיי אין דעם ווילדען געיעג נאָך רייכטום. ווי ווילדע הונגעריגע חיות לויפען זיי אַרום. גוטע מענשען ווערען שלעכטע, אמת'ע ווערען ליגנער, ערליכע ווע־רען שווינדלער, דער צוועק באַרעכטיגט אַלע מיטלען.

און ווי שרעקליך איז דער דורכפאַל פון אַזעלכע מענשען!...

יעדער מענש מיט אָפענע אויגען און מיט א קלאָרען פאַר־שטאַנד, אויב ער וויל ניט זיך אַליין נאַרען, מוז ער קומען צו דער איבערצייגונג, אַז די איצטיגע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרדנונג איז דער קוואַל פון שלעכטס, וואָס עס ווערט פאַרגיפטעט דעם מענשענ'ס משמה, עס ווערען פאַרדאָרבען זיינע בעסטע געפילען, און פאַר דעם

גרעסטען טייל מענשען ווערט דער גאנצער לעבען פארפינסטערט און פארביטערט.

4. די גייסטיגע אומאָרדנונג. — ניט נאָר אין דעם מאַ־טעריאלען צושטאנד פון דער מענשהייט הערשט אזא אומאָרדנונג, נאָר אויך אין דעם גייסטיגען צושטאנד הערשט א שרעקליכער כאאָס, א תוהו ובוהו. די אלטע פעסטונגען האָט מען צובראָכען און קיין נייע האָט מען נאָך ניט אויסגעבויט. איז דער מענש גע־בליבען עלענד, אומבאשיצט.

די וועלט איז אימער געווען א שטורמדיגער ים, און דעם מענשעמ'ס לעבען איז אַלעמאָל געווען א שווערע ריזיקאלישע רייזע; אָבער דער מענש האָט געהאט א קאפּיטאן אויפ'ן שיף, ער האָט געהאט אויף וועמען צו פארלאָזען זיך, ער האָט געהאט א גאָט. היינט אָבער האָט ער קיינעם ניט. די מערסטע מענשען זיינען גאָטלאָז, זיי לעבען אָהן גלויבען, אָהן בטחון; זיי פעלט אינגאנ־צען די גייסטיגע לעבענס־קראַפט, זיי האָבען פארלאָרען דעם לע־בענס־וועג, בלאָנדזשען ארום פארצווייפעלט, אומרואיגע געפילען שטורמען אימער אין זייערע נשמות, און די מענשהייט זינקט וואָס ווייטער אלס טיפער אין דעם אָפּגרונד פון זינד. קיינמאָל זיינען נאָך ניט געווען אזוי פיל אומפארשעמטע חוצפה'דיגע פארברעכער ווי יעצט. מענשען האָבען מיט אין זיך קיין הייליגקייט, קיין ער־האבענקייט פון גייסט, און קיין צוטרויען צו מענשען. מען קוקט איינער אויף דעם צווייטען מיט האס. די גאנצע וועלט איז ארומ־געכאפּט מיט א פארביטערטער פיינדשאפט, א פיינדשאפט צווי־שען איינצעלנע מענשען, צווישען לעמדער און פעלקער, צווישען פארשיידענע קלאסען און פארשיידענע ריכטונגען. די ווילדסטע אינסטינקטען האָבען זיך צושפּילט, און מען זוכט נאָר מיטלען ווי צו פארניכטען איינער דעם צווייטען.

די גאנצע מענשהייט לעבט יעצט איבער א טראגישע איבער־גאנגס־צייט. אונזער ציוויליזאציע האָט מיט איר גרויסען פאָרט־שריט אין דער וויסענשאפטליכער וועלט נאָר אויסערליך אביסעל באקוועמער געמאכט דעם לעבען, אָבער אינערליך, אין דעם מענ־שענ'ס נשמה, איז געוואָרען פוסט און וויסט. מיט אונזער פאר־שטאנד קאָנען מיר קריטיקירען, פאָרשען און אנאליזירען, אָבער מיר קאָנען ניט געפינען קיין רואיגקייט פאר אונזער נשמה. דער בעסערער מענש בעמקט מיט א שמערצפולער בענקשאפט נאָך א

העכערען זין אין לעבען, און נאָך א שענערען צוזאמענבונד צווי־שען אים און דער גאנצער וועלט. אזעלכע מענשען פילען און פארשטייען, אז עס מוזען קומען גרויסע ענדערונגען אין דעם גאנ־צען געזעלשאפטליכען לעבען, אום צו מאכען דעם לעבען מעמשלי־כער; און אַט די בעסערע מענשען ווענדען אָן אלע זייערע קרעפ־טען צו לייזען די שווערע פּראָבלעמען ווי אזוי צו פארזיכערען די מענשהייט מיט א רואיגער בעסערער צוקונפט.

5. די אַלגעמיינע צוקונפט. — וועגען דער צוקונפט אין אַלגעמיין איז שווער צו זאָגען באשטימט ווי אזוי דאָס וועט זיין; אָבער יעדער דענקענדער מענש איז איבערצייגט, אז ווייטער קאָן די וועלט אזוי ניט עקזיסטירען. עס מוזען פאָרקומען גרויסע ענ־דערונגען אין דעם גאנצען געזעלשאפטליכען לעבען; און ווער ווייס צו וואָס דאָס קאָן פירען אין דער גיכער צוקונפט? מיר האָבען דאָך אזוי פיל פינסטערע קרעפטען, וועלכע קאָנען דערוייל ארוים די זיגער אין דעם קאמף. עס איז דאָך מעגליך, אז אויף דער וועלט זאָל זיך ווייטער פארשפרייטען דער ווילדער פאנאטיזם, און מען זאָל באקעמפען יעדען פרייען געדאנק.

און אפילו צווישען דער בעסערער מענשהייט הערשען אויך אנטגעגענגעזעצטע ריכטונגען, זעהר גרויסע פארשיידענהייטען אין מיינונגען, אנזיכטען און אידעען; און די פראגע איז, ווער וועט ווערען דער פירענדער אידעאל? ווען מיר נעמען נאָר די סאָציאַ־לע פראגע זעהען מיר ווי פארשיידען עס זיינען די מיינונגען וועגען נייע סאָציאלע רעפאָרמען. אייניגע זאָגען, אז פריער מוז מען דעם מענשען דערהויבען צו א הויכען מאָראל, און נאכער וועט מען קאָנען מאכען ראדיקאלע ענדערונגען אין אונזער לעבען. זיי זאָגען, אז די גערעכטיגקייט אין פראקטישען לעבען קאָן קומען נאָר דאַן, ווען דעם מענשענ'ס געוויסען און זיין מאָראלישער באוואוסטזיין וועט דערוואקסען דערצו. קומען אנדערע און זאָגען, אז אונטער היינטיגע אומשטענדען קאָן מען ניט דערהויבען דעם מענשען צו א הויכער מאָראל, וויל אונזער יוגענד ווערט ערצויגען אונטער דער אויפזיכט פון דער קאפּיטאליסטישער אָרדנונג, און פון קינד־וויז אָן פלאנצט מען איין אין זיי א געפיל פון אכטונג צו דעם גרויסען קאפּיטאליסט; און מען דערציילט דער יוגענד, אז אלע האָבען די געלעגענהייט צו ווערען רייך. אזוי פארגיפטעט מען די נשמות פון דעם יונגען דור, און מען קאָן ניט ערווארטען פון זיי,

אז זיי זאָלען זיין די שאפער פון ראדיקאלע עמדערונגען, דעריבער ווילען די עקסטרעמע ראדיקאלען, אז מען זאָל מאכען מיט א מאָל אן איבערקערענים, ניט קוקענדיג אויף די גרויסע קרבנות, וואָס וועלען פאלען פוןביידע זייטען.

קומען אנדערע, וואָס זיינען ניט איינשטימיג ניט מיט די ערשטע, וואָס ווילען ווארטען צו לאנג, און ניט מיט די צווייטע, וועלכע ווילען מאכען מיט אמאָל אן איבערקערענים. זיי ווילען, אז ענדערונגען זאָלען דורכגעפירט ווערען ביסלעכווייז. ערשטענס, זאָלען אלע רייכטימער פון דער נאטור געקאָנטראָלירט ווערען פון שטאט; זאָל דאָס געזעץ רעגולירען דיווירטשאפט, אז אייניגע זאָלען ניט קאָנען פארברויכען צופיל, און אזא אָרדנונג וועט זיין א פראקטישער שריט צו א נייער געזעלשאפט. מיר קאָנען מיט זאָגען מיט זיכערהייט וועלכע ריכטונג די מענשהייט וועט אָננע־מען, אָבער מען קאָן זאָגען מיט זיכערהייט, אז גרויסע ענדערונגען וועלען קומען אין דער גיכער צוקונפט.

5. דער איד אין דער צוקונפט. — דער איד, וואָס האָט אין דער פארגאנגענהייט געבראכט זיין גרויסען בייטראג צו דער מענשהייט, האָט נאָך פיל בייצוטראָגען אין דער צוקונפט. אין דער איבערבויאונג פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען דארף דער איד זיין איינער פון די בעסטע בויער. יעדער באוואוסטזיניגער איד טראָגט אין זיך דעם אידעאל פון א בעסערער צוקונפט. ביי דעם רעליגיעזען אידען איז איינע פון די וויכטיגסטע דאָגמען דער גלויבען אין א בעסערער צוקונפט, זיין משיח אידעע איז ניט נאָר פאר דעם אידישען פאָלק, נאָר פאר דער גאנצער מענשהייט. ביי דעם מאָדערנעם אידען האָט זיך די האָפנונג אויסגעדריקט אין דעם ציוניזם, אז דער איד זאָל האָבען א היים, וואו ער זאָל קאָנען פריי אנטוויקלען זיין קולטור; און ער זאָל קאָנען דינען אלס א גוטער ביישפיל ווי אזוי מענשען זאָלען לעבען; און אונזער לערע פון גערעכטיגקייט און גלייכהייט צווישען אלע מענשען זאָל דינען אלס א וועג־ווייזער.

און אונזערע ראדיקאלען, וועלכע ווילען ניט וויסען פון נא־ציאָנאליזם און פון אידענטום, פילען גאָר ניט, אז זייער אומבא־גרעניצטע איבערגעבענהייט צו דער אידעע פון סאָציאלער גערעכ־טיגקייט, און זייער טיפער ערנסטער געפיל פאר גלייכהייט צווי־שען מענשען קומט דערפון, וואָס אין זייערע אָדערען פליסט א

פיר טויזענט־יאָריגע קולטור, וועלכע האָט געלערנט די העכסטע סאָציאַלע גערעכטיגקייט.

צו וועלכען קלאַס אידען מיר זאָלען ניט געהערען, אויב מיר זיינען נאָר ערליך, ערנסט און אויפריכטיג, וועלען מיר צוגעבען, אז אין דער איבערבויאונג פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען וועט דער איד געוויס שפּילען א וויכטיגע ראָלע. ער וועט געוויס זיין איינער פון די בעסטע בויער פון דער נייער געזעלשאַפט, ווייל ער האָט די ערפאַרונג פון טויזענטער יאָרען, ער איז דער עלטסטער פון אלע ציוויליזירטע פעלקער, ער האָט געהאַט די געלעגענהייט מער פון אלע פעלקער צו באָבאַכטען און לערנען די וועלט און די מענשען, ער איז מער פון אלע נאציאָנען געקומען און קומט יעצט אין בארירונג מיט פארשיידענע מענשען פון דער גאנצער וועלט, און ער האָט אריינגעזאַפּט אין זיך פון אלע בעסטע קולטורען. אָט די אלע ערפאַרונגען און פּראַקטיק אין לעבען, וועט ער צוזאַמענ־בינדען מיט די הויפּט פּרינציפּען פון אידענטום, וועלכע זיינען געבויט אויף סאָציאַלע גערעכטיגקייט, צו וועלכע עס שטרעבט יעצט די בעסערע מענשהייט; און די פאַראייניגונג פון אזא פּראַקטיק מיט אזא טעאָריע וועט געוויס ברייגנען די שענסטע און בעסטע רעזולטאַטען.

דער דענקער משה העם האָט געזאָגט: „דער איד באַזיצט א גייסטיגע אייגענשאַפט צו באַשאַפען געזעלשאַפטליכע מייעס אין דער וועלט, 5).

דער אמעריקאנער געלערטער פּראָפעסאָר מעקקענזי זאָגט: „די אידישע מאָראַל וועט פון ריינעם נאציאָנאַלען כאראקטער ווע־רען אן אלוועלטליכע מאָראַל צוגעפּאַסט צו אלע צייטען און צו אלע מענשען, 6).

דער דייטשער געלערטער דר. פראַנץ וואַהלטער זאָגט: „טויזענ־טער יאָרען זיינען אריבער זייט די שטימע פון די נביאים האָט אויפ־געהערט צו קלינגען; אָבער די וואַרהייט, וואָס זיי האָבען געלאָזט הערען, איז אייביג. זי שטייט העכער פון אלע צייט־ענדערונגען. אויך אין צוואַנציגסטען יאָרהונדערט קאָמען אָט די וואַרהייטען ברייגנען א רעטונג און פרידען צו דער אומרוהיגער מענשהייט“, 7)

5) משה העם, רומא וירושלים, ע. 118.
6) Prof. J. S. Mackenzie, Manual of Ethics, p. 124.
7) Dr. Franz Walther, Die Prophets in Sozialen beruf, p. 9.
ראה השלוח, כרך ח, עמוד 390.

מיינע ליבע אייניקלאך. וואס שטארקער עס וועט אין אייך זיין די אידישע גייסטיגע אייגענשאפט, וואָס משה העס האָט דערמאנט, וועט איר אלץ מער קאָנען שאפען פאר דער נייער געזעלשאפט; און וואָס מער איר וועט אָפּהיטען די אידישע מאָראל פון א ריינעם נאציאָנאלען כאראקטער, ווי פּראָפעסאָר מעקקענזי האָט זיך אויסגעדריקט, וועט אַלץ שנעלער די מאָראל ווערען אן אלוועלטליכע מאראל צוגעפאסט צו אלע מענשען.

אין דער וועלט־געשיכטע איז דאָס אידישע פאָלק אַ פּיאָנער פאר א מאָראלישער וועלט־אָרדנונג, אונזער העכסטע נאציאָנאלע אויפגאבע דארף זיין ארייגברייגען אין דער וועלט די מאָראל פון אונזער תורה, וועלכע איז שטארק און אייביג ווי די געזעצען פון דער נאטור, וועלכע איז אַ לערע פון לעבען און אמת. און מיר דארפען דורכפירען אונזערע אידעען מיט טאטען און ניט מיט ווערטער אַליין. מיר מוזען פארקערפערען אונזער גייסט אין אַ לעבעדיגען ביישפּיל. יעדערער פון אונז דארף שטרעבען צו לעבען א מאָראלען לעבען, און אונזערע באציאונגען צו יעדען מענשען דארפען זיין מיט ליבע און גערעכטיגקייט.

איך פארענדיג מיין בוך מיט דעם גלויבען, אז איר, קינדערלאך, פארשטייט די גרויסע אויפגאבע און פליכט, וואס אונזער וואונדערבארע געשיכטע האָט אויף אונז ארויפגעלייגט, און איך האָף, אז איר וועט אָנווענדען אלע אייערע קרעפטען צו לערנען, צו פארטיפען זיך, צו פארשטיין און צו פאָלגען די אמת׳ע לערע פון אידענטום, די לערע, וועלכע וועט אין אייך איינפלאנצען די אידישע מאָראל, און דאן וועט אויף אייך מקוים ווערען, וואָס אונזערע חכמים האָבען געזאָגט: „אל תקרא בניך, אלא בוניך“, דאָס מיינט, אז איר וועט זיין די בויער פון א שיינער וועלט פאר אייער אייגענעם פאָלק און פאר דער גאנצער מענשהייט.

# אינהאלט נאָכ'ן א"ב

פינסקי־מזל פּרעס, אינק.
84 באוערי, ניו יאָרק.